# אונדזער בייטראג

ערשטער יידישער זאמלבוך אין בראזיל

רעדאַקטירט דורך א קאָלעגיום

ארויסגעגעבן פונעם יידישן שרייבער-קרייז אין

ריאָ דע זשאנייראָ

1956

# אונדזער
# בײטראג

ערשטער יידישער זאמלבוך אין בראזיל

ארויסגעגעבן פונעם יידישן שרייבער-קרייז אין
ריאָ דע זשאניירא

1956

# אינהאלט:

## דערציילונגען:



## לידער און פּאָעמעס:



## עסייען:



## זכרונם לברכה

# הקדמה

אויב ניט אלע מאָל, איז דאָס מאָל די הקדמה א נויטיקע. עס האַנדלט זיך קודם כל וועגן א נייעם שריט אינעם היגן יידישן לעבן, אָדער אינעם היגן יידיש־געדרוקטן וואָרט, וואָס דארף באגלייט ווערן פון א געוויסן פירוש.

אונדזער בייטראָג איז דער נאָמען פונעם ערשטן יידישן זאמלבוך אין בראזיל. אז איר ווילט, מיינט עס דער בייטראָג פונעם בראזיליאנער יידנטום צו דער יידי־שער קולטור; אז איר ווילט, איז עס דער צושטייער פונעם היגן שרייבער־קרייז, וואָס איז דער ארויסגעבער פונעם זאמלבוך, און אַז איר ווילט, איז עס דער ביי־טראָג פון די אָרטיקע יידיש־שרייבערישע כחות, וואָס קומען דאָ צום אויסדרוק. ווי די זאך זאָל ניט זיין, דארף אָבער געזאָגט ווערן, אז דעם נאָמען „אונדזער בייטראָג" איז אפשר באשערט צו ווערן א קולטור־פאקטאָר אינעם יידישן לעבן אין דעם לאנד. האָבן מיר ניט ברעה דעריבער צו לאָזן דעם ערשטן יידישן זאמל־בוך אין בראזיל ווי א בן יחיד, מיר האָפן, פארקערט, צו ציען ווייטער דעם פאָדעם און אונטער דעם דאָזיקן נאָמען אויפשטעלן א געוויסע אכסניה פארן היגן יידישן שרייבער, פארן היגן שעפערישן וואָרט, וואָס קען, אין זיין סאמע באשיידנקייט, עפּעס מוסיף זיין צו די יידיש־ליטערארישע ווערטן אין דרום־אמעריקע, לפּחות.

ווי דער ערשטער יידישער זאמלבוך אין בראזיל, האָבן מיר פארשטאנען אז אין אים איז וויכטיק דער לאָקאלער קאָלאָריט, אז אין אים דארפן קומען צום אויס־דרוק בעיקר, יידיש לאָקאלע טענער, און הגם מיר זיינען ניט זיכער צי איז די אויסגאבע אין דעם פּרט געראָטן אין דער פולער מאָס, ווייסן מיר אָבער אז איר יידיש־בראזיליאנער אידענטיטעט איז אויסער יעדן ספק.

פון דער אנדערער זייט, ווידער, טראָגן אויך די ארבעטן פון אלגעמיין־יידישן תוכן דעם בראזיליש־יידישן חותם, וויבאלד זייערע מחברים זיינען אָרטיקע. מיר מיינען בכלל, אז אויב א פעריאָדישע, אָדער ציימונגס־אויסגאבע מוז דינען, צום געטרייסטן דעם לאָקאלן אמביענט, קען ניט זיין אזוי דער פאַל מיט א זאמלבוך, ווו דער טראָפּ דארף געשטעלט ווערן אויפן יידישן וואָרט און יידישן געדאַנק.

אפשר ליגט גאָר דער עצם זין פון די געזאמלטע ארבעטן אין דעם, וואָס זייט ביי זייט מיט א ליד „קאָפּאַקאַבאַנאַ" איז אויך פאראן א צווייטס ווי „ה. היינע",

וואָס זייט ביי זייט מיט דעם פראַגמענט פון דער רמב"ם־איבערזעצונג איז פאַראַן אַן עסיי ווי „סאָציאַלע דינאַמישקייט און ליטעראַרישע סטאַטישקייט", און וואָס זייט ביי זייט מיט „חנה די פּאַפּקאָוויצער", האָבן מיר אויך „נחת פון אייניקלעך" און „אַלבום".

אונדזער רצון איז אוודאי געווען גרעסער. אויב „אונדזער בייטראָג" נעמט אַרום אַ רעלאַטיוו־קליינע צאָל יידישע וואָרט־זאָגער, איז עס אָבער דערווייל דאָס בעסטע וואָס מיר פאַרמאָגן דאָ, אין בראַזיל.

עס דאַרף ווייטער געשפּייזט ווערן דאָס יידישע וואָרט, עס דאַרף ווייטער גענערט ווערן דער יידישער געדאַנק, און צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע שארית'ן, וואָס טוען דאָס בעסטע און מעגלעכסטע פאַר דער ירושה־שליחות, וואָס מיר האָבן איבערגענומען נאָכן חורבן פון שעפערישן אייראָפּעאישן יידנטום, לייגן מיר אויך צו אַ ציטערנדיקע האַנט אויס יראה פאַר דער אויפגאַבע, אָבער מיט דעם באַוווסטזיין אַז מיר שטעלן זיך צו דינסט דער דאָזיקער שליחות אין הסכם מיטן בעסטן פון אונדזערע כחות.

די רעדאַקציע.

# א דאנק

מיר קענען ניט שליסן דעם ערשטן יידישן זאמלבוך אָן אויסצודריקן אונדזער הארציקן דאנק די יעניקע, וואָס האָבן מאטעריעל געהאָלפן צו זיין פארווירקלע־כונג אויף א קענטיקן אופן. מיר מיינען דאָ קודם כל אונדזער רעדאקציע־מיטגליד, הערש שווארץ, וואָס האָט געלייגט דעם יסוד צו דער דאָזיקער אויסגאבע, ווען ער האָט כאר איר געשפענדעט די הכנסה פון זיין בוך „אָנהייב“. דער דאָזי־קער דאנק שפרייט זיך אויס אויך אויף די וואָס האָבן געארבעט ביים פארשפריי־טן דאָס דערמאָנטע בוך, און דאָס זיינען כמעט אלע מיטגלידער פונעם היגן יידישן שרייבער־קרייז.

דאן באציט זיך אונדזער דאנק אויף דעם באקאנטן פאפיר־מאַגנאט און ישראל־ערן־קאָנסול אין סאן פאולאָ, ה׳ לעאָן פעפער, וואָס האָט געשפענדעט דאָס פאפיר פון „אונדזער ביימראָג“, און אהרון־אחרון די חברה קדישא פון ריאָ דע זשאנייראָ, וועלכע האָט פאר דעם בייגעשטייערט די סומע פון צען טויזנט קרוזייראָס.

# חנה די פּאָפּקאָוויצער

מיין פרומער מומע רבקה'לע לזכרון

35 יאָר איז חנה דעמאָלט אַלט געווען, ווען זי האָט אין א ווינטערדיקן שבת־צו־נאַכטס זיך שטיל ארויסגעשלייכט פון רבקה'לעס שטוב כדי צו פאַר־ווירקלעכן אירס א לאַנגסטיקן חלום.

אין א וואַרעמער שובע, באַרכאַנטענער האַלקע, גרויער דערע ארום גע־גאָלטן קאָפּ האָט די אויסגעמאַטערטע חנה אויסגעקוקט פון א יאָר זעכציק.

דאָס קליינע שטעטעלע קראָשניק, איז געלעגן א מוצאי־שבת'דיקס, א שטילס, פאַרדרימלטס, אַן איינגעטוליעטס אין א בלאַנקנדיקן שניי. חנה'ס פאַר־באַבליעטער געשטעל האָט געוואָרפן טונקעלע שאָטנס אויף דער בלענדיקער ווייסקייט. אירע שווערע טשיזמעס האָבן הויך געסקריפּעט, איבערגעלאָזט מגושמדיקע פיגורן אויפן פאַרשנייטן ברוק און א טעמפּן ווידער־קול אין דער קאַלטער לופט.

א געדיכטע שורה קאַשטאַנען־ביימער, אין ווייסן שניי געפּעלצטע האָבן אויסגעקוקט, גלייך א קייסערלעכע גוואַרדיע וואָלט דאָ געהיטן דעם ליידיקן וועג, ווען א גרויסער שררה דאַרף באַלד פאַרבייציפאָרן... חנה'ס ברייטע טריט האָבן זיך פאַרנומען צום שמאָלן יאַמע־געסל, ווו נידעריקע שטיבעלעך מיט מאָ־כיקע שינדל־דעכער האָבן אין דער ווייסער אויסגעשטערנטער נאַכט אויסגע־קוקט, ווי אונטער בערג מיט פרישן מעל פאַרקאָפּעטע. ביי א קליין געהויקערט הייזקעלע, מיט שמאָלע פענצטערלעך און א האַלב־צעבויגענער טיר, האָט חנה שטיל אָנגעקלאַפּט און ניט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער, אָן עפן געטאָן די פאַרזשאַווערטע קליאַמקע. א שטילער גרילץ און א טוכלער ריח האָט א ווייע געטאָן אויף חנה'ס פאַרפלאַמטן פנים.

אין שטיבל איז געווען האַלב טונקל. ביי א לאַנגן נאַקעטן טיש, איז גע־זעסן האַלב איבערגעבויגן אַן עלטערער ייד מיט א גרוי־שפּיציק־בערדל און האָט מיט א געגדזענער פעדער עפּעס געקריצט אויף א ברייטן פאַרמעט. א קליין חלבנע ליכטל האָט געוואָרפן לאַנגע שאָטנס אויף די פיר־קאַנטיק געכתבה'טע אותיות. אין א ווינקל פון שמאָלן חדר האָט רויכיק געקאָפּטשעט א קליין נאַפט־

לעמפל. פון א צעלעכערטן פעסל האָט מאַנאַטאַן געטראָפּט אין א בלעכענעם בעקן אריין. אָפּגעקלאפּט פינקטלעך, ווי אויף נאָטן: טריפּ, טראָפּ, טריפּ, טראָפּ.

— „א גוטע וואָך אייך ר׳ יעקב".

האָט די שעמעדיקע חנה מיט א נידעריקער שטימע און אין גרויספּאָרכטיקייט שטיל אויסגערופן.

מיט פּלוצלינגער שרעק האָט דער שטעטלשער סופר אויפגעהויבן זיינע פאַרראָסטע אויגן פונעם אויסגעשפּרייטן פּארמעט און מיט נאָך גרעסערער פארוואונדערונג געגומען שטאַמלען:

— „השמרנו, עמיין איז דאָ געקומען? וואָס האָט עין געוואָלט?"

חנה אליין פונוויטנס, ניט געוואַגט זיך צו דערנענטערן נאָר מיט אן אונטערטעניק קול צוריקגעשטאַמלט:

— „יאָ געקומען. יעך חנה די פּאָפּקאָוויצער. גיקימען וועגן א הייליקער זאך" - - האָט זי זיך פּלוצים אָפּגעשטעלט, טיפער אָפּגעאָטעמט און געגומען ציילן די ווערטער איינציקווייז:

— „יעך וויל עין זאָלט מיר שראַבן א ספר-תורה פאַר דער שיל".

— „רבונו דעלמא כולא! א ספר-תורה?" — האָט ר׳יעקב פארחידושט איבערגעפרעגט און באלד א טראכט געטאָן: — נעבעך, אראָפּ פון זינען דידאָזיקע אומגליקלעכע עגונה, משוגע געוואָרן פאר צרות...

— „יידענע, גיין ענק געזינטערהייט"! — האָט דער צעטומלטער סופר איר שטרענג א זאָג געטאָן און צוגעגעבן מיט א קול פול רחמנות: — „השם יתברך וועט זיך נאָך איבער ענק מרחם זיין, זיי דיך ניט מייאש חנה" — האָט זיין הארים קול איר געגלעט און געטרייסט. געזען אָבער, אז חנה שטייט, ווי פארגליווערט, רירט זיך ניט פון אָרט. אירע פארשאָטנטע אויגן קוקן ווי פארכישופט צום אָפענעם פּארמעט און פון אירע טונקעלע וויעס נעמט גאָר טריפן ווי פון א צעטאַפּיעט ליכט איז ר׳ יעקב׳ס הארץ א ביסעלע ווייכער געוואָרן:

— „וואָס הייסט" — האָט ער געגומען רעדן מיט א גמרא-ניגון — „א יידענע וויל לאָזן שרייבן א ספר-תורה? עין האָט שוין אמאָל אזעלכים גיהעיעט?"

— „איז דען אַזעלכים פארבאָטן?" — האָבן חנה׳ס בלווילעכע ליפּן לייכט אונטערגעציטערט.

— „פארבאָטן"? — האָט דער סופר ווי זיך אליין א פרעג געטאָן און געגומען קנייטשן זיין געדינצלטן שטערן, גלייך ער וואָלט זיך אליין געוואָלט דערמאַנען אין אזא מין דין און ארויסגעניגנט, זיך האלטנדיק מיט א האנט ביי דער גאָמבע:

— „פארבאָטן איז טאָקע נישט, נאָר סתם אזוי — ניט געהערט געוואָרן אזא אויסטערלישע זאך און דער עיקר — ס׳קאָסט דאָך א מטמון מיט געלט! און ווו וועסטו דאָס נעמען אזא ריזיק פארמעגן?

שטיל, אָן א וואָרט צו פארלירן, האָט חנה אַראָפּגענומען א פּאַרקניפּטן זע־קעלע פון איר ארומגעהילטן האַלדז, אוועקגעלייגט ביים סופר אויפן טיש און מיט א פארטרערטן קול זיך א ביסל געשטיקט ביים רעדן:

— „צוואַנציק יאָר האָב איך אויף דעם געהאָרעוועט. צוואַנציק יאָר גע־לייגט א גראָשן צו א גראָשן. צוואַנציק יאָר נישט געוואָלט וויסן פון קיין שום עולם הזה, ווי נאָר דאָס, אז ווען די שעה וועט באַשעה'ן, ווען איך וועל לייגן דעם קאָפּ צו מיינע הייליקע אָבות, זאָל פאַרבלייבן נאָך מיר א ספר־תורה אין שיל".

ר' יעקב'ס האַלב-גרויער קאָפּ האָט זיך א וואַקל געטאָן אין דער ברייט. זיינע טריפנדיקע קאַליע־אויגן, געהילטע אין צוויי פאָר פאַרדראָטנטע גלעזער זיינען פלוצים פאַרלאָפן געוואָרן, ווי ווינטערדיקע טאָפּל־פּענסטער נאָכן אויפ־שיינען פון דער זון. און דורך דערדאָזיקער פאַרנעפּלונג האָט ער א דורכדרינג־לעכן בליק געוואָרפן אויף חנה'ס קיילעכדיקן פנים פון וואַנעט עס האָבן זיך בלויז ארויסגעזען אירע שוואַרצע, ווי מיט פייער אָנגעצונדענע אויגן, וואָס מיט זייער שניידיקן גלאַנץ האָבן אַדורכגעבויערט ר' יעקב'ס צוויי פּאָר ברילן, טיף אריין אין זיינע אויפגעפּראַלטע שוואַרצאַפּלען וואָס האָבן באלד צוריקגע־שטראַלט מיט אָפּשיי, מיט באַוווּנדערונג און שוין אָן א שמץ פון ספק, נאָר מיט טיפן גלויבן אין חנה'ס רייד איר באלד גענומען פארגלייכן צו דער הייליקער חנה... צו שרה, רבקה, רחל און לאה.

און חנה — אזוי שטיל ווי זי איז אריין, אזוי צניעות'דיק איז זי צוריק ארויס. נישט מער, פאר גרויס שמחה האָט איר אָפּגעשוואַכט הארץ א ביסל שטאַרקער געקלאַפּט. פאר דאָס זיינען אירע שווערע טשיזמעס איצטער גרינ־גער געוואָרן, אזוי לייכט, אז חנה האָט פּשוט געשוועבט אין זיי און די געדיכטע שטערן אין הימל האָבן איר העל באַלויכטן דעם קלאָרן וועג. אויך דער געפרוי־רענער שניי איז איר איצטער געוואָרן, ווי א ווייכער פּלושענער טעפּיך...

צוריק אין שטוב, האָט חנה בלויז פאר רבקה'לען צעפּראַלט איר פריידיק האַרץ. ארויפגעפאַלן אויף איר, געכליפּעט אויפן קול און מער ניט געקענט ארויסברענגען ווי:

— „רבקהשי, רבקה־לעבן, רבקהניו".

א דערשראָקענע האָט איר רבקה'לע אָנגעכאַפּט פאר די הענט:

— „וואָס איז געשען חנה?! וואָס ביסטו אזוי צעטומלט? — אפשר האָס־טו געפונען דיין „ראָזבויניק" וואָס האָט דיר אזוי פארפינצטערט דיין לעבן"? — האָט רבקה'לע געפרווּווט טרעפן.

— „ניין, רבקה'שי" — האָט חנה פריידיק אויסגעשריגן און גענומען אביסל קומען צו זיך:

— „ניין, נישט מער פינצטער מיין לעבן. ס'איז מיר שוין לעכטיק, זייער לעכטיק, כ'וועל מיט גאָטס הילף פירן א ספר־תורה אין שיל אריין"...

*  *
*

„פּאָפּקאָוויצער" האָט מען חנהן גערופן דערפאר, ווייל זי איז געבוירן געוואָרן אינעם פוילישן דאָרף „פּאָפּקאָוויצאַ". געכאָוועט ביי א טאַטן אן אָרעמען פּאַכטער, וועמענס קליינע איינגעשרומפּענע ווייבעלע האָט פון איר קוים אָנזעעוודיקן בייכל ארויסגעגעבן צען געזונטע דאָרפישע יונגען, מיט נייגונג צו פערד, אָקסן און אַנדערע דאָרפישע פראַצע. זייער עלפטע און לעצטע קינד איז געווען חנה. און מאָדנע, בעתן טראָגן מיט חנהן, האָט זיך דער פּאַכטערקעס קליינער טראַכט אזוי גרויס צעוואַקסן, גלייך איר באנומענער געשטעל וואָלט געמאַכט א ברייטע וואַרע פאר דעם נייעם נפש וואָס האָט נאָך גערעמלט אין איר איינגעווייד. שפּעטער האָט זיך חנה אויך אַנדעריש געכאָוועט. תמיד געווען שטיל, פארחלומט. ליב געהאַט זיך שפּילן אליין אין פעלד. גאַנצע שעה'ן אָפּגעזעסן אונטער א צעוואַקסענעם בוים, ביי שטילע טייכלעך, און צו שפּראָצנדיקע בלומען האָט חנה ממש תפילה געטאָן.

אויף ראש השנה, יום־כפּור, פלעגט חנה, צוזאַמען מיטן גרויסן געזינדל פאָרן אין שטעטל אריין, מיטגעגאַנגען אין שיל, איינגעזאַפּט אין זיך הייליקע תפילות און אָנשטאָט זיך צו שפּילן אויפן הויף צוגלייך מיט אלע קינדער האָט חנה בעסער ליב געהאַט אראָפּצוקוקן פון דער ווייבער־שול און אריינגעפאַלן אין גרויס עקסטאַז בעת זי האָט געזען ווי מען נעמט ארויס פון קליינעם שענקעלע אזא קיילעכדיקע זאַך... וואָס טראָגט א זילבערנע קרוין מיט קליינע גלעקעלעך... יידן צעווייקלען עס פאָרכטיק, מיט אזא גרויסער ליבשאַפט, איז אויך אין חנה'ן אריין א הייליקער פחד. איר קליינער גופ'ל האָט קינדיש געציטערט. אירע טונקעלע אויגן פלעגן זיך אָנפילן מיט טרערן און שטיל, פון זיך אַליין, קאַפּיען. אַז חנה איז נאָך די ימים־נוראים אהיימגעקומען פון שטעטל, פלעגט זי לאַנג נאָך בלייבן אונטער דעם איינדרוק פון די אין זיך איינגעזאַפּטע תפילות. ס'רוב, קיינער זאָל ניט זען, זיך אוועקגעשטעלט אין פעלד, מתפלל געווען צו די צעשווייגטע ביימער און טיילמאָל אריינגעפאַלן אין אַזעלכע האַלוצינאַציעס, פון וועלכע זי פלעגט שפּעטער דערוואַכן, ווי פון א טיפן חלום.

ווען חנה איז אלט געוואָרן 13 יאָר, איז פלוצים אוועק איר געוויינטלעכע רו... זי האָט אָפטער געגומען פארשווינדן פון שטוב, ארומגעלאָפן א באָרוועסע איבערן פעלד, פרומער תפילה געטאָן צו ציטיקע ביימער... אריינגעכליפּעט איר מאָדנע בענקשאַפט אין רייפע בלומענבייטן און ניט געקענט זיך אין ערגעץ קיין אָרט געפינען:

— „ניט אַנדעריש נאָר עפּעס א ווילדער משהית איז אריין אין אונדזער מייד" — פלעגט חנה'ס מוטער, די פשוטע דאָרפס־יידענע, זיך קלאָגן פאר איר

מאַן: — „אפשר וואָלט מען געדאַרפט איבערצוקוקן די מזוזה׳ס, פאָרן מיט איר צו גוטע יידן, אָדער זי נעמען גאָר צו א רופא?״...

* * *

ס׳איז געווען אין א הייסן תמוז־טאָג. געדיכטע ביימער, פולע מיט צייטיקע פרוכטן, זיינען געשטאַנען אונטערן פאַכטערס פענצטער, שווערע, איבערגעלאָדענע, פאַרשמאַכטע און געוואַרט אויף א פיצל ווינטל וואָס זאָל זיי אָפּפרישן פון דער גרויסער היץ מיט וועלכער דער גאַנצער ארום איז געווען אָנגעלאָדן. אויך די גליענדיקע זון האָט אויסגעקוקט אזוי מיד גלייך אלע אירע פייער־רעזערוון האָבן מיט איין מאָל אויסגעברענט. אויפן מאַט־געוואָרענעם הימל האָבן זיך גענומען ארויסרוקן טונקעלע וואָלקנס וואָס האָבן אנגעיאָגט פון אַלע זייטן און באַלד זיך קאָנצענטרירט אין איין גרויסער געדיכטער כמאַרע, וואָס האָט א בלאָז געטאָן אויפן דאָרף פאַפּקאָוויצאַ מיט בליצן, דונערן, רעגן און שטורם...

פון שטויביקן טראַקט האָט זיך פלוצים באַוויזן א יונגער דאָרפס־גייער, מיט ווינט אין פאַרפלאַמטן פנים, ווינט אין זיינע צעפּאַטלטע האָר, ווינט אין די האַלב־שיקלדיקע אויגן, אויך זיין רירעוודיקער געשטעל האָט אויסגעקוקט, ווי פון א הייסן ווינט געטראָגן...

— „מ׳קען דאָ איבערוואַרטן דעם ווילדן שטורם?״ — האָט ער אויף גיך זיך א ווענד געטאָן צו דער פאַרחלומטער חנה׳ן און גלייך אַוועקגעלייגט דעם זאַק פון זיינע פלייצעס.

— „יאָ מ׳קען״ — האָט חנה אים באַלד פאָרגעלייגט אריינצוגיין אין שטוב. גלייך האָט דער פרעמדער באַמערקט, אז אויף דער שלאַנק־צעוואַקסענער חנה׳ן פענקעט שוין איר גוט פארשפיליעט בלוזקעלע... אויך איר קראַטענע באַרכאַנקע גרייכט שוין פאר אירע קניען... און צו ווען זיך אהיימיאָגן האָט ער אויך ניט געהאַט, איז ער דערווייל געבליבן דאָרטן נעכטיקן...

צומאָרגנס האָט דער שטורם זיך געשטאַרקט און קיינער טרייבט אים חלילה ניט ארויס... בלייבט ער ווידער נעכטיקן און ווען די אויסגעבאָדענע זון האָט שפּעטער צוריק אויפגעשיינט, העל באַלויכטן די אויפגעפרישטע ביימער וואָס האָבן פון זיך ארויסגעגעבן פאַרשיכורנדיקע ריחות פון צייטיקע פרוכטן, איז שוין דעם פרעמדן א רחמנות געווען איבערצולאָזן אן איינזאַם מיידל נעבעך, איינע אַליין אין אַזאַ ווילדן העק... איז מילא — ס׳מיידל האָט ליב ס׳פעלד? גייט ער מיט איר אין פעלד... זי וויל זיך באָדן? — באָדט ער זיך אויך... האָט טאַקע לאַנג ניט גענומען און חנה איז צוריק רואיק געוואָרן... צוריק שטיל, פרום, א צדקת...

ווען דער סופר איז געקומען איבערקוקן די מזוזה׳ס, האָט אים דער פאַטער באַלד א זאָג געטאָן, אז — שוין, ניט נייטיק מער זיין טירחה, שוין פאַרטריבן די משחיתים... די פאַכטערקע ווידער, זעענדיק, אז מיטן פרעמדנס קומען

איז דאָס מיידל געראַטעוועט, האָט שטיל א טראַכט געטאָן: פאַראַן אין שטוב עלף פּיסקעס, וועט זיין נאָך א פרעסער... נאָר ווען ביי חנהן אונטערן פאַרטעך האָט זיך פּלוצים עפּעס גענומען בערגלען... האָבן די כאַפּטע דאָרפישע ברידער א נעם געטאָן דעם צעשראָקענעם „רעטער" פאַר זיין צעווינטיקטער טשופּרינע און אים אריינגעשריגן אין זיינע ממזרישע אויגן:

— „אָדער דו שטעלסט גלייך א חופּה, אָדער מיר מאַכן פון דיר א קופּע!"

האָט דער יונגער דאָרפס־גייער אויסגעקליבן — בעסער א חופּה... נאָר 5 טעג נאָכן ווערן מיט מזל א טאַטע, איז ער פאַרשוואונדן ווי אין וואַסער אריין... האָט חנה געזוכט סגולות ביי גוטע יידן. געזאָגט שפּרוכן ביי צעברויזטע טייכן, דאָרטן אריינגעוואָרפן קרישקעס ברויט, א ציצה פון פאַרשוואונדענעם מאַנס טלית־קטן... אָבער, ס'האָט גאָרניט געהאָלפן... פאַרשוואונדן און פּטור. אויך דאָס פּיצל נעבעך, איז געווען א דריבנענקעס, אן אויסגעדייוועטס. פאַר ווייטיק און צער, איז חנה'ס מילך אין אירע ברוסטן פאַרזויערט געוואָרן. האָט דאָס קינד גיך גענומען זעגן מיטן אָפּגעשוואַכטן הערצעלע, געכריפּעט איבער דער שטוב מיט אַזאַ יאָמערלעכן טרויער, אַז חנה האָט פון זיך שטיקער קלייד געריסן. זיך געבראָכן די הענט און הויך געכליפּעט: — „פאַרוואָס טאַטעשי? פאַר וועלכן, מאַמעניו?"... און אַז דעם קינדס הערצעלע איז אינגאַנצן שטיל געבליבן, האָט חנה שוין ניט געהאַט מער וועמען ליב צו האָבן, וועמען צו דינען, פאַר וועמען זיך מקריב צו זיין... געבליבן אין קלעם אן עלנטע, פאַרבלאָנדזשעטע נשמה... דעריבער האָט זי ווידער גענומען גיין אין פעלד, בעטן צו די ביימער, ווייגען פאַר די בלומען. ווייל חנה האָט געבענקט נאָך עפּעס אין וועלכן זי זאָל זיך קענען אויפלייזן אינגאַנצן, נאָך עפּעס וואָס זאָל זיך לאָזן ליב האָבן... פאַרגעטערן...

דער פאַכטער האָט זיך געבראָכן דעם קאָפּ, זיך געוואָלט דערמאָנען: — „אין וועמען איז זי געראָטן הנה? און פון וואַנעט קומט צו אים אַזאַ אויסטערליש מויד? אויף וויפל ער געדענקט, זיינען זיי פון דור־דורות פּשוטע דאָרפס־יידן, ניט געווען אפילו קיין איין פרומער חסיד אין זייער משפחה. און דאָ — אַזאַ הנה! א „משלחת", וואָס ציט איר נאָר צו תפילות, צו הייליקייטן וואָס פּאַסטן גיכער פאַר א יינגל... אָבער אַזאַ מויד? ס'טע געזען א צרה?"...

און דעריבער האָט דער פאַכטער איינגעזען, אַז זיין אומגליקלעכע 15־יאָריקע עגינה הנה, דאַרף מען וואָס גיכער שיקן אין שטעטל אריין: — „זאָל זי כאָטש ווערן א לייטישע דינסט־מויד".

* *

*

אין שטעטל איז הנה אָנגעקומען אין איין באַרכאַנטענעם קלייד, מיט גראָבע באַלאַפּטשעס אויף אירע דינע פיס. און אַזוי ווי איר געקרויזטער קאָפּ איז שוין ביי ווי געווען אָפּגעגאָלט און איר פאַרביטערט האַרץ — צעבראָכן, האָט זי מער ניט געוואָלט טראָגן קיין שייטל, נאָר אין א פּשוט קאָפּ־טיכל מיט

א גרויער ראַגזשע אויף אירע שמאָלע פּלייצעס, אָנגענומען געוואָרן ביי רבקה׳לע מלכה רחל׳ס אין דער קליינער בעקעריי אויף א שטעלע.

רבקה׳לעס פרומער מאַן, ר׳ חיים מישיקער פלעגט זיצן יומם ולילה, צו־זאַמען מיט זיינע פיר זין, על התורה ועל העבודה. פאַרקלינגען די אָרעמע שטוב מיט תורה-ניגונים פון ש״ס און פוסקים. חנה וואָס האָט פון איר קינדהייט אָן געבענקט, ניט ווייסנדיק אליין פאַרוואָס, נאָך עפּעס אַזעלכעס וואָס זאָל ארויסגיין פון דער טעגלעכער וואָכנדיקייט, וואָס זאָל זיין מער א באפרידיקונג פאר איר נשמה, ווי פארן גוף, האָט געגלויבט באמונה שלימה אין א לעבן נאָכן טויט. דעריבער האָט זי אין דערדאָזיקער שטוב פון תורה-געזאַנג באַלד געפונען איר גרויסע טרייסט, איר מנוחה... איר נשמה-געזאנג. חנה׳ס געזונטע, שטארקע הענט פלעגן זיך אָפּשטעלן אינמיטן קנעטן די ברייטע דייזשעס. מיט דער שמאָ־לער לאָפּעטע צווישן אירע הארטע דלאָניעס, פארטראכטע אויגן און אָנ־געשפיצטע אויערן געווענדעט צום שכנה׳שן אלקער. איר צאַפּלדיק הארץ האָט אריינגעאָטעמט די באטעמטע ניגונים פון גמרא-מוזיק, וואָס האָט זיך געטראָגן פון דער צווייטער שטוב אין א טערצעט, און וואָס האָט ארומגענומען חנה׳ן, ווי א באצויבערנדיקער כישוף...

ביים אויפרוימען דעם פאַרמעליקטן אַלקער, פלעגט זיך חנה לענגער פאַר־האַלטן ביים ספרים-שענקל. גלעטן די געגילדעטע רוקנס פונעם אויסגעלייגטן ש״ס און ס׳רוב פאַרגנבעט אהין אירע ציטערדיקע ליפּן... עפּעס שטיל געמורמלט, געזשומעט ביז ס׳פלעגט איר ווערן אזוי גרינג, ווי נאָך אירע שטילע תפילות צו די בלומען אין פעלד...

אין די שבתים, ימים-טובים, פלעגט חנה גיין, צוזאמען מיט רבקה׳לען אין שול. טיף זיך איינגעהערט צום חזנ׳ס קלינגענדיקן קול און כאָטש זי האָט ווינציק וואָס פאַרשטאַנען, האָט זי אָבער שוין געקענט די גרעסטע טייל תפילות פון אויסנווייניק: — „אדוני, אדוני”. — פלעגט זי אונטערכאַפּן אויפן קול און שטאַרק פאַרקוועטשט די אויגן, זיך געשטעלט אויף די שפּיץ-נעגל און פרום איבערגע־חזרט: — „אדוני, אדוני” — געפילט אז איר געלייטערט האַרץ איז אינגאַנצן באהאָפטן מיט גאָט...

דעם העכסטן עקסטאז פלעגט חנה דערפילן בעת מען האָט צעעפנט דעם ארון-קודש און ארויסגענומען דעם ספר. זי פלעגט ניט קענען אָפּ־רייסן אירע פאַרבענקטע בליקן פונעם אויסגעשפרייטן פאַרמעט. דידאָזיקע ליב־שאפט צו העכסטער פארגעטערונג האָט זיך ביי איר פארוואנדלט אין א פייערדי־קער ליידנשאַפט: פאַרגעטערונג צו אַזעלכעס וואָס נערט אירע שטילסטע טרוי־מען. א באפרידיקונג צו ווידמען אירע פארבאָרגנסטע ליבשאפטן צו א גאָט וואָס דאַרף זיך געפינען אין הימל און צו זיינע געבאָטן, וואָס געפינען זיך אין א ספר־תורה אויף דער ערד... אזוי האָט זי געפילט חנה, אז נאָר דאָרטן, אינעם אויס־

געשפּרייטן כּפר, איז דאָס כאַמע העכסטע פון אַלע היילקייטן און דאָס סאַמע טיפסטע פון אַלע אירע שטילסטע חלומות...

*    *

*

יאָרן זײַנען געלאָפן. די עגונה חנה האָט זיך פריציטיק געעלטערט. אין איר קיילעכדיקן פּנים האָבן שוין געפּעלדלט בולטע קנייטשן. ארום אירע טונקעלע אייגן האָבן בלויע רינגען געשאָטנט, אָבער זי האָט נאָך אַלין געקנעטן די אויפגעיירעגע טייגן אין רבקה'לעס בעקעריי, אַלין נאָך געטראָגן איר ציצענע באַרכאַנקע, גראָבע באַרהאַטשן און א טונקעלע קופּקע אויפן געגאָלטן קאָפּ און אַלין נאָך געשלינגען מיט א טיפן אייפער די גמרא־ניגונים מיט וועלכע ר' חיימ'ס שטוב איז תמיד פול געווען. פינעם בלויזן צוהערן האָט חנה אויסגעלערנט שטיקער תּלמוד, שטיקער תּנ"ך און דאָס טייטש־חומש, וואָס רבקה'לע פלעגט פאר איר אין די שבתים פאַרלייענען, געקענט אינגאַנצן פון אויסנווייניק. אז רבקה'לע פלעגט אמאָל ביים פאַרלייענען איינדרעמלען און בעתן אויפכאַפּן, פאַרטווישן די שורות, פלעגט איר הנה, מיט גרויס ציטערניש צוריק ארויפפירן אויפן גלייכן וועג: — „גאָט איז מיט דיר רבקה'ניו" – פלעגט זי אויסשרייען א פאַרציטערטע — „ניט אברהמען האָט מען געפירט צו דער עקדה, נאָר יצחקן"... אָדער — „דערבאַרעם דיך רבקה'שי, יוספן האָבן די ברידער פאַרקויפט, ניט בנימינ'ען"...

אין שטעטל האָט זיך עולם לאַנג געהידושט: — „דידאָזיקע הנה נעבעך. קיין מאַן, קיין קינד    פאַר ווײַמען באַהאַלט זי אירע אָפּגעשפּאָרטע קערבלעך?" טייל האָבן געפרווט טרעפן: – „זאַמלט אוודאי הוצאות אויף א רייזע ארום דער וועלט, אפשר וועט זי ערגעץ פאַקן איר פאַרשווונדענעם „ראָזבוינ'יק"..... אנדערע האָבן זיך געקליגלט:     „זי וויל ארויסקריגן א היתר פון מאה רבנים כדי צו קענען נאָכאמאָל גיין אונטער דער חופּה"... בלויז חנה אַליין האָט שטיל אין זיך געשמייכלט. געלייגט א גראָשן צו א גראָשן. געטראָגן עס אויפן האַלדז אין א לייווענטענעם זעקעלע און עס געוואַרעמט פאר א גרויסן ציל, וואָס נאָר זי אליין האָט געוויסט ביז זי האָט אנטפּלעקט פאר ר' יעקב סופר אירע טיפסטע פאַרבאָרגעניישן.

*

*    *

צוויי יאָר צייט פלעגט חנה, אין די פרימאָרגנס זיך פאַרגנבענען אין יאַמע געסל, כדי צו זען ווי ר' יעקב גייט זיך טובלה'ן איידער ער נעמט די געווזענע פעדער צו שרייבן איר, הנה'ס ספר־תּורה, וואָס וועט בלייבן א זכר נאָך איר פאַרייאָגלטן לעבן. הנה'ס פאַרעלטערטער פּנים, איז מיט יעדן טאָג יינגער געוואָרן... אראָפּגעוואָרפן פון זיך איר לאַנגיאָריקע עגונה'שאַפט. איר פאַרביטערט לעבן האָט צוריק באַקומען א טיפן זין, א פעסטן אָנהאַלט...

דאָס גאַנצע שטעטל ייִדן האָבן זיך פייערלעך געגרייט צו דעם גרויסן יום־טוב פון סיום הספר. ר' פייוול איסר דער זייגערמאַכער האָט מיט זיין ריי־

כער פאַנטאַזיע, לאַנג געסטראַיעט א טאָוולנע לאַמטערנע מיט פיר־קאַנטיקע פענצטערלעך וואָס זיינען פון אינעווייניק באַלויכטן געוואָרן דורך צענדליקער קליינע ליכטעלעך. און ווען מען האָט די לאַמטערנע געטראָגן אין דער נאַכט אויף א הויכן שטעקן, האָט עס אויסגעקוקט, ווי עפּעס א פאַנטאַסטיש־לייכטנדי־קער באַליאָן וואָלט געהאנגען צווישן הימל און ערד.

די נאַכט פון פירן הנה׳ס ספר אין שול איז געווען א ווייסע, אן אויסגע־שטערנטע. ביים סופר אין שטוב איז דאָס נייע ספר געלעגן צעוויקלט. חשובע בעלי־בתים זיינען געשטאַנען ארום, ווי ביי א פריש געבוירן קינד וואָס מען גייט [redacted] ערשט יידישן... פאַרמעגלעכע יידן האָבן געקויפט אותיות, זיך אריינ־געפּאָרן אינעם מקח... זילבערנע קערבלעך זיינען געפלויגן צום שטאָט־משמש אין קאַפּל אריין. איינער ביים אַנדערן האָט אויסגעכאַפּט דאָס בעסטע אות... איבער־געשטיגן מיטן פּרייז פאַרן טייערסטן וואָרט...

פון אַלע עקן שטאָט האָבן ווייבער געצויגן צו הנה׳ן אין שמאָלן אַלקער אריין. דאָרטן איז זיך געלעגן יחוסדיק אויסגעשפּרייט א שטיק רויטער סאַמעט, אויסגעהאָפטן מיט זילבער־שטעך די 10 געבאָטן און צוויי שטרענגע לייבן ביי די זייטן האָבן געהיט דאָס הייליקייט. עס האָט בלויז געפעלט מען זאָל צוזאַמענ־נייען דעם סאַמעט כדי ס׳זאָל ווערן דערפון א מענטעלע פאַרן נייעם ספר... אָבער א שטאָך אינעם הייליקן מלבוש האָט באַטייט א סגולה צו פאַרשידענע חולאתן... צו עקרה׳שאַפט, אלמנה׳שאַפט און יתומה׳שאַפט... פאַר א „צענערל" האָט מען זיך געקענט קויפן א שטאָך אינעם הייליקן מענטעלע. די לעצטע צוויי שטעך אָבער, זיינען געווען די וויכטיקסטע, ווייל מיט זיי איז דאָס מלבוש פאַרענדיקט געוואָרן. איז דעריבער אָנגעגאַנגען א גרויסע קאָנקורענץ... אסתרל דוד קאָנס, די ערשטע גבירנטע, אין איר שפּיצענעם הייבל, דריי ביימשן גראָבע פּערל אונ־טערן ראָזען גוידער, האָט יחוסדיק א זאָג געטאָן: — „פינעף קערבלעך פאַר די לעצטע צוויי שטעך".

שרה׳לע זכריה׳ס, צווייטע גבירנטע, אין איר טאַפטענער קרינאָלינע וואָס האָט נגידיש געראַשט ביי יעדן ריר, האָט איבערגעשלאָגן דעם פּרייז מיט: — „אַכט רובל פאַר די לעצטע צוויי שטעך".

האָט אסתרל א גלעט געטאָן איר געקרעפּטן זשאַבאָט און קאַלטבלוטיק צוריק אַטאַקירט: — „צען קאַרבוינצעס פאַר די לעצטע צוויי שטעך".

ביילע־מינקע, די שטאָט־גבאי׳טע, אין איר פּעלענעם שייטל, ווי פון פּאַ־קאַלים, מיט העלע טריפנדיקע אויגן, צעלאָזטער בלוזקע איבער א האַלב טוץ אונ־טערספּאָדניצעס, וואָס זי איז געווען אויפן גוטן אָרט און האָט אריינגערעדט אין הייליקן צדיקס אוהל: — „ביסט פאַרבעטן צו דער שמחה רביניו... זאָלסטו ניט פעלן הייליקער צדיק, קומען צו דער רעכטער צייט"...

קוקנדיק פאַרבליפט מיט אירע וואַסערדיקע אויגן אויף דער צעפלאַקער־טער „געלט־מלחמה", האָט ביילע מינקע א הויב געטאָן אירע טרייסלענדיקע הענט צום נידעריקן סופיט און אויסגערופן מיט א תחינה־ניגון:

— „רבונו של עולם, מיש דעך אַראַן"...

אריינגעמישט האָט זיך אָבער ר׳ פייוול איסר, וואָס האָט מורא געהאַט, אז די חלב׳נע ליכטלעך אין זיין קינסטלערישער לאמטערנע קענען נאָך חלילה אויסגיין איידער די צוויי גבירישע עקשנ׳טעס וועלן קומען צו אן אויסגלייך...

— „יעך האָב א גיטע עצה" — האָט ר׳ פייוול איסר א פינטל געטאָן מיט זיינע קלוגע אויגן — „יעך לייג פאָר, אז אסתרל זאָל אריינשטעכן די נאָדל אין שרה׳לע זאָל ארויסציען דעם פאָדים... נאָך דעם, זאָל שרה׳לע אריינשטעכן די נאָדל אין אסתרל זאָל ארויסציען דעם פאָדים און זאָל זיין שלום על ישראל"...

— „אין א מזלדיקער שעה" — האָבן אלע אויסגעשריען.

* *

*

לעבן סופרס נידעריקן שטיבל, איז די שטאָט-קאַפעליע שוין געשטאַנען גרייט. ר׳ אלי קלעזמערס אויבגעפוצטער טראָמבאָם האָט אין דער טונקלקייט אזוי שטאַרק געבלישטשעט, גלייך אונטער זיין קופערנער הויט וואָלטן דינע שפּיזעלעך געברענט. ר׳ שמואל יעקל מיט זיין ברוינעם פידעלע אונטער דער שמאָלער גאָמבע, האָט אָנגעלענט דאָס לינקע אויער אויף די שטייפע סטרונעס און געהאלטן אין איין סטראָיען, קלינגען, זשומען, זוכן דעם ריכטיקן טאָן. זישע דער גאָלער האָט געגאָגט צווישן זיינע דינע, מיידלשע ליפן דעם שפּיץ פון זיין געזילבערטן טראָמפּייטל, ארויסגעלאָזט דריבנע פיגעלעך און גלייך מיט אלע געוואַרט אייפן ערשטן ארויסמאַרש. דער האַלב בלינדער זרח האָט געטראָגן די גרויסע פויק מיט א ברייטן רימען ארומגעגאַרטלט איבער זיין שמאָלער פלייצע און מיט א הילצערן שטעקעלע האָט ער געהאַלטן אין איין אויספּרוּוון די מעשענע טאַצן, וואָס האָבן אזוי געברומט גלייך מען וואָלט אין זיי האַרטע שטיינדעלעך געוואָרפן. און ווען ר׳ יעקב סופר האָט זיך באוויזן אין זיין צעדריוולטער קאַפּאָטע מיטן נייעם ספר צוגעדריקט צום האַרץ, האָט די אָנגעסטראָיעטע קאַפעליע געגעבן אזא הילכנדיקן שפּיל-אויף, אז אלעמענס פּיס האָבן זיך גלייך גענומען הייבן צום טאַנץ און דער יום-טוב מאַרש איבערן שטעטל האָט זיך אָנגעהויבן. שטעטלדיקע בעלי-בתים פארקליידטע אין מיליטערישע „אָבראַניעס" מיט היטלען פון דראַגונער, פון פאַיאַצן זיינען געריטן אויף פערד מיט געצונדענע לאַמטערנדלעך אין די הענט און צוגעזונגען שמחת-תורה׳דיק. אַנדערע זיינען געגאַנגען אויף שטאַלצן מיט ברענענדיקע שטורקאַצן אויף הויכע שטעקנס און געהאַלטן אין איין צווייסן געבן: „סיום הספר, לכבוד דער הייליקער תורה".

פון בית-המדרשניקעס און זייערע געהאַקטע קאַפּאָטעס מיט פליטקע הינטעלעך אויף די קעפּ האָבן געטראַגן די חופּה-שטאַנגען. אונטער דער חופּה האָבן א קרענצל יידן ארומגערינגלט ר׳ יעקבן מיטן נייעם ספר. די אויגן פארגלאָצטע צום הימל, האָבן זיי געטאַנצט ביזן העכסטן עקסטאַז.

הנה די פּאַכקאַייצער אין א ניי קאַרבירט שייטל, וואָס זי האָט אָנגעטאָן נאָך צוואַנציק יאָריקער עגונה׳שאַפט, איז מיט א פארפלאַמטן פּנים, ווי א כלה,

געפירט געוואָרן דורךביידע גבירנטעס און דאָס גאַנצע שטעטל ווייבער מיט געצונדענע ליכט אין די הענט זיינען נאָכגעגאַנגען פון הינטן. ביילע־מינקע האָט צוגעפּאַטשט מיט די הענט: „אין א גוטער שעה, אין א מזלדיקער שעה”. איבער אלעמענס קעפּ האָט א פּולע לבנה געוואָרפן פּאַסמעס זילבער אויפן נאָענטסטן וועלדל, פון וועלכן העלע צווייגן־קעפּ האָבן זיך געזען פונוויטנס. ס׳האָט זיך גע־דאַכט — אַז זיי, די ביימער יום טוב׳ן מיט. אויך די צייטיקע פעלדער און די אין גרין־געהילטע לאָנקעס האָבן מיט זייער פארשיכורנדיקע זומער־ריחות פערפו־מירט די הייליקע שמחה. אויפן שפּיץ־דאַך פון דער אלטער קראַשניקער שול, האָט די פולע לבנה, וואָס האָט באגלייט דעם מארש איבערן גאַנצן שטעטל, זיך אָפּגעשטעלט די ערשטע... צוגעלויכטן דעם אָנקום פון נייעם ספר, געוואָרפן פּאַסן זילבער־שיין אויף די זינגענדיקע און טאַנצנדיקע יידן.

צוזאַמען מיט אַלע שטעטלשע ווייבער, האָט אויך חנה די פּאַפּקאָוויצער געמוזט זיך אָפּזונדערן ארויף אויף דער ווייבערישער גאַלעריע. אונטן האָבן די מעשענע קאַנדעלאַבּרעס מיט די זילבערנע הענג־לייכטער און הונדערטער ליכ־טער באַזונט און באַלויכטן די געמאָלענע שול־ווענט, ווו אויף דער מזרח־זייט איז געלעגן אויסגעמאָלן, ווי לעבעדיק, א לאַנגער פיש, דער סימבאָל פון לויתן. לעבן לויתן, דער שור הבר. און קעגנאיבער, אויף דער צווייטער וואַנט — יונגע מלאכים מיט פייקלעך אין די הענט, האָבן אויסגעקוקט גלייך זיי וואָלטן געשוועבט אויף די ווענט.

הנה־ס פארפלאַמטע פּנים האָט געלויכטן, ווי די שכינה, זי האָט געוווסט, אַז דאָס וואַרטן די מלאכים אויפן שופר של משיח... און אַז יידן וועלן ווערט זיין, וועלן זיי צעשניידן דעם לויתן מיטן שור הבר און אַלעמען טיילן שיריים לכבוד דער אויטגעבענקטער גאולה... חנהס צעשטראַלטע אָויגן האָבן געקוקט מיט שמחה ווי דער עולם אונטן איז זיך פריידיק משמח. געהערט זיי מאַכן די ערשטע הקפות מיט איר ספר: — „אנה אדוני הושיעה נא; אנה אדוני הצליחה נא”... די מוזיק האָט ליריש צוגעשפּילט און חנה האָט דייטלעך געהערט, ווי די מלאכים אויף די ווענט קלאַפּן צו אויף זייערע געגילדעטע פייקעלעך...

פּלוצים האָבן די ווייבער איר גענומען שטורכען, טאַרען, וועקן פון איר פאַרחלומטקייט: — „מעגסט אראָפּגיין חנה, נישקשה, זיי וועלן דיך אריינלאָזן... ס׳איז דאָך דיין שמחה” — האָבן זיי איר געשושקעט אין די אויערן אריין. אָבער חנה האָט זיך געשעמט, גערויטלט ווי א כלה־מיידל און אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט: — „גאָט באַהיט. א זינדיקע אישה אַראָפּגיין אונטן? חלילה, ניט כדאי זיך צו שטופּן... סיידן ווען די צייט וועט קומען... אַז זי וועט ווערט זיין מען זאָל איר אריינטראָגן אין שול — דעמאָלט יאָ”...

זי וועט קומען, די צייט. חנה פילט עס א גאַנצן טאָג אינעם אויסטערלישן קלאַפּן פון איר פריידיק הארץ... שוין א פּאָר מאָל אפילו אָן אָטעם געבליבן... זי ווייסט, אַז אַלץ קומט איר פון צופיל פרייד... פון האָבן דערגרייכט איר

לאַנג־יאָריקע שטרעבונג. איר אויסגעחלומטן חלום... איצטער איז איר סיי ווי גאָרניט מער קיין נפקא־מינה...

און בעת עולם האָט אונטן אויפגעמאכט דעם אָרון־קודש אריינצושטעלן דאָס נייע ספר, האָט הנה געזען, אז דאָס עפנט זיך גאָר א טירל פון הימל... דערזען א פּלאַץ פון טויזנטער ליכטער; געהערט דאָס שפּילן פון דער הימלישער קאַפּעליע און געפילט, ווי זי נעמט זיך הייבן... הייבן... העכער און העכער... נאָך א טראָפּעלע, נאָך א טראָפּעלע און אָט די הימלישע טויערן האָבן זיך ראַפּטום צעפראַלט פאר איר...

— „געוואַלד! הנה חלשט! וואַסער!" — האָט עולם פון אלע זייטן גענומען ליאַרמען.

נאָר ביז מען איז געקומען מיטן ביסל וואַסער, איז שוין הנה די פּאַפּקאָוויצער געווען אין „גן־עדן"...

* *
*

# אַ גנב׳ל

(פונעם ציקל „טראָפּיש בלוט")

אַ צעגליטע דעצעמבער־זון וואַרפט איצט בלענדיקע שטראַלן אויף די גרויע ווענט פון „אויסבעסערונגס־הויז", וואָס שטייט אויף אַן אומבאַפעלקערטער געגנט, איינזאַם, עלנט, אַזוי עלנט, ווי עס זיינען די מינדעריעריקע „פאַרברעכער" וועלכע קומען דאָרט אָפּ זייער — שטראָף...

ביים הויכן, פעסט פאַרריגלטן טויער, שטייט אַ מאָגער. אויסגעדייוועט סאָלדאַטל, מיט אַ פאַרראָסטער ביקס, וואָס איז אַזוי אָפּגעסמאַליעט, פּונקט ווי דער צעקנאָדערטער שומר דאָרטן וועלכער דרייט זיך אַזוי פויל און שלעפעריק אַרום די פאַרקראַטעטע פענצטערלעך און היט די קליינע גנבים׳לעך זאָלן חלילה ניט פּרוּוון מאַכן אַ ויברח.

פון אַ רוישנדיק־קרעכצנדיקן טראַמוויי, שטייגט אויס די דריבנענקע העלענאַ, וואָס קוקט אויס פונוויינטנס, מיט איר ווייסן פּנימל, געבלימטער יופּקע און אויסגעפּאַסטן סטאַניקל, ווי אַ יונג מיידעלע וואָס דאַרף נאָך גיין אין שולע...

מיט גיכע טריט, אַ פּעקעלע נאַשעריי אין דער האַנט איילט זי צו איינעם פון די פאַרקראַטעטע פענצטערלעך. כאַפּט אָפּ דעם שווערן אָטעם, ווישט זיך אַרום פון געדיכטן שווייס און נעמט פּאַטשן מיט די הענט. דערטראָגט זיך פון אינעווייניק אַ טעמפּער ווידער־קול און גלייך דערהערן זיך הויכע טריט פון הילצערנע שיך, וואָס מיט זייער גרוילעכן אָפּהילך גיבן צו אַן אומהיימלעך געפיל פון טרויעריקייט און איינזאַמקייט.

אַ קליין געוויקסיק ייִנגעלע פון אַ יאָר צען, מיט אַ שמאָל ווייס פּנימל, געדיכטע שוואַרצע לאָקעלעך און טיפע ברענענדיקע אויגן, שטעקט אַרויס דורך די שמאָלע גראַטעס זיינע דינינקע פינגערלעך און מיט אַ ביסל אַ הייזעריקלעך קול׳כל און טרערן וואָס שטיקן אים אין האַלדז, רופט ער פאַרווירט:

— מאַמאַי! מאַמאַיזיניאַ!...

העלענאַ קען זיך ניט דערהאַלטן ביז דער שלעפעריקער וועכטער וועט אויפמאכן דאָס גרילצנדיקע טויער, בייגט זי דערווייל אָן אירע אָנגערויטע ליפּן צו די פאַרזשאַווערטע גראַטעס, נעמט איר קינדס פיגנערלעך צו זיך אין מויל, נאָגט זיי, בייסט זיי און פליסטערט צערטלעך:

זשאַרזשי! זשאַרזשיניו! זשאַרזשאָקיניו!

—— * * * ——

אין א קרעמאָנען קליידל, הילצערנע קלאַפּשיך אויף אירע שלאַנקע פיס, א קרענצל באַנאַנעס אין די שמאָלע הענט, איז העלענאַ אָנגעקומען, מיט איר ווייסן פּנימל און קליין געוויקסיקייט, פון א גרויסן דאָרף און איז באַלד דאָ געוואָרן א ספּריטנע שטאָטישע דינסט-מויד.

אין א ווייס טשעפּיקל אויפן געלאָקטן קעפּל, א געפּרעסט פאַרטעכל אויפן שמאָלן גופ'ל, א פעדערן בעזימל אין איין האַנט, א געלע פלאַנעלקע אין דער צווייטער, האָט איר שלאַנק קערפּערל זיך באַוועגן גיך, עלאַסטיש, מיט א ריטמיש שיינקייט, ווי א מאַריאָנעטן-פּופּע, וואָס ווערט רעגירט פון ערגעץ א שטריקל אויפן בוידעם. אפילו דאָס אונטערטעניצלדיקע געגנל אירס האָט אויסגעזען ליאַלקעדיק, און כאָטש העלענאַ האָט ניט פאַרשטאַנען קיין צורת-אות, ווייל זי איז קיינמאָל אין קיין שולע ניט געגאַנגען, איז אָבער גענוג געווען א בליק פון אויגן, אַ באַוועג מיט דער האַנט, א שאָקל מיטן קאָפּ און — שוין, זי ווייסט שוין אַלץ וואָס מ'וויל און מ'דאַרף טאָן.

פון דאָרף האָט העלענאַ מיטגעבראַכט טיפע פילבאַרקייט צו ווילדער עראָטיק און שטאַרקע נייגונג נאָך ליבע-תענוגים... כאָטש דריבנע, קליין און מאָגער, פלעגט זי שוין צו דרייצן יאָר זיך אריינזעצן מיט אירע באָרוועסע פיס אין די אָפענע פענצטער, פאַרפירעריש שמייכלען צו די דאָרפישע יונגען, וואָס פלעגן זיך דרייען ארום איר פאַרכישופטע פון איר ווייסן פּנימל, גליענדיקע אויגן און שטאַרק אָנזעעוודיקע ברוסטלעך.

געבאָרן אונטער גליענדיקער זון, ווו בוימער זיינען תמיד גרין, דאָס טראָפּישע בלוט – קאָכעדיק און — פאַר פרנסה זאָרגט מען ניט... באַנאַנעס וואַקסן אונטער די פענצטער... אויף שוואַרצע פאַסאָליעס מיט ווייסער רייז פאַרדינט דער טאַטע מיטן פלאַסטערן די חרובע וועגן, אויף „טאָסינאַ” (חזיר-פעטס) מיט זיבע קאַרטאָפליעס שטעלט צו די מאַמע פונעם וואַשן פרעמדע געוויישן. דעריבער זענען צו די נאַקעטע קינדער, אז גאָטס שיין וועלטל איז בלויז באַשאַפן פאַרן מערן-זיך און פרוכפּערן זיך...

די האַזיקע פרימיטיוו-דאָרפישע היציקייט, האָט ערשט רעכט זיך צעשפּילט אין העלענאַן, ווען זי איז געקומען אין דער גרויסער שטאָט אריין.

אירע פאַרשפּיצטע אויערן, ווי צוויי קליינע מיקראָפאָנען, האָבן אויפגעכאַפּט פון אונטער די ייִענט, דעם הייסן געזאַד פונעם טראָפּישן בלוט... תמיד

האָט זי געוווּסט העלענא, ווען איר רייכער באַלעבאָס טראָגט זיין צעפּיעשטשעטע ווייבל פון שטול צום דיוואַן... אין דער וויבראַציע פון לופט, געפילט זייערע קושן, צערטלערייען, און שפּעטער, אין פאַרנע טונקעלע נעכט „נאָכקאָפּירט״ מיט איר „נאַמאָראַדאָ״ אין א ניט פאַרענדיקטן „עדיפּיסיאָ״, אויף לייִמיקן באָדן... פאַנטאַזירט פון ווייכן דיוואַן, זייִדענע קישעלעך... און אַפילו דאָס צערטלען און פּיעשטשען זיך — נאָכגעמאַכט, פונקט ווי זי האָט עס אויפגעכאַפּט פון אירע נגידישע באַלעבאַטים. אזוי ארום — ווען אין דעם קליינעם, רייכן געזינדל, איז צוגעקומען א פוצקע בלאָנדע מיידעלע, וואָס איז לוקסוס־אַרטיק געשלאָפן אין א פּרעכטיק ראָזע בעטעלע איז אויך אין העלענאס טונקעלן חדרל צוגעקומען א דריבנענקע שיין יינגעלע, וואָס איז רואיק געלעגן אויפן הוילן דיל און האָט מיט זיין ווייס פנימל און שוואַרצע אויגענעם ארויסגעלויכטן פון די ברודיקע שמאַטעס.

ביז דריי חדשים האָט דער קליינער זשאָרזשיניו געהאַלטן אין איין שלאָפן און מאמטשען, אמאָל א פולס, ס׳רוב א ליידיק סאָסקעלע. נאָר ווען זיינע גלאַנציקע אייגעלעך האָבן זיך גענומען פאַרקוקן אויף די ערשטע שטראַלן וואָס זיינען אזוי קאַרג אריינגעדרונגען דורכן פּיצינקע פענצטערל, האָט העלענאַ דעמאָלט אויפגעהאנגען, פונקט קעגנאיבער זיינע פארהידושטע אויגן, אַן אלט געבלומט קליידל וואָס האָט זיך געוויגט אין דער לופטן, ווי א פארביקער באַלאָן, געהויגט און געדרייט זיך, עלעהיי א קארוסעליע...

פארכישופט פון דעךדאָזיקער וויגעניש, האַט דער קליינער זשאָרזשיניו גענומען וואָרקען, ווי א שמילע טויב. גליקלעך געווען מיטן ערשטן גרוס פון עפּעס א קאָלירפולער וועלט וואָס שאָקלט זיך דערהוייל אין דער לופטן. א ביסעלע שפּעטער האָט ער דערפילט, אַז מען קען זיך איבערדרייען אויך... און ווען מען דרייט זיך איבער, זעט מען שוין גאָר אנדערע זאכן. אָט קען ער קריכן אויף די הענט, גלייך איז ער ביי א שמאָלער טיר, באַלד אויף יענער זייט שוועל און — לופט — הימל — א דרויסן... איז אויב אזוי — קען ער זיך שוין אַליין זיין שטעטל באַשטיין: — מיט גלאָמבן פון עפּל, שאָלעכץ פון באַרן, צעקוועטשטע באַנאַנעס — דאָס מיסטקעסטל פאַרמאָגט פון אַלעם בשפע...

צוזאַמען מיט זשאָרזשיניוס „זעלבסטשטענדיקייט״, האָט זיך אויך פאר העלענאַן געעפנט א נייע וועלט — א מיידל מיט א קינד? — דער שוואַרצער יונג וואָס ברענגט די מילך, דערלאַנגט איר דאָס פלעשל מיט א גלעט איבער די פינגער. דער ברוינער טרעגער פונעם שפייז־געוועלבל, בליצט אויף איר בוזים מיט אָנגעצונדענע אויגן. אפילו דאָס ווייסע, רייכע בעל־בית׳ל מיטן שטילן גענגל אין ווייכע שטעק־לעטשלעך, איז אָפט געקומען נאָך א פרישן טרונק צו העלענאַן אין קיך אריין. און הגם העלענאס זוניקע טעג זיינען געווען אויסגעפילט מיט שווערע אַרבעטן, זיינען אָבער די הייסע, טראָפּישע נעכט אינגאַנצן געווען — אירע.

אין די פאַרוואָרפנסטע קוואַרטאַלן, אין פוסטע סאַלאָנדלעך, ווו עס וויקלען זיך שלאנגיש, אויף ברודיקע סופיטן, פאפירענע קייטן. ווו האלב־נאקעטע

נעגער־מוזיקאנטן, מיט פייקל, קלארנעטן גלעקלדיקע טאמבורינען דזשאמדזשען אויס די ווילדסטע ניגונים... א געמיש פון שווארצע, ברוינע, העל־ראסיקע, וואָס לענקען זייערע אָנגעהיצטע קערפערס לויטן ריטם פון טיף־ליידנשאפטלעכע „סאמבאס", און דערמאנען מיט זייערע עקזאָטישע באוועגונגען ריטועלע טענץ, פון די אור־אבות — אפריקאנער שבטים — דאָ האָט העלענא פארבראכט אירע נעכט.

העלענאס ווייס פנימל איז האלב פארדעקט פון אירע שווארצע לאקן. מיט געשלאָסענע אויגן ליגט איר שמאָל קעפל אויף טונקעלע אקסלען פון הויכגעוויקסיקע נעגער־יונגען. וויגן זיי זיך פאַרשיכורט. וויגן שעהנ'וויז זייערע ליידנשאפטלעכע קערפערס צום טאקט פון פויזנדיקער מוזיק...

דורך אָפענע טירן פינצטערט א שוואַרצער הימל, אינעם האַלב־טונקעלן סאַלאָן ליכטיקט פון פאַפירענע אַבאַזשורקעס א רויטער רעפלעקס און פאַררוקט אין א זייטיקן ווינקעלע, אָפגעצוימט מיט איינגעלייגטע שטולן, ליגט זיך רואיק אויפן הוילן דיל דער קליינער זשאַרזשיניו, זיין ווייס קערפערל איז איינגעוויקלט אין העלענאס א שווארצער יופקע. זיין דריבנע פנימל, אין א טיפן קינדישן שלאָף פאַרזונקען און אין דערדאָזיקער פאַרזונקענקייט שלינגט ער שטיקער מעלאַדיע, נעגער־הוליאַנקע, טראָפישע מוזיק... ערשט ווען ס'ווערט טיף שטיל, עפנט ער פאַרחידושט זיינע גלאַנציקע אויגן, די אָנגעשפיצטע אויערן זיינע זוכן מיט נייגער די סיבה פון די איינגעשטילטע ניגונים...

העלענאַ נעמט אים דאַן אויף אירע פאַרחלומט־טענצלדיקע הענט, וואַקלט זיך א באַטייבטע פון גלוסטיקע מענער־אָרעמס, שלייכט שוין אין האַלבן דרימל צו איר קליינעם צימערל, חלומ'ענדיק באצייטנס פון דער קומענדיקער נאכט...

— — * * * — —

אז זשאַרזשיניו איז אונטערגעוואקסן האָבן זיך העלענאס פיזישע ליידנשאַפטן פאַרוואַנדלט אין אַנדערע שטרעבונגען: דערציען איר מוזיקאַליש תכשיט'ל ניט ערגער, ווי דאָס צעפיעשטשעטע מיידעלע, פון אירע רייכע באַלעבאַטים. דאָס איז געוואָרן איר חלום. נאָר ווען ביידע קינדערלעך האָבן זיך געשפילט אויפן גרויסן הויף, האָט א שוואַרצע גאָווערנאַנטן גוט אַכטונג געגעבן, אַז העלענאַס רירעוודיקער „ממזר'ל" זאָל חלילה ניט כאַפן ווזינקאָס א פייפערל אין זיין מוילכל אריין. און אז דאָס פוכקע מיידעלע מיט די העלע, קאָסאָקע אייגעלעך האָט געטאַנצט מיט אירע ליאַלקעלעך, האָט דער שיינער זשאַרזשיניו מיט די גלאַנציקע אייגעלעך געמוזט זיך האלטן א ביסעלע אָפגערוקט.

זשאַרזשיניוס גרעסטע ליידנשאַפט איז אָבער געוועזן מוזיק. דאָס דאָזיקע געפיל וואָס ער האָט אין זיך איינגעזאַפט אין די נאַכט־לאָקאַלן, האָט אים שפעטער כסדר פאַרפאָלגט. טאָמער האָט ער ניט געהאַט קיין פייפערל, קלעפערל אָדער האַרמאָשקע, פלעגט ער איינעצן דינע פאַפירן און בלאָזן אין זיי, ווי אויף

טראָמפּייטן. געקלאַפּט מיט דראָטן אין בלעכענע פּושקעס, געריבן שטיינדלעך אויף זאַמדיקע ווענט, געריטשעט שטולן אויף שטיינערנעם באָדן, געטאָן אַלץ כדי ארויסצובאַקומען טענער... זוזינקאַ אָבער איז צו מוזיק געווען גאַנץ גלייכ־גילטיק. און דווקא איר האָט מען גענומען לערנען שפּילן אויף אַ פידל. דעמאָלט האָט זיך העלענאַ געכאַפּט, אַז: „נאָכקאָפּירן” אין די ליבעס־תענוגים, איז איר פיל גרינגער געווען, ווי נאָכטאָן ביים דערציען איר טייער יינגעלע. און בעת זשאָרזשיניו איז געזעסן אַ פאַרבענקטער הינטער זוזינקאַס טיר און זיך איינגע־הערט מיט נייגער אין די פאַלשע טענער וואָס זיינען געקומען פון דעם ניט־מו־זיקאַלישן מיידעלע, האָבן זיינע גליענדיקע אייגעלעך מיט פייער געשפּריצט, זיין ווייס פּנימל — הווילער חלום און די פאַרשפּיצטע אויערן האָבן זיך געהויבן און אַראָפּגעלאָזט, געהויבן און אַראָפּגעלאָזט, פּונקט ווי ביי אַ צע׳כעס׳ט הינטל...

העלענאַ האָט דאָס צוגעקוקט פונוויַיטנס, געטראַכט מיט פאַרביסענע ליפּן: וואָס זאָל זי טאָן? — אַז פאַרן דערלויבן צו האַלטן איר קינד מיט זיך, גיט זי דאָך אַוועק איר גאַנצע פיזישע ענערגיע און איר קליינער געהאַלט קלעקט דאָך קוים צו פאַרדעקן זייערע נאַקעטע גופים... ווי־זשע זאָל זי נעמען אויף צו קויפן אים אַ פידל?... געזען פונוויַיטנס איר קינדס צער און גענומען זוכן מיטלען ווי אַזוי צו לינדערן זיין גרויסע בענקשאַפט, העלפן פאַרווירקלעכן זיינע מוזיקאַ־לישע חלומות... און אָט — זי האָט שוין — אויף גיך איינגעהאַנדלט אַ קליין הילצערן קעסטעלע, אַ פּאָר פאַרזשאַווערטע רעדלעך, אַ קליין קיילעכדיק קווי־שעלע און ס׳איז פאַרטיק געוואָרן אַן „ארבעטס־וואַרשטאַט” פאַר איר אכט־יאָריקן זונעלע...

—— * * * ——

מיט זשאָרזשיניוס גוט געבויטן קערפּערל, ווייסן פּנימל און שוואַרצע לעַ־קעלעך, איז צוגעקומען אַ פרישע טרעגערל אויף די טעגלעכע מערק. זיינע דינע, דעליקאַטע הענטעלעך האָבן שווער געשטופּט דאָס אָנגעפּילטע וועגעלע. אויף זיין שפּיץ־קעפּל איז אים געלעגן דאָס שטרויענע קיישעלע. אַ געדיכטער שוויים איז אים גערונען פון שטערן אין מויל אריין, אָבער, דער אַכט־יאָריקער סוחר, האָט געשפּרייזט, אַ האַלב־נאַקעטער, געברוינט זיין ווייס גופ׳ל אונטער די גלי־ענדיקסטע שטראַלן און אַ זיכערער געחלומט: פאַרן ערשטן געלט וואָס ער וועט פאַרדינען, וועט זיין אַ פידעלע. ער וועט מער ניט ליגן הינטער זוזינקאַס טיר, נאָר אַליין זיך לערנען שפּילן... שפּילן... אָה וועט ער שפּילן!...

נאָר דערווייל האָט די קליינע זוזינקאַ שוין געלייענט נאָטן, פעסטער גע־האַלטן דעם לאַנגן סמיטשיק און זשאָרזשיניו איז נאָך אַלץ געלעגן הינטער איר טיר, מיט זיינע גוטע חושים געהערט דאָס שלעכטע שפּילן און די געציילטע גראָשנס פון זיין קליינעם פאַרדינסט האָבן בלויז געגעבן אויף „סאָרוועטע” (אייז־קרעם)... אַ צוקער־לעקעכל אָדער גאָר קינסטלעכע פייער־ווערק, וואָס ער האָט אויך זייער ליב געהאַט.

א פאַרבענקטער אין פאַרחלומטער האָט זשאָרזשיניו גענומען בלאָנדזשען צווישן יענע געשעפטן ווו מען פאַרקויפט מוזיקאַלישע אינסטרומענטן. אָפּגעשטאַנען שעה׳ן ביי די בלישטשענדיקע שויפענצטער, געזעטיקט זיינע תאווה־בליקן אין די ברוינע, אין טוך־איינגעהילטע פידעלעך, געקוויקט זיך מיט דער בלויזער מחשבה אז אָט, באלד, א ליאדע טאָג, וועט ער ארויפלייגן זיינע קליינע פינגערלעך אויף די שטייפע סטרונעס, אין דער צווייטער האַנט וועט ער האַלטן גרינג דעם אָנגעצייגענעם בויגן און טענער, אַזעלכע צאַרטע, שטיל־פליסנדיקע האָבן שוין באצייטנס געקוויקט זיין קינדערישן אויער... און דער קליינער זווינקאַ מיט די פלאַקסענע האָר וועט ער ווייזן, ווי אזוי מען שפּילט... אָה וועט ער איר ווייזן...

——— * * * ———

שיכור פון שטענדיקן חלומען, אָפּגענאַרט פון ניט מקוים־געוואָרענע פאַרלאַנגען, באַליידיקט פון זווינקאַס ניט לאָזן אים אַפילו גלעטן איר געטאָקט פידעלע, האָט דער קליינגעוויקסיקער זשאָרזשיניו ניט אויסגעהאַלטן אַזאַ שווערן נסיון, און איינמאָל בעתן קוקן פארבענקט אין א בלישטשענדיקן שויפענצטער, א זעץ געטאָן מיטן קליינעם פיסל אין דער גרויסער שויב און איר צעטראַסקעט אויף פיין־פיצלעך...

——— * * * ———

אין אנדערש מאָל, האָט אים שוין דער יצר־הרע געשלעפּט א ביסעלע טיפער אין געשעפט אריין. זיינע נייגעריקע הענטעלעך האָבן שוין געפּרוווט צו גלעטן די גלאַנציקע הויט פון אן אויפגעדעקט פידעלע. זיינע דריבנע פינגערלעך האָבן שטיל א גרימפּל געטאָן אויף די שטייפע סטרונעס און בעת די אָנגעשטעלטע זיינען גראָד געווען פאַרנומען, האָט זשאָרזשיניו בליציק א כאַפּ געטאָן דאָס ערשטע בעסטע פידעלע, פאַרשטעקט עס אונטערן צעלאָזטן העמדל, א דריק געטאָן צום האַרץ זיין אויסגעטרוימטן אוצר און — היידא... אָבער... אין דער לעצטער מינוט דערהערט ער א הילכיק פייפן, טומלען, שרייען:

— גנב! גנב׳ל! — כאפּט אים, דעם גנב׳ל!

און ער א בלייבער, ציטערדיקער האָט געקוקט אויפן אָנגעלאָפענעם עולם, מיט א פּאָר גלעזערנע אויגן, ווי דורך א נעפּל. געקוקט און גאָרניט פאַרשטאַנען, גאָרניט געזען, נאָר טונקלקייט — שוואַרץ... ניט באנומען זייער שפּאָטישן געלעכטער. זיינע בלאַסע ליפּעלעך האָבן זיך וויטיקלעך געקרומט. פון זיינע טיפע שוואַרצע אויגן האָבן זיך געגאָסן אויף זיין ווייסן פנימל שמאָלע ריטשקעלעך, ווי פון א קליין קוועלעכל....

דעלינאַ איז אָנגעלאָפן א צעשויבערטע, געקלאָגט אויפן קול, די הענט זיך געבראָכן און געשוווירן:

— טאָמער וואַגט ער נאָך א דריט מאָל צו וועלן גנב'ענען, וועט זי אַליין אים אָפּגעבן אין אויסבעסערונגס-הויז...

*** 

ס'איז געווען ערב נאַכט. אין העלענאַס קליינעם צימערל, שטאָק פינצטער. פאַרשוויצט, האַלב נאַקעט און טרויעריק-פאַרבענקט, האָט דער קליינער זשאַר-זשיניו זיך געקאַטשעט א רעזיגנירטער, אויפן שטרויענעם דיוואַנדל.

פון די אינעווייניקסטע צימערן האָבן זיך געטראָגן גראָבע טענער פון זו-זינקאַס געצוואונגענעם שפּילן. פון יעדן פאַלשן טאָן, האָט זיין שמאָל גופ'ל נערוועז-איש אויפגעצאַפּלט. אין זיין קינדערישן קעפּל האָט זיך געפּלאָנטערט דער סך-הכל פון זיינע אָפּגענאַרטע האָפענונגען, פון די פאַלשע חשבונות נאָכן שלעפּן שווערע קוישן, נאָכן ריטשקען דאָס פאַרזשאַווערטע וועגעלע, נאָכן באַקומען בלויז, אויף נאַשערייי... און א ריכטיק פידעלע וועט ער, מיט אזעלכע פאַרדינסטן, קיינמאָל ניט דערגרייכן... קיינמאָל ניט!...

ער זעט אין דרויסן טונקלט שוין. דאָס מוזיק-געשעפט איז ליכטיק. אויף ברייטע פּאָליצעס ליגן אויסגעלייגט ברוינע פידעלעך. ליגן איינגעוויקלטע אין פאַרביקע מענטעלעך. ליגן זיך אזוי שטיל, אזוי רואיק... א קיל ווינטעלע באַוועגט זייער אויבערשטע הלבשה.

ביי דער אָפענער טיר שטייט ער, דער קליינער זשאַרזשיניו, זיין ווייס פּנימל — קרייד. די גלאַנציקע אייגעלעך — גליענדיקע פונקען, ברענען, קוקן מיט גלוסטונג, ווי דאָס שאַרפע ווינטעלע דעקט אויף טיילן פון די ברוינע פידל-שע-גופימלעך וואָס רעגן אזוי און כישופן... כישופן...

ס'איז פאַרן שליסן. געציילטע קונים שטופּן זיך שוין דורך די הינטער-טירן. פון אַלע זייטן — שטיל. אינעווייניק, דאַכט זיך אים, שוין אויך שטיל. בלויז זיין יונג הערצעלע הערט ער — קלאַפּט, האמערט: טיוק, טיוק, טיוק...

אומדרייסט, ציטעריק, מיט געלאָשענעם באַוווסטזיין, אָבער פלינק ווי א קעצל, איז ער גיך אַריין, זיך שנעל ארומגעקוקט — קיינער זעט דאַכט זיך ניט? — ניין! גיך א כאַפּ געטאָן דאָס ערשטע פידעלע, פאַרשטופּט אין א לייוונטענעם בעקעלע... און — פאַרטיק...

ווינט האָט א ווייע געטאָן אויף זיין שווייסיק-אויסגעווייקט פּנימל און — געראַטעוועט. ער איז שוין אויף יענער זייט שוועל...

מער געדענקט ער גאָרניט זשאַרזשיניו... בלויז ווען ר'האָט געעפנט זיינע פאַרחלשטע אויגן, האָט ער געזען א סך מענטשן... געהערט חוזק, שפּאָטישע געלעכטערן און לסוף — קלעפּ... קלעפּ... קלעפּ...

***

צען יאָר איז ער דעמאָלט אלט געווען, ווען די פּאָליציי האָט אים א צע-שלאָגענעם ארויסגעריסן פון העלענאַס צוזאַמענגעפּרעסטע אָרעמס... ס'האָט מער ניט געהאָלפן איר וויינען, בעטן, שווערן...

פאַר דריי מאָל פרוון גנב'ענען האָט מען אים איבערגעגעבן צום „זשוואיז דע מענאַרעס" (אויסבעסערונגס-הויז) פון וואַנען ער וועט ערשט קענען ארויס צו אַכצן יאָר...

****

זינט דעמאָלט גייט העלענא יעדן זונטיק אין „קרימינאל פאַר מינדער-יעריקע" לייגט זיך אויף דער ערד נעבן פארפאַנצערטן פענצטערל און זשאַר-זשיניו ליבן איר. ביידע אויסגעצויגן, האָבן פינקטלעך איין גרוים. אויך זייערע דריבנע פנימער זיינען אזוי ענלעך, ווי איינער וואָס קוקט אין שפּיגל און זעט זיין אייגן געשטאַלט.

זשאַרזשיניו שמעקט זיינע פינגערלעך צו דער מוטער אין מויל... העלענאַ נאָגט זיי, האַרעמט, קושט און מורמלט: זשאַרזשיניו, זשאַרזשאָקיניו... נאָכדעם שטעקט זי אירע פינגער צו אים אין מויל, האַלט ער זיי אזוי לאַנג און אזוי שטום ביז ער צעוויינט זיך אויפן קול: מאַמאַי... מאַמאַיזיניאַ....

אזוי יעדע וואָך... יעדע וואָך,,



# ברוך שולמאַן

- אין אַ ניי לאַנד
- צווישן בערג
- אַ קלאָרער באַווייז
- נחת פון אייניקלעך

# אין אַ ניי לאַנד

א פרישער, מילדער זומער־פרימאָרגן אין א דרום־שטאָט פון בראזיל.

די גאס איז א לאנגע און א שטילע. די שטיבער, רעכטס, דרימלען אין שאָטן; און לינקס, באגאָסענע מיט זון, חלומען זיי אין דער בלענדענדיקער ליכטיקייט אריין. אויף דער ליכטיקער זייט פון טראָטואר, שפאנט, א פארטראכטער, שמעון שאפיראָ, א וווּקסיקער יונגערמאן מיט א ברוינלעך, איידל פנים. איינגעוויקלט אין א שווארצער ציראטע, טראָגט ער א פעקל שניט־סחורה, און די הענט האלט ער איבערגעפלאכטן הינטער זיך, אויף אזא אופן, אז דאָס פעקל קומט נישט אויס אונטערן אָרעם, נאָר סע פארהאלט זיך אויף דער לינקער היפט.

דאָס פעקל טראָגט ער שוין ווי א געניטער „קלאפער", אָבער מיט „מאכן קונדן" גייט עס אים נאָך שווער, גאָר שווער. ער ראנגלט זיך מיט זיין שעמגעפיל. שוין די דריטע גאס שפאנט ער אזוי און האָט נאָך אין קיין שום שטוב נישט אָנגעקלאפט. גייט ער פארביי א טיר נעמט אים ציטערן דאָס הארץ, ווי ער וואָלט געגאנגען אָפּטון מי יודע וואָס פאר א מיאוס שטיקל ארבעט.

— אייגנטלעך, וואָס איז דאָ די בושה — פרוּווט ער זיך אליין אויסריידן — איך באָט יענעם אָן עובר־לסוחרדיקע ארטיקלען, אויף לייכטע אויסצאָלונגען. איז, ממה־נפשך, דארף יענער דאָס ארטיקל, וועט ער דאָך זיכער קויפן, דארף ער נישט, וועט ער אָפּזאָגן, איינער העפלעך און אן אנדערער, לאָמיר אָננעמען. גראָבלעך, נו איז וואָס?

אָבער, ער קען זיך נישט העלפן, ער פילט זיך ווי נישט אין זיין הויט; ער איז שעמעוודיק און שעמט זיך פאר דער בושה.

א צעצויגן פרויען־געזאנג רייסט איבער די פארחלומטע גאס־שטילקייט:

— אָ־יאַ בא־טא־אטאס, סע־באָ־אָ־לאס, פעי־זשאָ־אָן!!!

מיט איר פורל לאנד־פּראָדוקטן פאָרט אָן אן איטאליענישע קאָלאָניסטקע, פאָכעט מיט דער בייטש אויבנאויפיק, ווי נאָר פון יוצא וועגן, איבער די ארעמע פערדלעך ,וואָס שלעפּן זיך טראָט ביי טראָט, און זינגט אויס איר סחורה אין דער לופט אריין.

— די פּויערטע — טראַכט שמעון — שעמט זיך גאָר נישט. אמת זי פּאַר־קויפט עסנוואַרג: א קוואָרט קאַרטאָפליעס, א קרענצל ציבאַלעס, אָדער א ביסל שוואַרצע פאַסאָליעס.

אָבער א שטיקל שטאָף אויף א קאָסטיום, צי א דעק צו פאַרשפּרייטן דעם טיש אָדער פאַרבעטן דאָס בעט, דאַרף מען דאָך אויך האָבן; בפרט, ווען מען באַקומט עס אויף אַזעלכע לייכטע קאָנדיציעס!

ער מאַכט זיך האַרין און שוין ביי דער ערשטער טיר, שטעלט ער זיך אָפּ, לייגט איבער דאָס פּעקל פון דער היפּט אויף דער אויסגעבויגענער קני, און הייבט אָן פּליעסקען.

עס עפנט זיך א פענצטער און א יונגע, שוואַרץ־חנעוודיקע פרוי שמייכלט אים צו פריינטלעך:

— אַ קע עראַ?

דערמוטיקט פון פריינדלעכן בליק, פון דער שיינער פרוי, רעכנט שמעון אויס זיין צעטל סחורה און פּרייזן איר אין זיין געבראָכענעם פּאָרטוגעזיש איינרעדן.

— נאָן, נאָן — שאָקלט די פרוי מיטן שוואַרצהאָריקן קאָפּ, אויף ניין, און ווען ער שטייט צו איר צו, ענטפערט זי אין א ליבלעכן אָבער קאַטעגאָרישן טאָן:

— היינט נישט, אַן אַנדער מאָל.

שמעון גייט ווייטער און קלאַפּט, און הגם מע זאָגט אים אָפּ, מוטיקט אים נאָך אַלין די איידלקייט פון דער שיינער בראַזיליאַנערין. ביי איין טיר, קומט אים אויס לאַנג צו וואַרטן, ער פּאַטשט מיט די הענט, קלינגט אין גלעקל — מען ענטפערט נישט, אַוועקגיין וויל ער אָבער נישט; דאָס האַרץ זאָגט אים, אַז גראַד דאָ קען אַמאָל זיין א קונה. לסוף, עפנט זיך א טיר און אַן עלטערער־מאַן מיט א בלייער איבערן אויער, שטעקט אים אַריין אַפּאָר צעכעסטע אויגן און שיפּעט אַרויס מיט א הייזעריק קול:

— עסטעס מאַסקאַטעס, נאָן דעישאַם א זשענטע עם פאַז! (אַט־די פּעדלער, לאָזן נישט רואיק לעבן).

— וואַי עמבאָראַ! וואַי עמבאָראַ! (אַוועק פונדאַנען, אַוועק!) — פאַרהאַקט דער אַלטער די טיר.

ביי שמעונען האָט געפּלאַצט די געקינצלטע אויפמונטערונג, דער „וואַי עמבאָראַ" האָט אים א ברי געטאָן ווי אַ ביס פון א בין און ער האָט זיך דערפילט ווי אויסגעפּאַטשט! א דערשלאָגענער, טראָגט ער זיך אָפּ פון דער טיר, און לאָזט זיך שפּאַנען אין דער וועלט אַריין, אינגאַנצן איבערגעגעבן צו זיינע טרי־בע מחשבות:

---

— ווער האָט זיך געזאָלט ריכטן, אַז פאַניע וועט אים צונעמען פאַר א סאָל־דאַט?... האָט אים דאָך דער נאַטשאַלניק פאַרזיכערט, אַז אַפּיקונסטווע איז נאָך

בעסער פון ערשטער ליגאַטע און אז עס איז נאָך נישט געווען די „פּריסוטסט־ווע”, וואָס זאָל אָפּגעבן אַן אפּיקון... האָבן זיך הפּנים אויף זיין ביטער מזל אויסגעלאָזט אלע כללים... איז ער פון א בראַקער און וואלד-סוחר אין דער היים, געוואָרן א גאַסן-הענדלער, אין א פרעמד לאַנד...

אך! ווי עס בענקט זיך אים נאָך זיין היימישער ארבעט.

אין שמעונס דמיון טויכט אויף דער וואלד. ווייסע, אין זייערע שניי־באַדעקטע קרוינען, שטייען די ביימער און ציטערן פאַר דעם רעש און געפּילדער, וואָס דער ווינטערדיקער פרימאָרגן האָט נעבן זיי אויפגעהויבן, ווי זיי וואָלטן געפילט, אז דער הילך פון די העק און קלימפּעריי פון די זעגעך זיינען אויף זייער לעבן געקומען.

— הע־העפּ! הע־העפּ!! — רופט מען שמעונען פון פאַרשיידענע זייטן.

דאָ, דאַרף מען אויסמעסטן אַן ארונטערגעזעגטן דעמב אויף שוועלן און קלעפּקעס; דאָרט, פרעגן די „טראַטשעס” צי זאָל דער סאָסנע קלאָץ געשניטן ווערן אויף ברעטער אָדער באַלקן; נעבן קאַנטאָר, וויל דער ליעסניק וויסן וועלכן מאַטעריאַל מען דאַרף פירן צו דער באַן.

אין א קורץ פּעלצל און הויכע שטיוול, בראַדזשענדיק אין שניי און שפּאַנענדיק איבער צווייגן, איילט ער פון געשטעל צו געשטעל. ווי א שיפס־קאַפּיטאַן גיט ער ארויס זיינע באַפעלן און דערביי אָטעמט ער איין די פראַסטיקע לופט און די ריחות פון זשאָלוד און זשיוויצע, וואָס שלאָגן פון די פריש־אויפגעריסענע דעמבענע און סאָסנעווע קאָרעס...

איז ער דאָך געווען איינגעוואַקסן אין דעם דאָזיקן וואלד־לעבן... און רחלען האָט ער דאָך אויך באַגעגנט אין וואלד...

פאַר זיין גייסטיק אויג שיילט זיך אויס דאָס בילד פון יענעם הערלעכן פּורפּורדיקן פאַרנאַכט, וועןביידע האָבן שפּאַצירט אונטערן פרייען הימל פּונעם יונגן, אָקאָרשט פאַרפּלאַנצטן שמעקענדיקן סאָסנע-וועלדל.

ער דערמאָנט זיך רחלס צאַפּלדיקע, קינדערשע פרייד, ווען זי האָט מיט אַמאָל דערזען די וויין-רויטע מאַלענע-קעפּלעך ארויסבליצן פון צווישן די גרינע קוסטן... דעם ערשטן קוש וואָס ער האָט איר געגעבן...

שמעונס האַרץ האָט זיך גענומען קאָרטשען פון ווייטיקלעכער נאָסטאַלגיע . . .

— דאַרף ער דאָך רחלען ווידעראַמאָל שרייבן, וואָס זשע זאָל ער איר זאָגן אין דעם היינטיקן בריוו?

— רחלע, טייערע מיינע — האָט ער, אין געדאַנק גענומען דיקטירן דעם בריוו —

— האָסט ביי מיר גענומען דאָס וואָרט איך זאָל גאָרנישט פאַרהוילן פאַר דיר, איך זאָל דיר תמיד ארויסשרייבן דעם אמת, דעם גאַנצן ריינעם אמת וועגן אַלצדינג וואָס וועט מיט מיר פּאַרקומען אין נייעם לאַנד. מוז איך דיר

היינט זאָגן, ליב־הארציקע פרוי מיינע, אז שווער, פיינלעך שווער, קומט מיר אָן דאָס איבערברעכן זיך פון א בראקער אין א גאסן־הענדלער. איך שעם זיך מיט דעם מסחר. אין מיינע אויגן זעט עס אויס א מחיה בזויה. אָבער שמואליק באַרויקעדט מיר, אז איך בין נישט דער איינציקער, אז ער גופא און די אנ־דערע האָבן אויך אזוי געפילט אין די ערשטע, גרינע טעג. ווען מען געוווינט זיך צו — זאָגט ער — דערלייגט מען, חלילה, גאָרנישט צו בראזיל.

א ווײַלער יאט דער ברודער דיינער. ער איז גוט צו מיר, ער לערנט מיך אין מיטיקט מיך. און דאָס לאנד איז באמת א פריי'ס, און די איינוווינער, צו־געלאָזטע און גוט־הארציקע...

---

שמעון האָט זיך אויפגעכאפט ווי פון א שלאָף, און ביי דער ערשטער טיר וואָס ער האָט אָנגעקלאפט האָט ער „געמאכט א קונד".



# צווישן בערג

(אַ בילדל)

אזוי איז שוין דער מנהג פון קדמונים אָן, אין דעם שטעטעלע ב., וואָס ליגט צעוואָרפן איבערן טאָל, צווישן די תמיד-גרינע וואלד-בערג:

אין די שיינע, זומערדיקע פרימאָרגנס, כעלות הבוקר, ווען די זון, א באַהאלטענע, הייבט ערשט אָן ארויסשיקן די ערשטע שטראלן צו די בארג-שפיצן, און אין דער לופט פילט זיך נאָך די אָנגענעמע פייכקייט פון מאָרגנטוי, קומען זיך צונויף די ווייטע „קאבאַקלאס" אין זילבערס גרויס געשעפטס-הויז, מיט די ברייט-צעעפנטע טירן, וואָס שטייט האַרט ביים וואַלד. פארן אַ הוים פאָרן אין די מרחקים קומט מען טרינקען א „שימאראָן", זיך געזעגענען און כאפן א שמועס מיטן באלעבאָס, ועמען זיי רופן מיט דרך־ארץ „סעאו מעסיא".

הינטער די אויגן, הייסט ער ביי זיי „אַ זשודעאָ", אָבער מע האלט א וועלט פון דעם יידן, וואָס „צאָלט גוטע פרייזן פאר תבואות, אַ וואָרט איז ביי אים הייליק און איז א צוגעלאָזטער מענטש".

משה זילבער — א הויכער, פעסט-געבויטער, מיטליאָריקער וואָלינער ייד, מיט א סימפאטיש פנים און שווארצע קאָפּ האָר, עטוואָס געזילבערט ביי די שלייפן, גרייט זיך אויפצונעמען, זיינע פויערשע געסט, זיינע הויפט-קונים. געקומען זיינען זיי נאָך נעכטן. זיי זיינען זיך צונויפגעפאָרן פון די ארומיקע ווייטע וועלדער, מיט זייערע אייזל-קאראוואנען, וואָס שפּאנען איבער די פאר-פלאָנטעטע, שמאָלע בארג-שטעגעלעך און וויגן זיך אונטער די באלאָדענע קוישן, ווי די קעמלען אין דער מדבר. זיי האָבן אָפּגעלאָדן די ערד-פּראָדוקטן, איינגעקויפט זייערע קניות אויף לאנגע חדשים, איבערגענעכטיקט אין באראקאָן, וואָס שטייט אין זילבערס „פּאטרעירא", ווו זיי האָבן אויסגערוט די אייזלען און די רייט-פערד פון דער שווערער ווייטער נסיעה.

נישט ראזירט, אין שטעק-שיך, אָן א רעקל, מיט פארשארצטע ארבל, שטייט ער, זילבער, אין א ווינקל, הינטערן באלקאָן, פארטון אינעם אויסריכטן די „הערווא-מאטע" אין דער „קויאַ" (מאטע-טעפל).

א גוטן „שימאראָן" מאכן איז אן עובדא, און משה זילבער איז דערצו אַ בריה. נעבן אים אויף דער צאל־באנק, בלאנקט אן אלומינינער טשייניק, פון וועלכן עס שלאָגט א ווייסלעכע פארע.

— באָן דיא, סעאו מעסיא! פעיטאָ א נאָססאָ שימאראָנזיניאָ?! (פארטיק אונדזער שימאראנדל?)

מיט אָט דעם בחייטן גוטמאָרגן קומט דער ערשטער אריין קינקאָ גאָמעס, א יונגער ברוינהויטיקער, כוואטסקער בחור, אָנגעטאָן און באוואָפנט ווי אן אמעריקאנער „קאו באָי".

זינט משה האָט, מיט א געשיקטן שפרונג איבערן באלקאָן ארויסגעכאפט ביי אים פון דער האנט דעם רעוואָלווער, וואָס ער האָט געצויגן קעגן א שכן, און אים, דעם „וואלענטאָן" שארף אויסגעמוסרט פאר וואגן אזוינס צו טאָן ביי אים אין געשעפט, פון דעמאָלט אָן האָט קינקאָ א באזונדערן דרך־ארץ פארן יידן. נאָך קינקען, קומט אריין דער אלטער זשעזואינא, מיטן געצײלט־האָריקן אש־קאָלירט בערדל; א גרויסער בריה צו דערציילן רעוואָלווער־געשיכטעס. עס קומט אויך אריין בענטאָ מארטינס, א קליין דאר מענטשל, וועלכער זעט אויס, אין זיין גרויסן ברייט־ראנדיקן שטרויענעם הוט ווי א לעבעדיקער שוואָם. און נאָך בענטאָן — די אלע אנדערע קונים, וואָס האָבן איבערגענעכטיקט אין דער „פאַטרעיראָ". זילבער ווערט אויפגעהייטערט, ער פילט א נאָענטקייט צו אָט די רויע נאטור־מענטשן, מיט וועלכע ער האָט זיך איינגעלעבט. מיט וואָ־רעמער פאמיליארישקייט באגריסט ער יעדן באזונדער; איינעם, מיט א ווויל־יונגערשן קלאפּ אין פלייצע:

— אָ לאָ, באריגודאָ! — (בייכיקער). אן אנדערן באגריסט ער מיט א האנט־באוועגונג ווי ער וואָלט זיך פעכטן מיט אים:

— אי וואָסע ביגאָדודאָ? — (און דו, באוואנצעטער?)

פאר יעדן איינעם, האָט ער, אויפן קאבאקלישן שטייגער, אן אנדערן גוט־מוטיקן צונאמען.

ער דערלאנגט שטרוי־שטולן, מען זעצט זיך אוים אין א האלב־קרייז, און די „קויאַ" מיט דער „באמבע" (ציעפקע) הייבן אָן וואנדערן פון האנט צו האנט פון מויל צו מויל, פון זילבערן צו די געסט, און פון די געסט צוריק צום באלעבאָס.

מע פּיפּקעט ווי פון א ליולקע, מע רויכערט שטרוי־ציגארן און מע שמועסט. און דער געפּלאפּל אין זילבערס געשעפטס־הויז מישט זיך אוים מיטן פויגל־גע־זאנג, וואָס טראָגט זיך פונעם וואלד; מיטן פריידיקן טרילען פון די פינטאסילגאס, מיט דער קלינגנדיקער פלוידעריי פון דער ווייסער סאביא און מיט דער שמי־פּערישער דריי־טעניקער נגינה פונעם בען־טע־ווי.

---

**ווען די געסט געזעגענען זיך אָפּ און, איינגעזאטלטע אין די שאָפּענע פעלצן מיט די געפּלאָכטענע רייט־ביימשלעך פארינגלט אויפן האנט־געלענק,**

פאטשן זיי אוועק מיט זייערע פלינקע פערדלעך (די דינער מיט די באלאָדענע אייזלען זיינען נאָך ארויסגעפאָרן כעלות השחר); דעמאָלט לאָזט משה איבער די לאָקאלע קונים, מיטן גראַשנדיקן פדיון, צו די טונקל־הויטיקע אָנגעשטעלטע און אליין גייט ער אריין אין קאבינעט־צימער און נעמט זיך לייענען די ניו־יאָרקער יידישע צייטונגען.

א ניי לעבן ווייעט אָן אויף אים. ער דערזעט פאר זיך א גאָר אַנדערע גרויסע וועלט; ער דערשפירט דעם דופק פון א פילפארביקער, קאָכיקער, יידישער אקטיוויטעט און עס נעמט אים ארום א גרויסע הארצבענקעניש.

ער ווארפט זיך אריין אין דער שאָקל־שטול, פארלייגט די הענט איבערן נאקן און גיט זיך איבער צו זיינע פלענער וועגן איבערציען זיך און אויפבויען א ניי לעבן אין דער גרויסער שטאָט, און אזוי ווערט ער פארזונקען אין די חלומות, וואָס ער שפינט שוין היפשע עטלעכע יאָר...



# אַ קלאָרער באַווייז...

בערנארד האָט אָפּגעפירט דאָרען פונעם פאָרמאטור־באַל. ער האָט זי באַגלייט ביז צו דער טיר פון איר צימער, אויפן צווייטן שטאָק, געזעגנט זיך און איז אראָפּ פון די טרעפּ.

דורכן אָפענעם פענצטער האָט דאָרא נאָכגעקוקט מיט בענקשאפט ווי בערנארדס שלאנק געשטאלט דערווייטערט זיך, מיט זיין עטוואָס הויגנדיקן גאנג, און האָט געהערט ווי זיינע פעסטע טריט הילכן אָפּ אין דער שטילקייט פונעם באגינען.

ס'האָט שאריעט אויף טאָג. אויפן האָריזאָנט אין מזרח האָבן זיך געשפּרייט זילבערנע שטרייפן און, אונטער זייער אָפּגלאנץ, האָבן זיך ארויסגעשיילט די קאָנטורן פון פינעירא־קרוינען, וועלכע האָבן אויסגעזען ווי ריזיקע מנורה־רערן מיט דיקע בעכער. די דעצעמבערדיקע קאַיאר־לופט איז געווען אָנגעזאפּט מיט טוי און מיטן שארפן ריח פון פריש־צעבליטן זשאזמין.

א ווײַלע איז דאָרא אזוי געשטאנען, א פארגאפטע, אנגעלענט איבערן פענצטער, האָט איינגעאָטעמט די קילע שמעקענדיקע לופט, און אויפגעכאפּט די ערשטע אומזיכערע נאָך פארשלאָפענע טרילן פון די אויפוואַכנדיקע פייגל. דערנאָך האָט זי זיך צוריקגעצויגן אין אלקער אריין און אויפגעדרייט דאָס ליכט. א בלאסלעכע גרינקייט האָט א שלאָג געטאָן אין די אויגן אריין, און האָט פארגאָסן דאָס צימער. א מחנה פלאטער־אינזעקטן און גלי־פליגן זיינען אָנגעלאָפן צום ליכט, און האָבן גענומען טאנצן ארום דעם גרינעם אבאזשור. דאָרא האָט צוגעמאכט די וועניציאנעס, אראָפּגעוואָרפן פון די אקסלען דעם דינעם זיידענעם מאנטל, איז געבליבן שטיין אינעם דעקאלטירטן באַל־קלייד, וואָס האָט ארויסגעהויבן איר שטאַלטנע פיגור און האָט ניט געוווסט וואָס צו טאָן מיט זיך ווייטער. זי האָט ניט געפילט קיין מידקייט און ניט חשק געהאט צו גיין שלאָפן. אדרבה, שעהן, גאנצע שעהן וואָלט זי נאָך געקאָנט אזוי טאנצן און פארברענגען מיט בערנארדן.

— וואָס זאָל זיין די סיבה וואָס סאָפיע איז ניט געקומען אויפן באַל? — האָט זי זיך פלוצים אליין א פרעג געטאָן.

סאָפיע איז דאָרעס א חברטע. ביידע זיינען זיי טעכטער פון ניט־רייכע יידישע עלטערן, וועלכע שטרענגען זיך אָן איבער די כחות צו בילדן די קינדער.

סאָפּיא האָט דאָס יאָר געענדיקט א קאָמערן־שול און דאָרע האָט זיך פאר־מירט אין אָדאָנטאָלאָגיע.

אינטערעסאנטע, באלעזענע מיידלעך, טיילט זיי בערנארד אויס פון די אנ־דערע, און האלט זיך מיט זיי נאָענט. מיט זיי קען ער א חוין טאנצן און פליר־טעווען, אויך רעדן פון א בוך, פון אן אלגעמיינער פראגע, פון אלץ וואָס אים אינטערעסירט.

ביי די מיידלעך איז די צוגעבונדעקייט צו בערנארדן נאָך שטארקער. זיי באוואונדערן אים. זיי קוקן ארויף צו אים. זיינע א מיינונג איז ביי ביידע הייליק.

— מיר וועלן פרעגן בערנארדן! וועסט זען ווי בערנארד וועט זיין אויף מיין צד! הערט מען אָפּט אויסרופן. אמאָל איז עס דאָרע און אמאָל — סאָפּיא.

דאָרע איז ניט אייפערזיכטיק אויף איר פריינדין. א גוטמוטיקע, א צופריי־דענע בטבע, איז איר פרעמד דאָס געפיל פון קנאה.

אָבער איצט פיבערט זי מיט פיינלעכן נייגער אויסצוגעפינען, וועלכע פון זיי פארנעמט מער פלאַץ ביי בערנארדן אין הארצן.

שוין ליגנדיק אויפן געלעגער. די הענט פארפלאכטן הינטערן נאקן, האָט זי אין געדאנק צונויפגענומען אלע איינדרוקן פונעם אָוונט, אנאליזירט זיי, צע־גלידערט איינס ביי איינס, און געזוכט אין זיי אן ענטפער אויף דער פראגע וואָס באאומרואיקט זי:

— וואָלט בערנארד אויך אזוי געהאלטן זיך מיט סאָפּיאן, ווי היינט מיט איר?

אָט דער ספק האָט זי געניטעט מאטערן, און האָט ביי איר אוועקגערויבט די גאנצע פרייד פונעם אָוונט. אָבער זיין האלטונג האָט דאָך היינט פאָרט אָנ־געפילט איר הארץ מיט אזוי פיל זיסע רעגונגען, מיט אזוי פיל האפענונג!...

היינט, מער ווי תמיד, האָט זי געפילט זיין נאָענטקייט; היינט איז ער גע־ווען מיט איר אזוי פארטרוילעך, אזוי אָפנהארציק. אָט דער אמביציעזער, עט־וואָס הוצפהדיקער און אין־זיך־איינגעגלויבטער בערנארד, האָט פאר איר היינט אויסגערעדט זיך דאָס הארץ, און איר פארטרויט זיינע ספקות און זאָרגן:

— ני, יאָ, איך האָב פארענדיקט מיין קורס און באקומען דעם טיטול — טענהט ער צו איר, א פארזאָרגטער, אונטער די קלאַנגען פון זשאז און לוסטיקן טומל — כ'האָב געהאט הצלחה אין באקומען די נאָמינאציע אלס מעדיקער פון דער מוניציפאלער קאָאָפעראטיווע. ס'איז ניט קיין היכער געהאלט. אָבער גע־נוג פאר א באשיידן לעבן פון אן אָנפאנגער. בין איך אָבער ריכטיק צוגעגרייט פאר מיין באַרוף? קאָן איך באמת טראָגן די אחריות פארן געזונט פון די פּאַ־ציענטן? צום ווינציקסטן א יאָר צייט וואָלט איך נאָך באדארפט פראקטיצירן אין גרויסע שפּיטאָלן, אָבער ווי נעמט מען די מיטלען דערצו?

— דו איבערטרייבסט, בערנארד, דו אונטערשעצסט דיין ווערט — טרייסט זי אים — אלע רימען דיך, אלע ווייסן אז דו האָסט זיך אויסגעצייכנט.

— דו גלויבסט אין מיר, דו גלויבסט — ווערט זיין טאָן מונטער און ווייך, און זיינע גרויסע העל־בלויע אויגן גלעטן זי אזוי מאָדנע, אז דאָס הארץ צאַפּלט פאר פרייד...

— נאָך אלץ קיין באווייז ניט — רייצט זיך ערגעץ א שטים מיט דאָרען — וואָלט סאָפיע געווען אויפן באל!...

זי נעמט נאָכאמאָל איבערקלייבן אלע פרטים פונעם אָוונט, צעגלידערט יע־דעס וואָרט, יעדן בליק, יעדע מינע בערנארדס, אָבער אויף יעדן צייכן וואָס שיינט מיט האָפענונג, ענטפערט די להכעיסדיקע שטים: דאָס אייגענע האָט גע־קענט טרעפן מיט סאָפיען...

אירע גלידער ווערן ענדלעך אָנגעפּילט מיט מידקייט און זי דערפילט זיך אויסגעמאטערט.

— פאר היינט וועט זיין גענוג — רעדט זי צו זיך אליין — ס׳וועט נאָך צייט זיין אויסצוגעפינען. שלאָפן! איינשלאָפן! זי לעשט אויס דאָס ליכט. אין צימער רייסט זיך אריין דער אָפשיין פונעם גרויען באגינען.

מיט אמאָל זעצט זי זיך האסטיק אויף, און וואונדערט זיך אויפן קול:

— פארוואָס האָט זי עס גלייך ניט פארשטאנען? ס׳איז דאָך אזוי בולט, אזוי קלאָר!...

זי וויגט זיך מיט בערנארדן אין דער טאנצענדיקער כוואליע, צום טאקט פון דער מוזיק. אין רונד, טרעפן זיי בערנארדס קאָלעגא, זשולינאַ קארדאָזאָ, א רירעווודיקער ברוין־הויטיקער בחור, וועלכער ווארפט זיי צו א חברשן, „האלאָ!" זיין פארטנערין איז א מיטליאָריקע פרוי, אין אן איינפאך קלייד. די פרוי ווארפט נייגעריקע בליקן איבער די ווענט, דעם סופיט, דעם עולם. קענטיק ניט געוווינט צו אזוי פיל פארב, ליכט און לוקסוס. דאן גייט איבער דער פרוים בליק אויף זשולינען און אירע אויגן לייכטן מיט אזוי פיל פרייד, מיט אזוי פיל שטאָלץ!

ס׳איז די מוטער זיינע — באמערקט בערנארד אויף איר, דאָרעס, ניי־געריקייט. — זי איז אן אלמנה, און האָט אויסגעהאלטן זיין שטודיום מיט איר אייגענער פראצע. בערנארד קוקט נאָך דעם פאָרל מיט קנאה און זיפצט ארויס:

— אָה, מיין מאמע האָט דעם נחת ניט דערלעבט!

א וואלקן פארציט זיין הויכן שטערן און דער בליק זיינער ווערט ערגעץ פארלוירן. ער גיט זיך א וואקל און פארלירט דעם טאקט. דאן בעט ער זי איבער־צורייסן דעם טאנץ, און זיי זעצן זיך אוועק אין א שטומער פויזע.

פלוצים רופט ער זיך אָן צו איר:

— זאָג מיר, דאָרע, וואָלסט א בעלן געווען ארויסצופאָרן מאָרגן אינדערפרי אויפן בית־עולם? כ׳וויל לעגן א בינטל בלומען אויף מיין מוטערס קבר. וועסט מיטפאָרן, יאָ?

אינעם אמביענט פון זאָרגלאָזער לוסטיקייט, האָבן זיינע ווערטער געקלונ־גען ווי א פאלשער אקארד אין א סימפאָנישן אָרקעסטער. בערנארדס פארלאנג

זי זאָל אים באַגלייטן אויפן הייליקן אָרט האָט איר אין יענעם מאָמענט אויס-געזען אימטאַקטיש אין ווילד, און האָט ביי איר ארויסגערופן א שווער געפיל און א ווידערווילן. זי האָט אים ציגעזאָגט אָן חשק און תיכף פארגעסן אין דער טרויע-ריקער איינלאַדונג. זיי זיינען ביידע פארשלונגען געוואָרן אין דעם רוישיקן, פריידיקן געווירבל פון קלאַנג, באוועגונג, ליכט און פערפום.

איצט ווערט איר ברוסט אָנגעפילט מיט גליק פון אָט דער דעראינערונג. דאַרף מען נאָך א בעסערן באווייז?...

אזא געפיל, טיילט מען נאָר מיט א נאָענטן, מיט א נאָענטן...

---

פעבערס פון גאָלדענעם זון-שטויב זיינען אריינגעדרונגען אין צימער אריין, ווען דאָרע איז איינגעשלאָפן מיט אַ גליקלעכן שמייכל אויף די ליפן.



# נחת פון אייניקלעך

— טאטע, עס ווערט שפעט, מ׳קען דאָך נישט אָנקומען די לעצטע מינוט.

מיט די ווערטער האָט זיך געווענדט צו ר׳ חיים׳ען זיין עלטערער זון זשאקאָב, א הויכוואוקסיקער, ברוינהויטיקער מאן אין די מיטעלע יאָרן, מיט אן אויסזען פון א געבירטיקן בראזיליאנער.

דער פאָטער, וועלכער איז געזעסן אין עס-שטוב, ביים טיש, און, ביים געלבלעכן שיין פון קריסטאלענעם קאנדעלאבער, אריינגעקוקט אין א ספר, האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, אריבערגעקוקט איבער די ברילן צום זון, און א זאָג געטאָן:

— ווילסטו, הייסט עס, איך זאָל טאקע גיין?

אין טאָן האָט זיך געהערט, אז דער גאנג איז ר׳ היימען נישט ניחא. באמת, וואָס וועט ער דאָרט טאָן צווישן דעם פרעמדן עולם, צווישן לויטער בראַ-זיליאנער? וואָלט ער כאָטש פארשטאנען זייער לשון. אָבער גיי טו עפּעס, אז אפילו די פּאָר ווערטער, וואָס ער קען שוין יאָ ארויסרעדן, איז פונקט ווען ער דארף זיי ווערן זיי נעלם. וויל ער זאָגן „בריגאדע״, פלאנטערט זיך אונטער דער צונג „סקולפּע״ און דארף ער זאָגן „באָנדיא״, כאפּט זיך ארויס „טילאָ-גאָ״... נאָר גיין וועט ער. אז די קינדער שטייען אזוי צו, וועט ער זיי צוליב טון.

ר׳ חיים שטיינבערג איז נאָך א גרינער. ערשט א פּאָר חדשים, זינט די קינדער זיינע, איינגעבירגערטע און איינגעווארצלטע אין לאנד, האָבן אים אריבערגעבראכט אהער אין דער דרומדיקער פּראָווינץ-שטאָט. אוודאי קען ער זיך ניט צופּאסן צום היגן לעבן. ער בענקט, בענקט זייער שטארק, נאָך דער סביבה, וואָס ער האָט געלאָזן אין דער אלטער היים. אָבער צו די קינדער קען ער קיין טענות נישט האָבן. אדרבא, זיי האלטן אים בכבוד, און זוכן כלערליי מעגלעכקייטן אים נחת צו פארשאפן.

ר׳ חיים איז אן איידעלער ייד, שוין קרוב צו די זיבעציק. אָבער ער האלט זיך נאָך גוט. דער רוקן נאָך גלייך. די טריט זיכערע, און אין זיין זשאַ-

וועך-קאָלירטער באָרד איז נאָך זעלטן צו טרעפן א זילבערנע האָר. דער איינ־ציקער סימן וואָס פאַרמסרט זיין עלטער, זיינען די אַנגעלאָפענע זעקעלעך אונטער די אויגן. אָנגעטאָן אין זיין טונקעלן ראָק און ווייכן הוט, און מיט דער צעקעמטער באָרד, זעט ער אויס ווי א נגידישער סוחר אין דער אלטער היים.

ווען ר׳ חיים מיט זיין זון און שנור זיינען אריינגעקומען אין פאַדערשטן זאַל פון אריסטאָקראַטישן קלוב „קאָנקאָרדיא" האָבן זיי דאָרט שוין געטראָפן א היפשן עולם. זשאַקאָב האָט אָנגעוויזן דעם פאָטער אויף א ווייכער סאָפקע, און ער מיט דער פרוי זיינען געגאַנגען באַגריסן זייערע בראַזיליאַנער פריינד.

דער אלטער טאַטע האָט זיך דערפילט עלנט און פאַרלאָזן. אין זאַל איז וואָס ווייטער, אַלץ לעבעדיקער געוואָרן. מענער און פרויען זיינען אונטערגע־קומען. באַקאַנטע האָבן זיך באַגריסט, געשמועסט און געלאַכט. יונגע בחורימ־לעך און מיידלעך, אויפגערוימטע, יום־טובדיקע, זיינען געלאָפן אויף און אָפּ די טרעפּ פון די איבערשטע סאַלאָנען. אָבער ר׳ חיים׳ען איז אלצדינג געווען פרעמד; א פאַרלוירענער, ווי א פאַרלאָזן קינד האָט ער זיך געפילט אין דער אומהיימלעכער סביבה.

א שוואַרץ־הנעוודיק בחורל, מיט שאַרפע אויגן אונטער א ברייטן, אריינגעהויבענעם שטערן, איז אַנגעלאָפן פון די טרעפּ, און אין א שווערן, געמיישטן יידיש האָט ער אויסגערופן מיט פרייד:

— געקומען דער זיידע? ווי ס׳איז גוט! זיידע וועט זען, ווי שיין די סע־רעמאָניע פון קאַלירן גראו.

— וואַרט נאָר - - האָט ער זיך מיט אמאָל א כאַפּ געטאָן, אָפּגעקערט זיך מיט גיכע טריט און א רוף געטאָן דעם לערער, וואָס איז פאַרבייגעגאַנ־גען:

— סעאָו מאַסעדאָ, אום מאָמענטיניא, פאָר פאַוואָר:

פאַר ר׳ חיימען איז שטיין געבליבן א סימפּאַטישער זקן, מיט א שניי־ווייסן קאָפּ, מיט געדיכטע, זילבערנע וואָנצעס און מיט יוגנטלעכער פריש־קייט אין פנים און אין די באַוועגונגען. דער זיידע איז נתפּעל געוואָרן פון דער פּשטות, ווי דאָס אייניקל האָט צוגערופן דעם באַקאַנטן געלערנטן, וועגן וועל־כן ער האָט אזוי פיל געהערט רעדן אין שטוב.

— פּראָפּעסאָר מאַסעדאָ וועט זיין פּאַראַנימף -- האָט דאָס בחורל פאָר־געשטעלט דעם לערער פאַרן זיידן.

דער בראַזיליאַנער זקן האָט מיט א ליבן שמייכל ארומגענומען ר׳ חיים׳ען און פאַמיליאַר געקלאַפּט אים אין פּלייצע:

- מויטאָ פּראַזער, סעאָוס נעטאָס סאָן באָנס אַלונאָס.

— גיטע... אַלונאָס... דיינע... נעטאָס — האָט זיך דאָס אייניקל געמאַטערט איבערצוזעצן דעם לערערס ווערטער.

געריררט פון דער היימישקייט, מיט וועלכער דער ווירדיקער בראזיליא־נער האָט אים ארומגענומען, האָט ר׳ חיים געמוזט זוכן א וואָרט אים צו זאָגן. ער איז אָבער באלד צעטומלט געוואָרן און אָנגעהויבן שטאמלען: סקולפּע, סקולפּע.

---

אין דער „סאלא דע האָנרא", האָט שוין ר׳ חיים געפילט זיך אויפגע־הייטערט. דאָ האָט ער שוין דערשפירט די היימלעכקייט פון די אראבעסקן אויף די גאָלד־פארביקע ווענט, די ווייכקייט פון געדעמפטן בלוילעכן ליכט פון די שיינע זשיראנדאלן; דאָ איז ער שוין אויך געזעסן צווישן אייגענע. עס זיינען אונטערגעקומען די איבעריקע קינדער, שנורן און אייניקלעך.

מיט אמאָל האָט א רעליגיעזע שטילקייט איינגעהילט דעם זאל, און עס האָט זיך אָנגעהויבן די גראדואירונג־צערעמאָניע.

פון די סטודענטישע רייען, האָט זיך אויסגעטיילט א שיין בחורל פון ני־דעריקן וווּקס, האָט געוואָרפן צו די חברים א ווויל־יינגערישן בליק, אונטער־וועלכן ער האָט געזוכט צו „פארדעקן" זיין אומרואיקייט פארן „לאמפּן־פיבער"... און האָט מיט א געבראכן קול גענומען לייענען זיין געשריבענע רעדע:

מיט גרויס רחמנות האָט ר׳ חיים זיך צוגעקוקט ווי די בלעטלעך האָבן געציטערט אונטער דעם בחור׳ס נערוועזע פינגער.

נאָר אָט האָט דער גימנאזיסטן־פאָרשטייער באהערשט די נערוועזיטעט און זיין יונג, ווייך קול האָט זיך העל צעקלונגען איבערן זאל. ער האָט געזיגט, דער שיינער בחורל. הילכיקע אפּלאָדיסמענטן האָבן זיך איבער דער לופט צעשיט. דאן האָט דער באַברילטער פּאָרזיצער גענומען אויסרופן מיט אַ צעצויגן קול, די תלמידים און אויסטיילן די דיפּלאָמען. ביי יעדן נאָמען, האָבן אין זאל אנדערע פּנימער אויפגעשיינט, און הילכיקער זיינען פון יענער זייט די אַפּלאָדיס־מענטן געקומען. ביי נאָמען דאַוויד שטיינבערג האָט דער דירעקטאָר געמאכט אַ פּויזע; ווי דער בעסטער שילער האָט דוד באקומען אַ באזונדערע אויסצייכענונג.

די ריי פון די שטיינבערגס איז באלויכטן געוואָרן מיט פרייד און ביי ר׳ חיים׳ען האָט דאָס הארץ אָנגעקוואלן פון נחת.

דעם אויפטריט פון „פּאראנימפּאָ" האָט דער עולם אויפגענומען מיט אן אָוואציע.

מיט א ליכטיקן שמייכל האָט זיך פּראָפעסאָר מאסעדאָ א נויג געטאָן פארן פּובליקום און מיט דער פרייער האלטונג פון א געניטן אָראטאָר האָט ער אָנגעהויבן שטיל, מיט געציילטע ווערטער.

ר׳ חיים איז געוואָרן געשפּאנט. אים איז דער לערער פון זיין אייניקל זייער נאָענט געוואָרן. תחילת האָט זיך אים געדאכט, אז דער רעדנער רעדט אונטער דער צונג. דאָס קול איז אזוי מאָדנע, עפּעס קומט עס גאָרנישט פון האלדז, פון ערגעץ א זייטיקן רערל קומט עס. נאָר אָט הייבט זיך די שטים

אויף העכער און נאָך העכער, און אָט איז שוין דאָס רערל אַוועק. די ווערטער גלאַטע, געשליפענע, שלאָגן מיט אימפעט, ווי פון א מעכטיקן קוואל, און צעגיסן זיך איבער דער פארגליווערטער זאַל-לופט, ווי די טענער פון א מוזיקאַלישער כלי.

ר׳ חיים האָט טאקע ווינציק פארשטאַנען, כאָטש זשאקאָב האָט אים אָפט איינגערוימט א פארטייטשט וואָרט. אים איז אָבער דער אָראַטאָר גופא ליב געווען.

הפנים, א גרויסער מאן — האָט ער געטראַכט — ווי דאָס פנים שיינט ביי אים! וואָס פאר א בליק דאָס איז!

מיט אמאָל האָט זיך ר׳ חיים׳ען אויסגעדאכט, אז דער רעדנער האָט אָנגעשטעלט די אויגן אויף אים. יאָ, ער פילט זיין בליק. ער שפירט ווי דער בליק דרינגט אים דורך און צערטלט אים... ר׳ חיים איז צעמישט געוואָרן.

— וועגן יידן רעדט ער איצט — האָט אים דער זון איינגערוימט אין אויער אריין. — „יידן זיינען א פאָלק פון גייסט... יידישע תלמידים האָבן שארפע מוחות... בירושה פון דורות האָבן זיי עס... דעם חשק, די התמדה צו הויכע לימודים“...

ר׳ חיים איז ארייגעפאלן אין התפעלות, און אין זיין מוח האָבן זיך גענומען וועבן רעיונות וועגן חסידי אומות העולם... וועגן אפלטון... אריסטו... וועגן גן עדן התחתון...

— —

יענע נאכט איז ר׳ חיים געגאנגען שלאָפן מיט א געהויבן געמיט. די קינדער האָט ער שוין מודה געווען, אז עס טוט אים לחלוטין נישט באנג, וואָס ער איז מיטגעגאנגען צו דער צערעמאָניע. אדרבה, ער האָט בפירוש הנאה געהאט.

— א וויל לאַנד בראזיל! די מענטשן אזוינע פריינדלעכע, אזעלכע ליבע! אין א יידיש קינד קען דאָ טאקע קומען צו גאָר א הויכער מדרגה. ווילע קעפלעך די איניקלעך זיינע! און ווי זיי האלטן עס בכבוד דעם זיידן! דודל. א לעבן אויף זיין קאָפּ, כאפט דעם פראָפעסאָר, א מאן מיט אזא נאָמען, אין מיטן זאל און ברענגט אים פאָרצושטעלן דעם זיידן!

פלוצים האָט ר׳ חיים׳ען א נאג געטאָן אין הארצן און עס איז אים באַפאלן א מרה-שחורה. ער האָט זיך דערמאָנט ווי אזוי דודל האָט זיך געמאַטערט איבערצוזעצן דעם לערערס ווערטער... אָט-די פלינקע איניקלעך, אָט-די שארפע קעפלעך קענען נישט לייטיש ארויסריידן א יידיש וואָרט!... פון יידישקייט שוין אָפּגערעדט, א האָר נישט... גויים פשוטע!...

די מרה-שחורה איז אלץ טיפער און טיפער ארייגעדרונגען אין זיין ברוסט און די טרויעריקע מחשבות זיינען, ווי די בינען, באפאלן זיין מידן מארך און אים נישט געלאָזט קיין אויג צו מאכן.

— וואָס־זשע קומט ארויס פון דעם אלעמען, אז פון דעם שורש זיינען זיי דערוויטערט? מילא, קיין סך פארלאנגט ער טאקע נישט. ער פארלאנגט נישט זיי זאָלן אלע טאָג דאווענען, אָפּהיטן אלע יידישע דינים. די יוגנט גייט אין אנדערע דרכים... א וועלט היינט אזא, און ער וועט די וועלט נישט איבער־מאכן... אָבער דאָס פינטעלע ייד! גוואלד, דאָס פינטעלע ייד!... — ער האָט זיך שיעור נישט צעוויינט פאר צער. — דודל, לאָמיר זאָגן, רעדט נאָך כאָטש א יידיש וואָרט. זעט נאָך א יידישן מינהג. ער וועט נאָך געדענקען דעם אלטן זיידן. אָבער דודל׳ס קינדער?

— הייסט עס אז ביי דודלען רייסט זיך איבער דער פאָדעם — האָט זיך ר׳ חיימס הארץ געקאָרטשעט פון ווייטיק — דער נאָמען שטיינבערג וועט האָבן דעם זעלבן גורל ווי דער מאראנישער נאָמען סילוואַ...

---

אַ געריכטער וואָלקן האָט פארדעקט ר׳ חיימס מוח... ערגיץ ווו האָט א בליץ געטאָן: נצח ישראל... לא אלמן ישראל... און זיינע מידע אויגן־לעדלעך האָבן זיך צוגעשלאָסן.



# די מאַנאַ ליזאַ

נאָסאַ סעניאָרא! נאָסאַ סעניאָרא דאָס דאָרעס! דאָס פּאָרטאָס... דאָ באָם פענסאַמענטאָ! נאָסאַ סעניאָרא דאָ אַמפּאַראָ! נאָסאַ סעניאָראַס פאַר אַ ביליקן פּרייז.

(הייליקע! הייליקע! די הייליקע פון וויטיקן! די הייליקע פון קימפּעטן... די הייליקע פון גוטע כוונות! די הייליקע פון אונטערשטיצונג).

ירחמיאלס קול צעטראָגט זיך אין די זאַמדיקע און טרוקענע שטחים, אין דער קופּערנער לופט, אָן אַן אָפּקלאַנג. די פענצטערלעך פון די שיטערע הייז־לעך זענען צוגעקאָוועט און מע זעט נישט קיין ילוד־אדם אַרום און אַרום.

ער איז אַ ביסל צו־ווייט פאַרקראָכן היינט, דאָ, אין דעם פרישן מקום, וווּ ער איז געווען צום ערשטן מאָל מיט אַ חודש צוריק און ער פאַרלירט זיך וואָס מער צווישן די פאַלדן פון די בערג, ווי דער שטעג פירט אין אָנגעגליטע זאַמדן, פאַרביי ווילעס און ער פאָרשט די שפּורן פון די קונדן, וואָס ער האָט דעמאָלסט „גע־מאַכט".

די לופט איז שטיקער פייער און ציטערט אַזש פאַר אָנגעגליטקייט. עס איז שפּעטער בראַזיליאַנישער „ווינטער". זייט חדשים און חדשים איז נישט געפאַלן קיין טראָפּן רעגן. די גראָזן און קשאַקעס, ווי קרויז־האָר אויף נעגער־קעפּ, ליגן פאַרשרפהט. די לעדערנע בלעטער פון די געציילטע פאַרבלאָנדזשעטע ביימער, דאָ און דאָרט, זענען באַדעקט מיט אַ גראָבער הויט פון רויטער ערד. די לופט איז פול מיט אַ פיינעם שטויב, ווי צעמאַלענער טאַבאַק, און קיצלט אין נאָז.

אין ירחמיאלס שווערער וואַליזע ליגן פאַרפּאַקט די „הייליקע" די „געטער", ווי זיינע חברים פּעדלערס רופן עס. ס'איז אַ סחורה ווי אַלע סחורות, ווי „קאָר־טלעך" זייד, וואָס די רייכערע און סאָלידערע פּעדלערס, „קליענטעלשטשיקעס", פאַרקויפן.

ירחמיאל איז געטראָגן געוואָרן, צוזאַמען מיט פיל אַנדערע, אויפן שטראָם פון די אַלערליי גליק־זוכערס, „גאָלד־קלאַפּערס" (אויפקויפערס פון אַלטן גאָלד) און „געטער"־הענדלער. קיין גרויסע געלטער האָט מען דערצו נישט גענדאַרפט און זיינע חברים, וואָס האָבן מיט אים געוווינט אין איין „פּענסאָן" האָבן אים

געשטעלט קרעדיט ביים פּאַרטוגעזער, דעם גוטן ברודער, וואָס האָט אים איבער־געשטאָפּט מיט „סחורה״...

דאָרט, ביים פּאַרטוגעזער, איז געווען אָנגעלייגט אין אַן ענגן סקלאַד, אין שטייב און אין שימל, גאַנצע בערג אַלערליי קירכלעכע חפצים: צלמים, שטע־רנדלעך, שוואַרצע, אומהיימלעכע פּאַטשערקעס, פון פאַרשיידענער גרויס און אומענדלעך לאַנגע; און א שיער קאַטעכיזמעס, בראָשירטע און מיט גאָלד און זילבער באַליישטע, — אַלין שפּאָט־ביליק, ממש חצי־חינם. דער פּאָרטוגעזער, א פלינקער און באַרעדעוודיקער, מיט א סאַמעט וועסטל, וואָס האָט עפּעס געש־פּילט לגבי ירחמיאלן א פּאַטערלעכע ראָליע און אַנדערש ווי „זונעניו״ אים נישט גערופן, — האָט רק געוואָלט ירחמיאלן איינשלייערן סחורה פון אַלע מינים, — אָנגערופן זיי דערביי מיט גאָרניט קיין הייליקע עפּיטעטן...

ירחמיאל, אונטער פאַרשיידענע אויסריידן, האָט זיך אָוועקגעדרייט פון אָט די אַרטיקלען און בלויז גענומען, ווי די אַנדערע חברים זיינע, צו פאַרקויפן „הייליקע״, די „נאָסאַ סעניאָראַס״: פיל־קאָלירטע ליטאָגראַפיעס אין ראַמען און אין בליי־געגאָסענע פיגורלעך, באַשמירטע מיט לאַק.

ירחמיאל איז א טשענסטאַכאַווער. אין דער היים האָבן יידן מיט אַזאַ סחו־רה נישט געהאַנדלט, כאָטש די שטאָט איז פול געווען מיט קאָשטשעלנע פּי־גורלעך, „הייליקע מאַטקע באָסקעס״. דאָ איז אָבער נישט טשענסטאַכאָוו און ער זעט גוט מיט וועלכע נעמען דער פּאָרטוגעזער פון הורט־סקלאַד רופט אָן די בילדלעך און די פיגורן... סיי־ווי ווייסט נישט זיין משפחה, וואָס איז געבליבן אין דער היים, פון דער פרנסה זיינער. אינגאַנצן שלום מיט זיך איז ער פונדעסט־וועגן ניט געווען און אַן אומבאַשטימטער געפיל פון בושה האָט אים באַגלייט און געגריזשעט. וויפל מאָל ער האָט באַשלאָסן, אַז ווי נאָר ער וועט פאַרקויפן דעם „טראַנספּאָרט״ וועט ער שוין קיין נייעם נישט איינהאַנדלען און וויפל מאָל איז ער שוין ווידער ביים פּאָרטוגעזער! עס האָט אים געצויגן און צוגעשמידט.

ביים אויסלייגן פאַר די פרויען די אויסגעמאַנופאַקטורירטע, ביליקע בילדער און צאַצקעס, האָט ער זיינע קונהטעס געזען אין זייערע דיסקרעטסטע, פאַר־באָרגנסטע נשמה־ווינקלען... זייערע אינטימע וועלטן און זייערע דראַמעס. יעדע „נאָסאַ סעניאָראַ״ איז דאָך פאַר א באַזונדער מין יסורים... ער (און דער פּאָרטוגעזער) ווייס, אַז דאָס זיינען אַלין דאָס זעלבע פּנים, דאָס לאַנגע געכוואַ־ליעטע קלייד, ווי א פּיראַמידע. דער חילוק איז נאָר אין דער אויפשריפט.

עס איז אין דער דאָזיקער פרנסה געווען פאַר ירחמיאלן עפּעס פּיקאַנטעס און מאַגנעטישס, אינטריסטישעס, וואָס ער אַליין איז זיך נישט געווען אינ־גאַנצן קלאָר דערפון. אפשר ווייל עס האָט אים צוגעפירט מיט יונגע פרויען, און דיסקרעטע שמועסן, בעת וועלכע ער ווערט אַזוי אַריינגעוועבט אין זייערע צאַרטע נעצן?...

די ווייבער קויפן די הייליקע זייער גערן, בפרט פון אַזאַ יונגן „רוסאָ״. זיי קוקן צו אים אַנדערש (אַזוי דוכט זיך אים) ווי צו די געוויינטלעכע „קלאַ־

פערס". זיי קויפן די הייליקע בילדער פאר די לעצטע פרוטות און שמייכלען אים, וואָס ער ברענגט זיי אהער, אין די פארלעגענע און פארגעסענע ווילעס, ווייט פון שטאָט.

אין די שעהן פון איינזאמקייט און אין די שעהן פון ליידן, אין די נעכט ווען זיי ווערן איבערגעלאָזט, צי פארלאָזט, פון זייערע מאנען, ווענדן זיך די ארעמע ווייבער צו די „הייליקע" די „נאָסא סעניאָראס דע באָם-פארטאָ", „דע באָא וואָנטאדע"... נישט איין ווייבל דערמאָנט זיך דאן אין שיין-געשטאלטיקן יונגן רוסאָ, וואָס האָט איר דעם הייליקן ארייגעברענגט אין שטוב...



עס איז שוין שפעט נאָכמיטאָג. ירחמיאל האָט נאָך היינט גאָרנישט „אָנ-געקלאפט". אין דער וואליזע ליגט ביי אים דאָס פארגרעסערטע בילד פון דעם נייעם קונד, דער דאָנא סעסיליאס, וועמענס הייזל דארף דאָ ערגעץ ליגן פאר-שטעקט צווישן די בערגלעך. זוכנדיק זי רופט ער מאָנאָטאָן דעם איינגעהזרטן פיזמון:

— „הייליקע, הייליקע פון ווייטיקן, פון גליקן, הייליקע פון גוטע כוונות, הייליקע פון שיינקייט"...

און אָט האָבן זיך מיטאמאָל א שאָט ארויסגעגעבן פון איין שטיבל א גרופע יינגעטשקע ווייבער, פארזאמלטע געווען ביי א שכנה. פרויען יונגע, כמעט נאָך קינדער, האָבן זיי געשלעפט אויף די ארעמס פיצעלעך, עופעלעך.

די יונגע מאמעס רינגלען ארום ירחמיאלן און פרעגן אים אויס וועגן די פיגורן, די בילדער, ווי ער וואָלט געווען משפחה מיט די „הייליקע", ווי ער וואָלט געווען א געשיקטער פון זיי...

ירחמיאל נעמט ארויס די גלאטע, צאצקעדיקע, גולמדיקע הייליקע, מיטן אָפּגעבליאקעווען און פארשטארטן בליק און קלערט זיי אויף מיטן לאנג-איינ-געהזרטן שפרוך:

„די אטא, — איז פאר א לייכטער קימפעט; די אנדערע, — פאר האָבן ריינע מחשבות; און די ווייטער פאר זוכה בגורל זיין...

דער ערשטער ענטוזיאזם ביי די קויפערינס איז פארביי. קיין איין ווייבל באשליסט נישט צו קויפן. פון דער אייגענער פּראקטיק און פון די דערציילונגען פון זיינע חברים, ווייסט ירחמיאל, אז ווען א סך ווייבער זיינען צוזאמען, היטן זיי זיך צו קויפן „הייליקע", כדי נישט מגלה-סוד זיין זייטיקע, וואָס עס קוועלט און דריקט זיי... זיי קויפן נאָר, ווען זיי געפינען זיך אויג אויף אויג מיטן פאר-קויפער.

דאָ איז אנטשטאנען א קאלטע שטילקייט. איינגאנצן אָפּזאָגן דעם פארקוי-פער האָט זיי אויך נישט געפאסט, ווי דער שטייגער איז ביי בראזיליאנער פרויען. ירחמיאל קען שוין אזא סיטואציע און ער האָט אָנגעגרייט דערויף די הייליקע

„נאָכא סעניאָרא דע בעלעזא”, דאָס איז די מאנא ליזא... זי ליגט אויפן סאמע דנאָ פון זיין וואַליזע. ירחמיאל דערהייטערט זיך אויף א פאָר שריט און הייבט הייך אויף דאָס שטאַלטנע בילד פון דער ווונדערלעכער פרוי, „די הייליקע פון שיינקייט”, „נאָכא סעניאָרא דע בעלעזא”. די ווייבלעך ווערן צעטומלט... ער דערקלערט זיי, אז דאָס בילד איז א סגולה צו איינהאלטן די יוגנט־שיינקייט און אויך צו פאַרענדערן דאָס פנים פון יענער, וועמען די נאַטור האָט, „קויטאדאָ”, פאַרטיילט...

ירחמיאל פאַרקויפט איינציקע „מאַנאַליזעס” און פאַרפאקט זיין קראָם „גע־טער”.



דער באַרימטער און געניאַלער איטאַליענישער מייסטער האָט זיך זיכער נישט פאָרגעשטעלט סארא ראָליע זיין ווערק וועט שפּילן... דער פּאָרטוגעזער, דער באַלעבאָס פון הורט־סקלאַד, פאַרנעמט זיך אויך מיטן פאַרגרעסערן און פאַר־וואַנדלען אין אלערליי קאָלירן פאָטאָגראַפישע בילדער און די פאַרקויפער פון די „הייליקע” זיינען זיינע אגענטן, וואָס נעמען אָן צו פאַרגרעסערן און צו פאַר־שענערן זייערע בילדער פון דער כלה־צייט, צי פון דער יוגנט, איידער דאָס ביטערע לעבן האָט באַוויזן צוצעאַקערן דאָס געזיכט. די דזשאַקאָנדע ווערט ביי אזא משא־ומתן פאַרוואַנדלט אין א מאָדעל.

יעצט שלעפּט זיך ירחמיאל צו זיין לעצטן „קונד”. איר הייזל דאַרף זיין דאָס לעצטע אין דער ווילע, דערמאָנט ער זיך גוט, און פראַזויעט איינזאַמקייט, אזוי ווי די דאָנא סעסיליא. זי איז א קינדערלאָזע און אן אלמנה זייט יאָרן. מיט א חודש צוריק, ווען ירחמיאל איז געווען אין אָט דער געגנט צום ערשטן מאָל, האָבן די פרויען וואָס ארום איר געבעטן, ער זאָל נישט אויסמיידן די דאָנא סע־סיליא, קויטאדאָ, „ווייל זי ערשט נייטיקט זיך אין דעם מיטלייד פון די „גע־טער”, אויך פון די מענטשן, מחמת זי איז פול מיט „יסורים” און קומט אָפּ זיי פאַר פאַלשע שריט און אומבארעכנטע וועגן, וואָס בעסער נישט צו רעדן וועגן זיי”...

אזוי האָבן דאן די שכנות וועגן איר אָנגעוויזן און עס איז איר שווער געווען צו דערקענען, צי זענען עס אויפריכטיקע רייד, צי איראָנישע. ער האָט דאן לענ־גער זיך פאַרזוימט ביי איר. להיפוך צום אָנגענומענעם שטייגער ביי די ווייבער אין לאַנד, וואָס לאָזן קיינמאָל נישט אריין אינעווייניק א פרעמדן מאַן, אפילו ביי א קאָמערציעלן פאַל, האָט זי אים דאן אריינגעבעטן אין שטוב. ווען ירחמיאל האָט איבערגעדייטשט דאָס צעטל „הייליקע”, האָט דאן דאָנא סעסיליא זיך פאַר־קרימט און בלויז זיך געלאָזט צורעדן צו פאַרגרעסערן אירס א יוגנט־בילד צו א וואַנט־פּאָרטרעט. ער האָט צייט געהאַט זיך ארומצוקוקן אויפן אויפגערוימטן צימער. אין יעדן ווינקל האָט געהערשט א מיידלשע ציכטיקייט און געוויינט א גע־פרעסטע לופט פון בלומען־ריח. די דאָנא סעסיליא, א פרוי שוין א פאַרוועלקטע, האָט נאָך פונדעסטוועגן קאָנסערווירט עפּעס א געוויזענעם רייץ. די בליקן פון

אירע גראָע אויגן האָבן געזייעט צער און דערוועקט דאן ביי ירחמיאלן רחמנות, געמישט מיט נאָך אנדערע געפילן.

ער האָט זיך דעמאָלסט לענגער פארזוימט ביי איר און צוליב איר פארשפּע־טיקט דעם לעצטן צוג. האָט זי אים באגלייט אין די שטאָק־פינצטערע דורכגענג פון די בערג, צו דערגרייכן אן אויטאָבוס, וואָס לויפט אויף דער עסטראַדע. זיי האָבן זיך צעשמועסט דאן וועגן גורל פון איינזאמע מענטשן. איז דאָך ירחמיאל אויך אן אליינינקער...

יעצט האָט ער זיך דערנענטערט צו איר מיט א געפיל פון שפּאנונג. זי האָט שוין געוואַרט אויף אים, ווייל עס האָבן זיך דערטראָגן צו איר הייזל די קלאנ־גען פון דעם מסחר, וואָס זענען נאָר וואָס פארשטילט געוואָרן ביי אירע שכנות.

זי איז, ווי דעמאָלסט מיט א חודש צוריק, געזעסן אויף די טרעפּלעך פון איר גאניק, ווי א קינד. פונדערווייטנס האָט זי אין ירחמיאלס אויגן געכאַפּט אן אויס־זען פון א פארעלטערטער, אויסגעטרוקנטער פרוי. פון די צעלאָזענע האָר האָט דאָס פארנאכטיקע ווינטל אוועקגעבלאָזן דאָס ביסל יונגקייט און זי נאָך מער פארעלטערט. אָבער ווען ירחמיאל איז געשטאנען מיט איר פּנים אל פּנים האָט ער אויפסניי דערפילט דעם בליק וואָס א חודש פריער, דעמזעלבן צער און דאָס זעלבע פייערל פון א, אין גלוסט־טליענדיקער, פרוי.

— „באָא טארדע” דאָנאַ סעסיליאַ! באגריסט זי ירחמיאל און שלעפּט ארויס פון דער וואליזע דאָס פארגרעסערטע בילד אירס, וואָס איז געווען פארפאקט צוזאמען מיטן קליינעם אָריגינאל.

— קאָמאָ־וואי? — ענטפערט אים אָפּ די פרוי, „קום אריין אין שטוב. אי־נעווייניק איז קיל, וועסטו זיך אָפּרוען אביסל.”

ירחמיאל קומט אקעגן א דערקוויקנדע קילקייט. אין שטוב איז נאָך געשטא־נען דער זעלבער אראָמאט פון א חודש צוריק און די זעלבע רואיקע ציכטי־קייט. די דאָנא סעסיליא דערלאנגט ירחמיאלן א האנטעך זיך אָפּצווווישן דעם שטויב און דעם שווייס. זי גיסט אים אָן פון פילטער א גלאָז קאלט וואסער.

ירחמיאל, אן איבערגענומענער פון דער גאסטפריינטשאפט, פון דער שטיל־קייט און קילקייט אין צימער, רוט זיך אָפּ. נישט געפינענדיק קיין ווערטער אָנ־צוקניפּן א שמועס, דערלאנגט ער איר גלייך דעם צונויפגעוויקלטן פאקעט:

— נא, זע, ווי געראטן און ענלעך דו ביסט ארויסגעקומען, דאָנא”.

ווען דער פּאָרטוגעזער האָט אים געהאט איינגעפּאקט דאָס בילד האָט ירח־מיאל עס נישט געהאט געזען. ווען נישט, וואָלט ער עס זיכער נישט געווען צו־געטראָגן צו דער דאָנא סעסיליא. פון דעם אויפגעוויקלטן פּאָרטרעט האָט ארויס־געגרויט א פארקנייטשט באשעפעניש, מיט צוגעפּרעסטע ליפּן און בייזע צאָרנ־דיקע בליקן, געווענדעט אראָפּ צום אייגענעם געזיכט, א מאטעס און א פאר־זאָרגסט ווי א בילד פון א געשטאָרבענער.

ירחמיאל איז געבליבן א פארשטיינערטער. די שפאנונג פון גאנצן חודש־צייט זיך אייפּבניי צו באגעגענען מיט דער דאָנא סעסיליא איז פלוצים אָפּגע־האקט געוואָרן, אָפּגעבראָכן געוואָרן. א גרויס רחמנות האָט זיך אין אים אָנ־געצונדן אי צו דער פרוי, אי צו זיך...

די דאָנא סעסיליא, פארשטיקנדיק די פארשעמונג און באליידיקונג האָט גע־מיישט אין דער וואליזע פון ירחמיאלן. זי האָט מיט צער און פאראכטונג אוועק־געשטויסן די ביליקע בילדער פון די געטער, די פיגורן פון די הייליקע, ביז זי האָט זיך אָנגעשטויסן אין דעם שמייכלדיקן פרויען־קאָפּ, מיט די צעלאזענע האר־פאסן, מיט דעם גליקזעליקן בליק פון דער מאנא־ליזא.

זי האָט צעקנייטשט איר אייגענעם פארגרעסערטן פאָרטרעט. שפּיגלענדיק זיך אין דעם אָפּבילד פון דער פרעמדער פרוי, האָט זיך איינגעשטילט פאמעלעך, פאמעלעך דער צער פון אירע בליקן און זיי שפּעטער ווארעם צוגעווארפן צו ירחמיאלן...



# דער אלבום

שווער געווען אנטשלאָפן צו ווערן. א נערוועאישער אומרו־צושטאנד האָט מיט כוואליעס נודנער היץ זיך צעגאָסן לענגאויס זיין גאנצן גוף. סע־ניאָר צאָליק האָט אויפגעקנעפּלט זיין פידזשאמע־רעקל, מיט אַ האנטוכל אויסגעווישט דעם שוויים פון זיין גרויער באהאָריקטער ברוסט, פונעם צע־קארבטן האלדז און שטערן. אפילו דאָס קיל־ארייַנגעלופטיקטע ווינטעלע, דורכן אָפענעם פענצטערל, האָט באין־אופן אים ניט אָפּגעקילט, און בארויקט.

עס האָבן איצט ווערטער ווי ווערעמלעך זיך גערעאָיעט אין סעניאָר צאליקס מח: „מאָרגן וועט סאריטעלע זיין איין־און־איינציק איינקל, עולה זיין קיין ישראל. יאָ, מאָרגן... איצט הערט זיך נאָך איר הילכיק כראָפּען, טאקע דאָס־זעלביקע וואָס האָט מעלאָדיש־זיס יאָרנלאנג געקלונגען אין זיינע אויערן. אָבער דערנאָך? דערנאָך וועלן זיי אָנקומען די אָסיענדיקע, קאלעמוטנע טעג פאר אים. אָט דאָס מיידלשע צימערל וועט פוסטעווען, אויסגעהוילט פון לעבן. און אן עלנט וועט ווי א שווערע משא דריקן זיין געמיט”.

אינצווישן האָבן זיינע אויגן זיך באגעגנט מיטן אלבום. וואָס האָט לאנג, לאנג שוין א ניט־אָנגערירטער, א פארגעסענער, שלום־ושלוה׳דיק גערוט אויפן טישעלע לעבן זיין בעט.

פאטעריש־הארציק האָט ער אָנגעהויבן צו גלעטן און צערטלען זיינע טאָוולען, מיט טונקעלן קראָקאָדיל־לעדער באצויגענע. דערנאָך מיט א פּנים איינגעהילט אין יראת־הכבוד, אזוי ווי ביים אריבערטרעטן די שוועל פון אַ מקום קדוש, האָט ער אויפגעקנופּט דאָס פלושענע שנירעלע ארום אים. דער באלד־געעפנטער אלבום, האָט פאר צאָליקס אויגן אויפגעבלעטערט א גאנץ לעבן כמעט. און שוין באלד, אויפן ערשטן זייטל, האָט פאר אים זוניק אויפ־געשטראלט „זיין” רייזלס גוטמוטיקע צורה. אלט, זייער אלט איז געווען דאָס בילד.

אויף איינזיקע ערטער האָט שוין די עלטער געל־זשאווערדיק זיך געש־פּרענקלט. סעניאָר צאָליק האָט ערשט איצט, גוט זיך איינגעקוקט און איר

צירה. „אַזוי־אָ טאַקע האָט זי אויסגעזען אין איר גאַנצן לעבן. אַזוי־אָ טאַקע — אַט דערהאָזיקער וואָרעמער שמייכל, וואָס האָט דוכט זיך יעדן איינעם געמאָנטערט, געטרייסט, וויפל מאָל איז עס ניט געשען ווען ער, אַן אומצופרידענער, האָט זיך פאַר איר באַקלאָגט אויף דער שווער אויסגעהאָרעוועטער פּרנסה ביי קליענטעלע־אַרבעט, אויף דער פּאַרנאַכטיקער מידקייט, און די כמעט־אומגעהאַקטע פיס? רייזל, אָבער, האָט אים שטענדיק באַרואיקט מיט אַן אויסרייד, און מיט אַ מעשה וועגן עפעס אַ באַגעגעניש, אָדער אַ געשעעניש. עס עבאָט אָפּ נאָך אַצינד אין זיינע אויערן איר מאַמעדיק־ווייכע און פליושיק־גלאַטע קול: ניט כדאי, צאַליקל, ניט כדאי דאָס לעבן צו פאַרביטערן מיט אַזעלכע קליינינקייטן".

— „קליינינקייטן, זאָגסטו?"

— „אוודאי, צאַליק. אונדזערע טעג, אונדזערע יאָרן זיינען דאָך געציילטע".

— „יאָ, געציילטע..."

אַזוי ווי אַ פאָדעם־קנײַלכל האָט זי אָנגעהויבן אויפצוּוויקלען פּאַסירונגען: „הערסט?... ערשט אַנומלטן האָב איך געזען אַ קאַליקע. אָן פיס, האָט ער זיך געראַטשקעוועט אויפן טראָטואַר, און געבעטלט נדבות. אָן פיס... דאַכט זיך וואָס קאָן שוין זיין ערגער? אָבער זיינע אויגן האָבן אויסגעזונגען אַזויפיל פרייד און צופרידנקייט!" צאַליק האָט געוווּסט אַז דאָס אַלעס אָפּט דערציילטע, איז געווען אויסגעטראַכט. דאָך האָט ער זיך געלאָזט באַווירקן פון אירע ווערטער, זיך געוואָרעמט אַרום זיי, ווי אַרום אַ לעבעדיקן פייערל אין אַ קאַלטן ווינטער־טאָג.

אַ וואונדער ממש ווי עס האָט ביי איר די צייט געקלעקט פאַר אַלין און אַלעמען. אַ געטרייע באַלעבאַסטע, אַ האַרציקע מאַמע. דאָ געאײַלט אינעם יידישן פּאָליקלינִיק אַריין עמיצן מבקר־חולה צו זיין. דאָרט — געלט געזאַמלט פאַר אָרעמע יתומים, און אַלטע עלנטע לייט. און שטענדיק מיט אַן אויסרייד, אַ מין פאַרענטפערן זיך: — „צאַליקל, מיר מוזן ווי טאַטע־מאַמע זאָרגן פאַר די אָרעמע קינדער. ס'איז אונדזער חוב... זיי זאָלן אויסוואַקסן אָן קנאה און שנאה צו אונדז".

אָדער: „צאַליקל, די אַלטע עלנטע לייט דאַרפן אונדז דינען ווי אַ וואָרנונג, אַז אויך דאָס זעלביקע, גאָט זאָל באַהיטן, קאָן מיט אונדז געשען".

איר שמייכל האָט אייביק געזוכט פאַר אים אויסצובאַהאַלטן אירע לעצטע חדשים אין טעג. עס איז געווען די אומדערוואַרטעטע שרעקלעכע קראַנקהייט, וואָס האָט זי טאָג־טעגלעך מער אויסגעדייוועט. אָבער די אַלבאַבטער־ווייסקייט פון איר פּנים, אירע אויגן וואָס האָבן ווי פאַרשעמטע זיך געזוכט צו באַהאַלטן אין אַלין טיפער־געוואָרענע אויגנלעכער, האָבן זי געמסרט.

ער האָט זיך דערשראָקן.

מיט א פארקלעמטע הארץ האָט ער מיטאמאָל דערפילט דאָס אומפאר־מיידלעכע, שנעל־אָניאָגנדיקע, וואָס וועט אים, אין א ליאדע טאָג, ווי א בארג צופלעטשן.

— „רייזעלע, ביסט ניט געזונט?"

עס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס די שטענדיק־בארײדעוודיקע רייזעלע, האָט געשוויגן. אפשר האָבן אירע בלאסע ליפּן, געפרוּווט ארויסצוצי־טערן א פּאָר ווערטער, זיי האָבן אָבער באלד זיך צוזאמענגעקלעפּט, און מסתמא פארשלאָסן א סוד אין זיך. אפילו דער נאָענטער טויט האָט ניט גע־קאָנט פארטרייבן דעם רואיקן שמייכל ארום אירע מוילווינקלען. אָ, דער זי־סער טויט!

* *
*

קוק זיי נאָר אָן! באטראכט גוט אָט דאָס יונגע פּאָרל אויפן בילד! יונג, צופרידן, פעסט ארומגענומען, קאָפּ צו קאָפּ, באקן גלייכווי צוזאמענגעקלעפּטע און אויגן חלומען מיט אייביקן גליק. אזעלכעס וואָלט אפשר געקאָנט מעגלעך זיין. ווייל וואלדעמאר האָט פון זיין מאמעס גוטהארציקייט זייער פיל גע־ירשנ׳ט, און לואיזאס פרייד האָט אויך עפּעס דערמאָנט אין רייזעלעס, צוויי זאפטיקע פרוכטן פונעם טראָפּישן בראזיל. ליידנשאפטלעכע, פייער־הייסע, אזויווי די זומערן פון אָט דעם לאנד.

קוקנדיק אויף זיי, האָט פּאָטער צאָליק שטענדיק זיך דערמאָנט אין דעם ריזיקן אמאזאָנאס־טייך. שוין א סך יאָרן פארלאָפן זייט ר׳האָט אים געזען. ווי גראנדיעז שיין, א באזילבערטער אין לבנה־נעכט, זינגט ער אוים זיין ליד! עס אקאָמפּאנירן אים כאָרן ווייטאָפּעכאָדיק פון מעכטיקע וואסער־פאלן און ווינטן, פון פּאָפּוגייען, פּעריקיטאס, אראראס און אנדערע פּרעכטיק־אויסגע־פוצטע פייגל, מיט א הייזעריקן גערכראָפּעריי פון אָנסעס, אין אייביק־גרידיכטע וועלדער לעבן אים. דוכט זיך אז אפילו די ריזן־שלאנג, די „זשיבאָיע" טאנצט ריטמיש צום טאקט פון אט דעם גרויסן געזאנג. ווי שטורעמדיק, אָבער, ווערט דער אמאזאָנאס טייך מיטן אָנקומען פון זיין „פּאָראָראָקאָ". זיין דונערדיק־ברומען הילכט אָפּ מיט א געקנאל פון טויזנטער הארמאטן. א צעפּינעטער, אַן אויפגעברויזטער, שליידערט ער ווי שפּילצייג אין דער לופטן פישער־שיפּ־לעך און דאמפּערס, גיריק פארשלינגט ער אינדזלעך, רייסט גבורה׳דיק אָפּ שטיקער וועלדער, פעלדער, און טראָגט זיי נאָך — באגראָזטע, באבוימערטע צו אומבאשטימטע ברעגעס, יאָ, צו אָט דעם אמאזאָנאס־ריז האָט ער דאָס פּאָר־פּאָלק פארגליכן. זיי האָבן זיך ליב געהאט. לואיזאס ליבע איז געווען, אויפריכטיק, געטריי, צו איר מאן. וואלדעמארס, אָבער אומבאגרענעצט, אומגע־צוימט, ברייט און טיף ווי דאָס לעבן זעלבסט.

וואלדעמאר איז געווען אן ערשטקלאסיקער עלעקטראָ-טעכניקער, ער-לעך און פערפעקט אין זיין ארבעט. און טאקע גוט פארדינט, אָבער אויך צעטרענצלט ברייטהארציק זיינע פארדינסטן. דעם — אנטליען, יענעם — מיטגעהאָלפן. נאָר די אייגענע היים, זיין פרוי און קינד, האָט ער פארנאכ-לעסיקט. באלד נאָך דער חתונה, האָט ער גאנצענע נעכט זיך אָפגעזונדערט אין א צימער, און געלערנט און זייער אָפט, אויך מיטגעבראכט יונגע מענטשן מיט פנימער אויסגעבלייכטע, און אויגן ניט-דערשלאָפענע. מיט אייביקער אומ-צופרידנקייט און עפעס בונטארישעס אויפברויזנדיקס, האָט זיך אָנגעפולט דאָס צימער. ביז העט שפעט אין די נעכט האָט מען זיך געהיצט, פלאמיק דיס-קוטירט. ווערטער פלעגן זיך איבערהוזן, און יעדעסמאָל אנדערשדיק ארויס-געזאָגט און באטאָנט געוואָרן. פאָליטישע לאגע... עקאָנאָמישע לאגע... פע-טראָליאום... וואפן-מאגנאטן... רעכטס... לינקס... פאשיזם, נאציזם, קאָמוניזם, איטאליע, דייטשלאנד, רוו-סלא-אנד!

פונקט דעמאָלט פלעגט פון זייער שלאָפצימער ארויסווייגען לואיזעס בע-טנדיקע שטימע: „וואלדעמאר קערידאָ... אזוי שפעט שוין..." איר אומרואיק דרייען זיך אויפן קרעכצעדיקן בעט, איר געדולדיק שווייגן אין דער פארבי-סענער שטילקייט פון שלאָפצימער, פלעג ניט געדויערן. ווי א פלוצימדיק איופגעשטאָפטער קוואל, האָט א היסטעריש יאמערן און שרייען, זייער, זייער אָפט צעשניטן די שטילקייט. און גלייכווי וועלנדיק אויסלאָדענען פון זיך א דריקנדיקע וייטיק, האָבן אירע הענט געהאמערט אין די ווענט, און די בעט-פארענטשן. דערנאָך האָבן אָנגעהייבן הילביק צו פאלן בענקלאך, מעבל-שטיקער, באגלייט מיט א געבראזגעריי פון צעבראָכענעם גלאָזווארג. אָנגעזאפט מיט שרעק איז געווען איר שרייען: וואאאלדעמאר, וואאאלדעמאאר! עס האָבן באלד זיך דערהערט וואלדעמארס איילנדיקע טריט, און ווערטער בארואיקנדיקע:

— „לואיזאַ... לואיזיניא... אָט בין איך דאָ... לעבן דיר... אָ, אָ, וויין ניט.

שפעטערצו האָבן נאָך ארומגעשפאצירט איינציקע שלוקערצן אין דער פינצטערניש פון שטוב, שטיל-איינגעוויינטע ווערטער האָבן זיך נאָך בא-קלאָגט. אנדערע האָבן בארואיקט. און נאָך אביסעלע שפעטער, איז ווי נאָך א שטורעם אָנגעקומען א דערלייכטערונג מיט א שטיל שושקען זיך און... לאָכן. עס האָט זיך דערהערט א הילכיקער הייסער קוש. דער מאנטל פון ליבע האָט אלצדינג צוגעדעקט — — — — אָבער לואיזאס קאלעמוטנע-רייטע, ניט דערשלאָפענע אייגן, איר פארגעלטער פנים און די אינדערפריען, האָבן ווי מעסערלעך, געשניטן פאָטער צאָליקס הארץ.

— „באגייסט א פארברעכן, זונעניו".

„קענען ווערבן, מאטע?"

— „לגבי דיר, דיין פרוי און קינד. לואיזא זעט דאָך אויס ווי א ניט-אָפּ-געפרישטע וואזאָנע, זאָג מיר דעם תכלית דערפון".

— „תכלית? מיליאָנען מענטשן שמאכן אצינד, א גאנצע וועלט בלוטיקט. נו, זאָג מיר, ס'אַרא רעכט האָב איך עס, זיך אָפּצוזונדערן אין מיין ענגן לעבן, אין מיינע באגרענעצטע אינטערעסן?״ — — — — —

אודאי איז דאָס לעבן ניט געווען באזונדערס מילד צו צאַליקן. אזעלכע אומגעריכטע קלעפּ, וואָלטן דעם שטארקסטן דעמבנבוים געקאָנט איבערברעכן. אָבער ער, ווי א פעלז אינמיטן א צעשטורמטן ים, איז געבליבן פעסט, סאָליד, פאַרהארטעוועט. אפשר איז גערעכט געווען רייזעלע: „ניט כדאי די וועלט צו באלעסטיקן מיטן אייגענעם ביסל טרויער״.

אפשר איז געווען גערעכט וואלדעמאר: „ווי אזוי קאָן מען זיך היינט צו טאָג אזא לוקסוס פארגינען, צו פארשליסן זיך אינעם אייגענעם טרויער, צי — פרייד, ווען א וועלט קנוילט זיך אין ווייען?״

---

און דעמאָלט שוין האָט די היטלער־הידרע־שלאנג אָנגעהויבן צו פארגיפטן די וועלט. די מלחמה איז א שטורעמדיק־צעצאַרענטע אָנגעקומען. צאליק גערעכנט גוט יענעם טאָג. פאר אים איז געשטאנען וואלדעמאר קאלטבלוטיקאויסגערעכנט. זיין פּנים אָן א שמצל טרויער, אָן א מינדסטן סימן פון אן אינערלעכער אויפגערעגטקייט.

— „טאטע, איך גיי אין מלחמה אריין״.

א קאלטער שוויס האָט באדעקט צאַליקס לייב. ער האָט דערפילט ווי דער לעצטער וואַרעמער טראָפּן בלוט איז פון זיין גוף מיט איין מאָל נעלם געוואָרן.

— „זונעניו ביסט חסר־דעה?״

— „ווי א בראזיליאנער בירגער״...

— „אָבער דו מוזט דאָך ניט, ביסט אויך ניט געצוואונגען דאָס צו טאָן״.

— „ווי א מענטש — יאָ, בין איך פארפליכטעט, פרייוויליק עס צו טאָן״...

— „וואלדעמאר, כ'האָב זיך קיינמאָל נישט באקלאָגט פאר דיר. איך בין אלט, און ווער נאָך עלטער... און היינט דיין יונגע פרוי, דיין קינד... ווייסט כאָטש לוואיזא דערפון?״

— „יאָ... זי גלויבט מיר ניט... זי וויינט דאָרט אין צימער...״

* *
*

אין סעניאָר צאַליקס מח איז נאָך טיף איינגעקריצט געבליבן, זיין זיידנס שטיל וויינען אין די קליינשטעטלדיקע תשעה־באב נעכט. אין אָט יענע נעכט האָט דער שטילער גע־יאָמער זיך באזעצט אין זיין קינדישן הארץ און מח. א

וואכער, מיט אויגן אנגעשראָקענע, איז ער געלעגן אויף זיין געלעגער. דעם ייִדנס חורבן־געוויין האָט דעמאָלט ארויסגעשריען פון זיין גאנצן וועזן. אָבער אזא וויינען ווי לואיזאַס, אין יענער לעצטער נאכט האָט ער נאָך נישט געהערט. ווי איז ער ביכולת דאָס אויסצומאָלן, דערציילן?

— „וואלדעמארזיניו טייערער. נאָך מע אבאנדאָנע... איך בין נאָך יונג... מיר זיינען נאָך אזוי יונג... בין איך דען דיר נישט געווען געטריי? וואָס פעלט דיר? זאָג מיר... אָ, זאָג מיר...

דורך א שפּאַרונע פון דער טיר, האָט פאָטער צאָליק געזען וואלדעמארן. שטום ווי א שטיין איז ער געשטאנען פאר איר. זיינע אויגן אָן א מינדסטן פינטל, פון זיין מויל אפילו קיין פּיפּס נישט. אך, ווי ער האָט עס אים דעמאָלט געהאסט. עס האָט זיך אזוי געוואָלט צולויפן, אים אָנכאפּן ביים האלדז, און שרייען: דו, קאלטער גזלן, זאָג! זאָג עפּעס... אפשר ווארעמע ווערטער כאָטש — — — — נו, ווי איז ער איצט בכח זיך צו דערמאָנען די דערנאָכדעמדיקע געשעענישן? עס האָט לואיזא פארענדיקט איר לעבן מיט עטלעכע טראָפּן סם. און וואלדעמאר האָט זיין אייביקע רו געפונען אינעם עלנטן קבר פון דעם אומבאקאנטן סאָלדאט, ערגעץ־ווו אין איטאליע.



קאריטאלע! א, דו פארשייטע מויד! זע נאָר אפילו נאָך קיין פינף יאָר נישט אלט, און ווי אזוי די אייגעלעך ברענען ביי איר!

א ווייס, גוט אויסגעפּרעסט קליידעלע וואָס דערגרייכט קוים אירע קני, ווייסע שיכעלעך. און אומרו ממש! דוכט זיך, אז זי שטייט אויף די שפּיץ־פינגערלעך. אָט די בלאָנדע צעפּעלעך האָט אויסגעפלאָכטן אנטאָנינאָ, איר אלטע ניאניע. א וועלט מיט מעשיות האָט זי געמוזט אויסדערציילן ביים פארקעמען איר, און אויסבינדן די לענטעס. אויפן בילד דאָ האָט איין צעפּל זיך באהאלטן אונטער איר פּלייצע, דאָס צווייטע — רויט ב"ה פון פאָרנט. ארעמע מולאטע, געטרייע אנטאָנינא! וויפל געדולד האָט זי עס ארויסגעוויזן ביים עסן געבן קאריטאלען. אויף אלע אירע פראגעס האָט זי געמוזט ענט־פערן, און פּינקטלעך:

— ווער האָט אנטדעקט בראזיל?

— פּעדראָ אלווארעס קאבראל.

— אין וועלכן טאָג יומטובן מיר אונדזער אינדעפּענדענץ?

— סעטע דע סעטעמבראָ.

— זינג מיר דעם בראזיליאנער הימן?

אנטאָנינא האָט געזונגען, די קליינינקע — געגעסן.

אנטאָנינא שלאָפט נאָך ניט. זי עובר-בטלט דאָרט אין קיך אויף איר געלעגער, און זויגט די ליולקע. א רויך פון ביליקן טאטין טשאדעט איבערן גאנצן הויז. אפשר אומערט זי שוין אויס דעם קומענדיקן עלנט און פוסטקייט, וואָס וועט אויך פאר איר מאָרגן אָנקומען?

* *
*

אָט אויף דעם דאָזיקן בילד זעט זי שוין אויס א פאָלנער מענטש! א דרייצניעריקע שוין. דאָס פנימל קיילעכדיק, די אייגעלעך בליאסקען אביסל באישובטער. אָבער געוואלד, ווו זיינען די צעפּעלעך, די צעפּעלעך?

א נעכטיקער טאָג. אך, ווי ער האָט זיך עס געבייזערט אויף איר דעמאָלט, פאר אָט די אונטערגעשוירענע האָר!

— „וואָוואָזיניו, (זיידעניו) איך בין שוין ניט קיין קליין מיידעלע”...

— „אנטאָנינא! האָסט שוין געזען?”

די גוטע מולאטע, איר פנים איינגעוויקלט, אין מאמע-הארציקייט, איז געשטאנען פונוויטנס מיט הענט נחת'דיק פארלייגטע אויף איר גרויסן בוזים. אירע און סאריטאס בליקן האָבן זיך דורכגעוווּנקען, און לסוף האָבן ביידע אויסגעשאָסן מיט א הילכיקן לאכן. וואָס-זשע איז שוין פאר אים געבליבן צו טאָן? קוקנדיק אויף זיי, האָט ער אויכעט מיטגעלאכט.

* *
*

אָט אויף דער דאָזיקער פאָטאָגראפיע פון איר פאָרמאטור, זעט זי אויס ערנסט. עס איז דאָס ערשטע ווייסע ביילע-קלייד, ספּעציעל געמאכט פון דער בעסטער פראנצויזישער אָרגאנזא. אין יענעם אויפדערנאכט, האָט ער גע-האט דעם גרויסן פארגעניגן, דער ערשטער מיט איר צו וואלסירן. זיידע און אייניקל. מיט וויפל גליק האָט איר פנימל דעמאָלט געשטראלט! — — —

צאליק האָט פארמאכט דעם אלבום. פארויכערט. צוגעגאנגען צום פענצטער. דאָס קילע ווינטעלע, וואָס האָט ערשט פריער געטאנצט מיט די גרויס-באבלעטערטע צווייגן פון זשאקא-בוים לעבן פענצטער, האָט זיך ערגעץ ווו באהאלטן. די לופט פריש. דער סופחודשדיקער הימל איבערפולט מיט בריליאנטן. פונוויטנס, האָבן די עלעקטרישע לעמפּלעך ארום רונדן האלדז פון גואנאבארא-בעקן, געהאָנגען ווי א שנירל פּערל. און דער ווייסער נזיר אויפן הויכן קאָרקאָוואדא-בארג האָט מילד געשפּרייט זיינע הענט איבער דער האלב-וואכנדיקער שטאָט.

* *
*

”מאָרגן פאָרט סאריטאלע קיין ישראל.”

...צוריק מיט א פאָר יאָר איז סאריטאלע אריין אין „דרור”.

— „שאלאָם“.

— „שאלאָם דיר, מיין קינד“.

ער איז געווען צופרידן: א יידיש קינד צווישן יידישע קינדער. יידישע יינגלעך און מיידלעך. בחורים, בחורות. און מסתמא וועט זיך אויך מיט דער צייט צוקלעפּן א ווילער בחור, און...

סאריטא האָט מיט לייב און לעבן זיך אריינגעוואָרפן אין דער ארבעט. אהיימגעקומען פארנאכט פון פּאָליקלינים, ווו זי האָט פּראקטיצירט אלס דענ־טיסטין, האָט זי שוין „אויף איין פוס“ אָפּגעגעסן און איידאָ אין „הדרור“ אריין. נישטאָ קיין צייט. די געשפּרעכן מיט דעם הויכן יצחק׳ן, מיט וועמען זי פלעגט אָפט אהיימקומען, האָבן זיך רק געדרייט ארום איין פונקט: יש־ראל.

זייער פּאָרטוגעזיש-רעדן איז חנוודיק באפּעפּערט געוואָרן מיט עברית־ווערטער: הכשרה, קיבוץ, עבודה... זיי האָבן אים איינמאָל געוויזן א בראָ־שור, מיט א בילד פון א ווייס-באבאָרדטן יידן, אויפן פאָדערשטן זייטל. מיטן גרעסטן דרך־ארין האָבן זיי אויסגערופן: א. ד. גאָרדאָן! ער האָט אפילו ניט אויסגעהערט זייערע לייב-געזאנגען פאר דעם דאָזיקן גרויסן יידן. ווייל גראָד דערמאָלט האָבן אין צאָליקעס מח אויפגעוואכט ליכטיקע דערמאָנונגען וועגן זיין זיידן, דעם אייביקן קרעכצער אויף חורבן-ירושלים.

דת-העבודה... קיבוץ... נגב...

יצחק איז געווען א טייערער, לעבעדיקער בחור. שוין ביים ערשטן אריינ־קום אין זיין שטוב, האָט ער זיך איינגעבאקן אין צאָליקס הארץ. ווי אן אייגן קינד האָט אים יצחק ארומגענומען און געקלאפּט אין די פּלייצעס:

— „אָ, זיידעניו, וואָס מאכטו? גוט?“

און טאקע זיך אָנגעזעצט ביים טיש, היימיש זיך צוגעכאפּט צום עסן, און מיט וואָס פאר אן אפּעטיט האָט ער עס געמאָליעצעט אויף ביידע באקן! אפילו זיינע גרויסע אויגן האָבן, דוכט זיך, אלין גוט פאַסמאקעוועט, ממש שבחים געזונגען צו די מאכלים.

— „וואָס איז דיין פּראָפעסיע, תכשיטל?“

— „א אינזשעניר. א בוי-אינזשעניר זיידעניו.“

— „פיין, זייער פיין. מע באָוועט דאָ אצינד זייער א סך... ריאָ דע זשא־ניירא וואקסט...“

— „יאָ, יאָ, דאָס גיט, פּארדינט געלט... א סך... — האָט ער דוכט זיך הלצה׳דיק געענטפערט — מעט באָווען... מעט באָווען...

* *

*

„מאָרגן וועט סאריטאלע עולה זיין קיין ישראל.“

— ער וועט אָנזאָגן אנטאָנינאן: גאָרנישט ענדערן אין סאריטאס צימערל.

יעדן טאָג זאָל זי עס אויפראָמען, גוט אויספראָשען. דאָס „פאטענט"-בעטל זאָל אזוי ווי ביז איצט, זויבערן מיט א ריינעם ליילעך און קאָלדערע און דאָס רויטע פליושענע קילעמל, לעבן בעטל, זאָל זיין אויסגעשפרייט. אפילו די בלומען-טעפ ניט פארגעסן צו באשפריצן טאָג-טעגלעך. און טאקע, אויכעט ניט פארגעסן די פענצטער. זיי מוזן זיין שטענדיק צעפּראלטע, מכנים-אורח'דיקע פארן טאָג, פאר דער נאכט, פאר זון און פרישער לופט.

העט ווייט אויפן אטלאנטיק פון הינטערן בארג דער „שלאָפנדיקער-גיגאנט", האָבן שוין אויפגעהעלט די האָריזאָנטן-ראנדן. א קאיאָריק ווינטעלע האָט איילנדיק פארטריבן די לעצטע נאכט-שאָטנדלעך. דער פרימאָרגן האָט אָנגעהויבן זיך הנדלען צו דער שטאָט. א זיסער דרעמל האָט אָנגעהויבן צו פארקלעפן סעניאָר צאָליקס אויגן.

* *
*

סעניאָר צאָליק האָט געקוקט א פארגאפטער: אזא טייערע געזונטע יוגנט, קיין עין-הרע! בחורים און מיידלעך, בלאָנדע, שווארצהאָריקע, אזויווי מערישקעס האָבן זיי געאיילט אהין, אהער, מונטערע, דיסציפּלינירטע. די דרייקוימענדיקע שיף ביים ברעג האָט צאליקן דערמאָנט אין א מאָנסטער מיט פייערנדיקע, און רויכערנדיקע נאָזלעכער. עפּעס אזוי דיקבאכיק! די אלע אָן אויפהער שפאנענדיקע מענטשן מיט פעק און רענצלעך, אויף דער הויד-לענדיקער לייטער, ווערן, דוכט זיך, ארייננעשלונגען אין דעם ריזיקן בויך. ובתוכם — די אומרואיקע בחורים און בחורות, וואָס פארלאָזן היימען מיט אלדאָס גוטס אינעם ליכטיקן בראזיל, כדי מיט זייער מי און שוויים צו באַפרוכפּערן די זאמדיקע פעלדער אין ישראלדיקן נגב. סעניאָר צאָליק האָט אויסגעוויטיקט די לעצטע אויסרינענדיקע מינוטן. לעבן אים האָבן צעכלי-פּעטע יידישע מאמעס געזעגנט מיט טרערן, און ביי טאטעס שטומשווייג-דיקע, האָבן פּנימער געשראקן מיט אן ערב חלשותדיקער בלאסקייט. נאָר זיי, די מאָרענע, די בלאָנדע „אויסגעפאנקעווטע" אויף ביפן פון פילע-מיניאָן-פליישן, זיינען געווען צופרידן. מ'האָט הויך געלאכט, זיך געקושט, מיט דאנק-בארקייט צוגענומען די בוקעטן בלומען פאר זיי געבראכטע. אָט איז סאַ-ריטאלע מיטן לאנגן יצחקן. ביידנס האָר זיינען צעפּאטלט. אירע — פעך — שווארצע, זיינע — העל-בלאָנדע. זי מעשה-בחורל אין קאָוובאָי-הויזן, און א ווייסן ספּאָרט-בלוזקעלע. איר אויסגעבונדן האָר-בעזימל פון אונטן שפּרינגט אין דער לופט, ווי אן אונטערגעשווירן ווידעלע פון א צעיאָגטן לאָשעקל. יצחק אין א קייקענעם האלבארבלדיקן העמדל, אין קורצע ספּאָרט-הויזלעך. ביי יעדן פארבייאיילן שמייכלט מען צו אים.

גליקלעכע מענטשן — האָט צאָליק געטראכט — עס פעלט זיי גאָרנישט מער, אויסער א קיבוץ און א פּאָר קורצע תחתונימלעך. דער אינזשעניר און די דענטיסטין! א זאט לעבן איז פאר זיי געווען אָנגעגרייט, ווי א גוט-געג-

רייטער טיש מיט אלדאָס גוטס. האָט ער דאָך פאר סאריטאס וועגן אָפּגעש־פּאַרט א פיינעם אפארטאמענט, אינעם קאָפּאקאבאנא־געגנט, און אויך — אביסל געלט. דאָס אלין פאר דער „גליקלעכער שעה" ווען זי וועט אָנקומען. אצינד, כאָטש שריי חי וקים! אז זיי געפּעלט נאָר אזוי. א קלייניקייט! דאָרט וואַרט דאָך אויף זיי דאָס אמתע גליק. און וועלכער זיידע וויל עס צו שטערן דאָס גליק פון זיין אייניקל, צי אפשר — אייניקלעך?

— זיידעניו — האָבן ביידע זיך געבעטן ביי אים — ניט וויינען. ניט בענקען — א יאָ?

— סטראָמפּולעס, פארוואָס זאָל איך וויינען? זייט איר דען ניט גליק־לעך ?

— זיידעניו, מיר וועלן דיר שרייבן...

אָך, דער זכרון, דער זכרון... ר'האָט שיער ניט פארגעסן אינעם קליינעם מוטערפערלנע שקאטולקעלע מיטן צירונג, דאָרט אין זיין בוזעם־קעשענע.

— נעם עס, מיין קינד. ס'איז געווען דאן באָבעס, דאן מאמעס, און איצט — דאָנס, היט עס גוט אָפּ...

— אודאי, זיידעניו.

זיין פלײשיקע אביסל רויטע נאָז האָט אָנגעהויבן זיך צו קנייטשן, צו זופן. ער האָט זי גוט אויסגעשנייצט אינעם טיכעלע:

— א, דער רוח זאָל עס נעמען, דאכט זיך פארקילט...

— אָ, שוין ווידער קאָנשטיפּאדאָ, זיידעניו?

— ס'איז גאָרנישט, סאריטאלע... פארגעסט ניט באלד ביים אָנקומען מיר צו טעלעגראפירן.

— להתראות, זיידעניו! זאָלסט גוט אָפּהיטן דיין געזונט!

— פאָרט געזונט, מיינע קינדער! פאָ־אָרט!

— אדעאוס !

— להתראות !

דער גרויסבאכיקער ריז האָט אויך איינגעשלונגען סאריטאלען מיט יצ־הקן א זאטער, האָט ער זיך צערעוועט ביי זיין פאמעלאכדיקן אָפּרוקן פון פּאָרט. פון שיפדעק האָבן ווייסע טיכעלעך, ווי זומער־פייגעלעך, געפלאטערט. און אין זיידנס אויגן האָבן זיך געזילבערט א פּאָר טרערן.



# יידישע נקמה

העט, העט מיט יאָרן צוריק, בין איך געווען א לערער אין א דאָרף. עס איז געווען דעמאָלט זומערצייט, און די שטילקייט פון יענע דאָרפישע בייטאָגן, האָט מיך ווי א וואָרים גענאָגט. דורך די צעפראלטע פענצטערלעך פונעם חדר האָב איך אָפט זיך פארקוקט, אויפן אומרואיק שטראָמנדיקן פרוט צווישן פעלדער, און ס'פארלירן זיך זיינס צווישן טאָלן און וועלדער. און דאָס ווייט אָפּעכאָדיקע זינגען פון גויים ביי פעלד ארבעט, האָט אין מיר א בענקעניש געוועקט נאָך פריינט און היימישע באקאנטע. טאקע דערפאר האָב איך אומגעדודלדיק אָפּגעווארט די פארנאכטן, אָנגעזאפּטע מיט ריחות פון פרישע קי מילך, און — פייכטע טשערעט-גראָזן. מיט א בוך אין האנט, פלעג איך מיר ארויסשפאנען פון דאָרף, אום דאָרט אויף א ווייכגראָזיקער טאָליקע, זיך נאָזנדיק אויסצוציען, באטראכטן די שוועלבלעך וואָס שניידן בליצשנעל דורך די לופט, און טאקע אויך זיך צו קוויקן, מיט פולע זשמעניעס קאלטן בארג-וואסער, דערביי פארבייסן מיט א שטיק וויים-באמעליקטן ראטליק. די יידן דאָרט, כמעט אלע זיינען געווען ערד-ארבעטער. אין די בלאסע קאיארן ווי סאָלדאטן, באוואָפנט מיט סערפּן און שניידמעסערס, האָבן זיי געשפאנט צו זייערע פעלדער. און אין די פארנאכטן פון זון פארסמאָליעטע זיינען זיי צוריקגעקומען, אדורכגעווייקטע פון שוויים און פעלד-ריחות.

א פּאָר יידישע מיידלעך זיינען דאָרט געווען. צוויי שוועסטער. א יעדן טאָג ביי מיין פארביישפאנען זייער פאָטערס הויז, האָבן זיי זיך באוויזן, באָרוועסע, פנימער שיקסישע, באקן אָנגעפולטע ווי געשוואָלענע, נעז אביסל צוגעפּלעטשטע און ברוסטן זאפטיקע, ווי פייגל ענג פארשפארטע הינטער זייערע קאפטעלעך. אבי נאָר זיי האָבן מיך דערזען, האָבן ביידע איינצייטיק מיט ברייטע הענטדלאָניעס פארדעקט זייערע פנימער, און אָנגעהויבן שטיל קוויטשיק צו כיכיקען: הי-הי-הי... פלעג מיר פריקרע ווערן אויף די דאָזיקע מוידן און זייער לאכן. אָפטמאָל האָט א נייגיר מיך ממש געצווונגען צו זיי צוצוגיין, אויספאָרשן די סיבה פונעם באהאלטן זייערע פנימער, און — שטילן לאכן. נאָר עפּעס האָט מיך אָפּגעהאלטן דאָס צו טון. דערפאר אָבער, האָב איך ליב געהאט אָפט „פארבאָלנדזשעט צו ווערן, צום דאָרפס-שניידערל בענטשיקל, און — זיין ווייבל צי־

פאַלן. ווי אזוי האָב איך זיך באקענט מיט אָט דעם פריילעכן פאָר-פאָלק? איינ-מאָל פארביישפאַנענדיק זייער כאטקעלע, האָב איך דערהערט א מתיקותדיק-איבערגעזונגענעם יידישן ניגון, האָב איך זיך אָפּגעשטעלט. פונעם אָפענעם פענצטערל מיטן פרעס-אייזן אין האנט, האָט באלד א צעשמייכלטער זיך באַוויזן בענטשיקל.

— קימט אראָן, קימט אראָן, גאָספּאָדין אוטשיטל.

ווי א ווייבער האָט ער דערנאָך ארומגעהוליעט איבערן ענגן און נידעריקן צימערל, דאָ אונטערגעטראָגן מיר א בענקל און גיך-גיך אָפּגעבלאָזן פון זיין זיצ-פּלאַץ דעם שטויב, דאָרט, אראָפּגענומען פון טישל דאָס גליענדיקע פרעסל, און עס איינגעשטעלט אויף גליל-זאַמדיקער ערד; א באשפרענקלטע מיט שטיקלעך שטאָף און וואטע, פון דרויסן האָט אריינגעגאַלדיקט א זוניקער תמוזטאָג, און איבערגעלאָדן אין אָנגעהיצטן צימערל, פרישינקע ווינטעלעך.

— ציפּאַלע, יעמיד, באַוואַז זיך נאָר מיט אביסל קארשן-איינגעמאכץ, מיר האָבן דאָ א גאַסט.

ציפּאַלעס פּנים האָט דעמאָלט צניעותדיק זיך געררויטלט. מסתמא פארן אומדערוואַרטעטן גאַסט, און אפשר איבער אירע נאָך נישט פארפלאָכטענע בלאָנדע צעפּ, און — ציצענעם היפּיש פארלאַטעטן קלייד.

בענטשיקל האָט געשלונגען דאָס וואסער מיטן קארשן איינגעמאכץ, און איינצייטיק מיר דערציילט:

— מיר זיינען שטאָט-מענטשן. באלד אויפן צווייטן טאָג נאָך דער חתונה האָבעכעך ארומגעקוקט און דערזען אז אך בין „יבש”, און ס'איז שווער דאָרט צו לעבן. ווייל פּרנסה — א נעכטיקער טאָג, די רומענער פרעסן אויף דעם לעצטן ביסן, און מע איז אַף געהאקטע צרות, האָבעך א נעם געטון מאַן פּארמעגן, ס'וואכל, די פּאָר בינטלעך, און אייט מיט אָקספּאַטשט אוועק אהערצו. און דאנקען גאָט... אן איבערגעפוצטער, א צעבליאסקטער איז דער ניי-מאשין גע-שטאַנען ביים פענצטער, און טאָג-טעגלעך זיך אריינגעשטעפּט אין דער דאָרפי-שער שטילקייט. די וואנט לעבן אים, איז געווען באקלעפּט, מיט בילדער און פיגורן פון אלטמאָדישע פּאריזער זשורנאַלן, מאָדנע עלעגאנט-פאַרפוצטע קאוואַ-לירן, אין געקעסטלטע הויזן, מיט שאַרפּעלעך ארום די העלדזער, און ליולקעס אין די מיילער. מיט זיינע קונים האָט בענטשיקל גערעדט רוסיש. איך האָב ליב געהאט צו קוקן אויף בענטשיקלען, בעת ער האָט געמאָסטן און צוגעפּאסט די מלבושים, אויף זיי. ציפּאַלע האָט דערביי, קיינמאָל ניט געטאָרט פעלן. ווי א מבינות-זאָגערין איז זי געזעסן פון ווייטנס און אָבסערווירט. אין מיטן צימער, איז ווי א כלי-פּ געשטאַנען דער שייגעץ, אָנגעפּולט מיט דרך-ארצדיקן שווייגן, אין א ציפּרידענער, ווי א מאנעקין זיך געלאָזט דרייען אהער-אהין.

— נאַלעווא! נאַפּראַוואָ! וואַלנאָ! — האָט בענטשיקל מיט אים געקאָמאַנ-דעווען. אין ציפּרנדיק אים נענטער צו די מאָדע-פיגורן, שמייכלענדיק אים גע-

פרעגט — נו, קאק? ווי אזוי ווילסטו זאָל זאן ס׳רעקל מיט צוויי אָדער — פיר קנעפּלעך?

— מיט פיר מעשענע קנעפּלעך.

— און די הויזן, מיט אן אויסגענייטן קאָרסעט?

— יאָ. מיט א בלויען קאָרסעט.

— אָטליטשנאָ (אויסגעצייכנט). דאָ פלעג ער קונציק אָפּשפּרינגען א פּאָר טריט אויף צוריק, מיט אן אביסל אָנגעבויגענעם קאָפּ אָן א זייט, באטראכט זיין ארבעט, גלייך ווי זיך געשפּיגלט אין איר, און קייענדיק א פארסטריגע אונטער־געפּאָנפּעט:

— ציפּאלע ווי אזוי מיינסטו מעט אים דארפן אויסשנאדן א ריפּ?

— ניין. נאָר אויסגלעטן דאָס קישקאלע אף די פּלייצעס, און אויסשנאדן דעם האלדז. מיט א שטיקל קרייד האָט בענטשיקל שנעל געפּאסיקלט און גע־צייכנט.

— אָטליטשנא קאוואליר. ביים געזעגענען זיך האָט מען פּעסט אזש ביז ווייטאָק זיך געדריקט די הענט. און ציפּאלע האָט דעם קונה צוגעוווּנטשן:

— נאָסי דראָווי (אָנשטאט זדאָראָווי).

בענטשיק האָט אים געבענטשט:

— זאָל גאָט העלפן, אז דו זאָלסט זיין גרינג אף דער האנט ווי א פּעדערל. אָמן.

— אַ־אַ מין — האָט דער שייגעץ א צופרידענער געענטפערט.

איינמאָל אין א פארנאכט, אויף דער פריזבע פאר זיין הויז, האָט בענטשיקל זיך צעזיפצט: נאָר איין זאך ברודערל, וואָלט איך נאָך געוואָלט אָפּטון אין מיין לעבן...

— א שטייגער וואָס, בענטשיקל?

— אויפנייען פּגירה־קליידער פארן היגן גלח.

איר קענט אים?

— ניין.

— הלוואי זאָלן מיר אים שוין זען אין א טרומבע.

*

* *

אין יענע טעג, האָבן די קוזיסטן זיך צעהוליעט איבער בעסאראבישע שטעט און שטעטלאך. יידן האָבן געקרעכצט, זיך געשראָקן. דער סם־פארשפּרייטער קעגן יידן אין דאָרף איז געווען דאָס גלחל. ער האָט די גיפטיקע תורה, גוט איינגעקנעלט מיט אייניקע יונגע שקצים. זיי האָבן אפילו אין א זונטיק אינ־

דערפרי, געצײלטע אין צאָל, זיך אװעקגעשטעלט פאר סרולצים װײנשענק, און גענומען שרײען:

— אײט זשידאָנעס קײן פאלעסטינא!

עס האָבן סרולצעס אכט בנים זװי דעמבעס, אײנער ברײטער פארן צװײטן, זיך באַװיזן אױף דער פריזבע, מיט ארבל פארקאשערטע, און — דרענגלעך אין די הענט. זײערע קײלעכדיקע פּנימער האָבן זיך ניט געריװעלט, ניט געבלאסט. די העל-בלױע אױגן האָבן רואיקע, פּראָסטיק-קאַלטע געקוקט צום פּלױט, און זײער שװײגן, האָט דערמאָנט א דאָרפישן בײטאָג ערב א שטורעם-רעגן. עס האָט געשמעקט מיט א באלדיקן געשלעג, מיט צעבלוטיקטע פּנימער, געלעכערטע קעפּ און אױסגעצעצטע צײן. איז אָבער דער אלטער סרולצי באלד אָנגעלאָפן, מיט א צעבלאָזענער גראָער באָרד, און אָנגעהױבן צו „מוסרן” זײנע בנים:
— א טעמנע לעבן אױף אײך! מיט אזױ פיל ארבעט פארלײגט און איר שטײט דאָ? גײט אָנקאָרמענען די חזירים, אָנפּאָיען די פערד!

אײנער אלײן איז ער מיט געזונטע ברײטע טריט צוגעגאנגען ביז צום פּלױט, װוּ די שקצים זײנען געשטאנען, און רואיק פּאָכנדיק מיט דער האנט, זײ געטריבן װי — זלידנע פליגן:

— אײט, אײט, פארנעמט זיך באסטרוקעס, א רוח אין אײערע מאמעס באבער ארײן! מאָלאָקאָסאָסן! אכן דערצײלן אײערע טאטעס, װעלן זײ אײך די בײנער צעברעכן! א באליערע אױף אײך! װאָן, סמארקולעס!

אנטױפּנטע פון סרולצים „ארײנזאָגן” זײנען זײ געבליבן שטײן אָנמאכטיקע. פון זײערע הענט זײנען שלאבעריק ארױסגעפאלן די שטײנער, ערשט פריער מוכן- ומזומנדיקע געצילט צו װערן אין סרולצים פענצטער. און כמו קינדיש פארשעמטע, זײנען זײ אװעק.

*

* *

אין עק דאָרף, אינמיטן א גרױסן סאָד, געגרעניצט מיט א װײס-געפארבטן קלײנטער, האָט שטענדיק געדרעמלט דעם גלח׳ס הױז. אן אײנזאמער, רײטנדיקער ברױט-טרעגער, האָט אהין אײנמאָל װאָכיק געבראכט, די פּאָסט, און אױך — פאר מײנעטװעגן צײטונגען און בריװ.

---

— איר זענט געקומען נאָכן פּעקל זשידאָװסקי צײטונגען?

— יאָ, נאָך מײנע בריװ און יידישע צײטונגען.

דאָס ערשטע מאָל װאָס איך האָב אים נענטער דערזען. א מיטל-װוּקסיקער, א מאגערער מיט א קאלעכװײסן פּנים, אָנגעפּולט מיט אומצוטרױ, און שרעק. אױף זײנע באקן האָבן זיך דאָ און דאָרט געשיטערט װײכע בלאָנדע הערעלעך. די אײז-קאלטקײט פון זײנע בלױע אױגן, האָט מיך שיעור ניט פארגליװערט:

— איז וואָס-זשע עפּעס שרייבן זיי דאָרט אייערע זשידאָווסקי צייטונגען?

— כ׳האָב זיי נאָך נישט געלייענט.

— איר זענט דאָ דער היגער זשידאָווסקי לערער?

— יאָ...

— איר האָט ליב צו לייענען?

— יאָ...

— און די „פּראָטאָקאָלן” האָט איר שוין געלייענט?

באמת, האָב איך דעמאָלט אפילו ניט פארשטאנען זיין פראגע, דאָך האָב איך אום יוצא צו זיין געענטפערט:

— ניטאָ קיין צייט, באטיושקא.

— דערפאר אָבער צייט די וועלט צו באהערשן, האָט איר שוין איבער־גענוג!

— איך פארשטיי ניט, באטיושקא.

דאָס גלחל האָט חולה-נופלדיק, אָנגעהויבן ווארפן מיט זיינע אויסגעמאָ־גערטע הענט. די ארויסגעסלינעטע ווערטער, האָבן ביי זיינע מוילווינקלען זיך געפינעט:

— אָט אזוי־אָ טענה׳ן זיי אייביק, ווי אומשולדיקע לעמעלעך, די זשידעס. ווער פארשוועכט דאָרט אין דער הייליקער שטאָט יערוסאלים, אונדזערע פּראַ־וואָסלאַוונע קלויסטערס, און איסוסעס הייליקן קבר, ניט אייערע סיאָניסטן? און געשטיצט פון וועמען? פון די זשידאָווסקי ראָטשילדס אין ענגלאנד, אין פראנקרייך, און פון ענגלישע יערעטיקער? ווער קוילעט אויס אונדזערע פּאָפּן, פארברענט אונדזערע קלויסטערס, אין אונדזער מאטושקא ראָסיא, אויב ניט אייערע זשידאָווסקי קאָמוניסטן, מיטן זשיד לענינען בראש?

ווי א געפלעפטער פון גלחס יידן-שנאה, בין איך גיך ארויס פון זיין הויז. אין פעלד פאר יעדן ביימעלע און גרעזל, האָב איך שפּעטער צו שטיל אויסגעיאָ־מערט מיין באעוולט ווערן.

*

* *

— און די גלח׳ניצע קענט איר שוין?

— איך האָב דעמאָלט באמערקט, בענטשיקלס א באהאלטן ווינקן צו זיין ציפאלען — גוט ווי א שטיק פלאָדן. א קראסאוויצע!

— א כפרה זאָל ער ווערן פאר איר גאָטעניו זיסער — האָט ציפאלע זיך ארייגעמישט.

— מעך רופט זי יעווריסקא פּאָרטנאָי, און אז זי שמייכלט, אוי... אוי...

— זי איז נעבעך עלנט די טייערע פרוי...

ווי פּאַוואַטינע האָבן זיך געצויגן די לאַנגע טעג. אין חדר צווישן די הפּס־קות האָב איך אויסגעחלומט א זעלטענע שיינהייט, וואָס זיפּצט אויס אירע בענ־קעניישן, אינעם אומעטיקן גלחישן הויז. און להכעיס, זיינען יענע טעג געווען אזעלכע שיינע! דער זומער האָט אָנגעהויבן זיך צייטיקן.

אָנגעפּיקעוועט זיינען געשטאַנען די ווינשל און פּערעשקע ביימער. אויף גרינע פּלוימען האָבן די בעקעלעך זיך אָנגעהויבן צו רויטלען. פעלדער מיט הייכן ווייץ אין קאָרן האָבן ווי גרינע ימים זיך געכוואַליעט, סאָנישניקעס האָבן ווי זונען העל־גאָלדענע, ארויסגעשטראַלט, פון צווישן לאַנען בערדיקע פּאַפּושוי־יעס. און אַמאָדנע פוילקייט האָט זיך באַזעצט אין מיר, מיט א חשק גאָרנישט ניט צו טון. נאָר צו זיצן אזוי גאַנצע טעג אדורך, און קוקן, קוקן, אָנזעטיקן גוט די אויגן מיט דער שפע און מזל־ברכה פון דער בעסאַראַבער ערד.

אין א פאַרנאַכט אויפן ווייכגראָזיקן קילעס, ביים בייז מורמלענדיקן פּרוט, בין איך אנשלאָפן געוואָרן. איך געדענק ניט וויפל שעהן, איך האָב אזוי געשמאַק אויסגעכראָפּעט, ווייל ווען כ׳האָב געעפנט די אויגן, האָט שוין געטונקלט דער בין־השמשות. לעבן מיר ווי א היימיש באַקאַנטע, איז געזעסן א דעליקאַטע לערך 25־יעריקע פרוי, און מאָדנע ארייַנגעקוקט אין מיין יידישן בוך. צי איז עס געווען חלום, אָדער וואָר? א פאַרוווּנדערטער האָב איך אזש געפינטלט מיט די אויגן. ווי אן אלט באַקאַנטע האָט זי מיך געפרעגט:

— א יידיש בוך, ניט אזוי?

— יאָ...

— איר האָט ליב אזוי אנשלאָפן צו ווערן אין פרייען פעלד?

— יאָ. ס׳איז דער געבענטשסטער שלאָף.

— און איר האָט ניט מורא פאַר א שלאַנג, צי פון א ביס פון א גיפטיקער פליג?

— פאַראַן ערגערע שונאים.

— אָט זיין איך דאָ שוין א פּאָר שעה, קוק אריין ווי א בלינדע אין דעמדאָזיקן בוך, און טראַכט: גאָטעניו מיינער, וויפל סודות און וועלטן זיינען דאָ פאַר־באָרגן פאַר מיר! איר זייט דער היגער יידישער לערער?

— יאָ.

— דער שניידער און זיין פרוי, האַרציקע מענטשן, האָבן מיר דערציילט וועגן אייך. האָט איר ליב צו לייענען רוסיש?

— יאָ.

— פאַרוואָס איז אייער ענטפערן אזוי לאַקאָניש?

— ווייל איך וויל אייך הערן רעדן. אייער שטימע איז מעלאָדיש, און פאַר־מאָגט אין זיך עפּעס באַצויבערנדיקס.

א צופרידענער שמייכל האָט באַשיינט איר פּנים, און אויסגעגריבלט חנוו־דיקע קנייטשעלעך לעבן אירע שמאָליקע מויל־ווינקלען. זי איז געווען פאַרפוצט

אין א בלאס־ראָזעווען קרעפּדאשינעץ קלייד. פון הינטער דורכזיכטיקן קרעפּ האָט אדורכגעבלענדט א שניי־ווייסער קאָמבינאַסיאָן, אויסגענייט מיט קליינינקע בעז־קאָלירענע בלימעלעך. עס האָט געשמעקט פון איר מיט צארטן לאנדיש־פּארפיום.

— איך האָב א רייכע רוסישע ביבליאָטעק, זי שטייט אָפּן פאר אייך פון היינט און ווייטער.

— אָבער אייער מאן דער פּאָפּ...

— הממ... ער האָט ניט ליב קיין יידן... — און נאָך א פּאָר מינוט שטיל־שווייגן, געפרעגט — איר קומט אָפּט אהערצו?

— יאָ. זייער א שטיל פּלאַץ דאָ.

— מיר וועלן זיך נאָך דאָ באגעגענען.

— ס'ארא פארגעניגן פאר מיר, דאָס צו הערן.

— פאר מיר אויך...

אין גאָלדענע האָריזאָנטן, האָבן זיך נאָך געטובלט די לעצטע סעקונדעס פון טאָג. א פריש ווינטל האָט אריינגעזונגען אין די ביימער קרוינען, און גע־טאנצט מיט הויכע פּאשע־גראָז. אין דער נאָענטער סטינע, האָבן די סטאדעס שאָף, מידע פון א גאנצן טאָג ארומשפרינגען, מעלה־גירה'דיקע אָנגעהויבן צו דרעמלען. לעבן אן אָראנזש־קאָלירטן פייער אין פרייען פעלד, האָט א פּאסטוך אויף זיין פלויער אויסגעתפילה'ט א פּאָרניאלע (פּאסטוך־ליד). אין דער מאיעס־טעטישער שטילקייט, האָב איך זיך צוגעהערט צו די ווייט אָפּעכאָדיקע טריט פון אן עלנטער פרוי.

*

* *

די פּאליסאדע איז געווען איינגעטונקען אין ווילדן וויינריב. מיר זיינען דאָרט געזעסן. ס'איז געווען אין א תמוז־הייסן שבת־בייטאָג. זי האָט מיר דער־ציילט:

— אָטדאָ פארברענג איך מיינע רואיקסטע מינוטן. איך קוק אויף די בלו־מען, באוואונדער זייערע קנאָספּן, זייער אויפוויקלען זיך און בליען.

אירע א ווארעמע האנט האָט מיינע אָנגענומען און געפירט:

— קום איך וויל דיר ווייזן מיין בלומען־גאָרטן. אָט די דאָזיקע הייסן אניו־טאס אייגעלעך.

זע ווי צארט זיי זיינען.

— אמת, אניוטעס אייגעלעך זיינען צארטע...

— און די דאָזיקע זיינען לייבנציינדעלעך.

— אניוטאס אייגעלעך זיינען צארטער...

– אָ, ווי אומרחמנותדיק די זון ברענט זיי אצינד.

בלומען אזוי ווי מענטשן דארפן אָפּגעפרישט ווערן.

איך וועל זיי מיט וואסער באשפריצן.

יאָ, מענטשן פונקט אזוי ווי בלומען וויאנען אָן באפרישונג.

גאָט מיינער, ווי כ׳האָב פארגעסן! אירט טרינקען א גלאָז טיי?

מעג זיין קאלטע וואסער, אניוטא.

ביים ארויסזאָגן איר נאָמען, האָט זי געשמייכלט.

— מיט מאלינעס, אָדער — קלאָבניק-סאָק?

— איך האָב זיי ביידן ליב.

עס האָט זיך פּלוצים דערהערט אן אָפּקלאנג פון פעסטע טריט, צווישן די ביימער.

– עמיין שפּאנט דאָ אין גאָרטן, אניוטא.

מיין דינסט אוודאי. ז׳איז א טויב-שטומע, מיין מאן איז אין שטאָט אריין געפאָרן. מאָרגן קומט ער צוריק.

– ביסטו איצט אליין?

– אָבער מיט דיר איז מיר היימיש און אזוי גוט.

א שאָד נאָר...

— וואָס?

א שאָד נאָר וואָס די צייט אנטלויפט אזוי שנעל, און דו מסתמא וועסט אינגיכן אוועקפאָרן, — און שאָקלענדיק מיטן קאָפּ, מיט א באין-ברירה׳דיקן באדויער, זיך אויפגעהויבן פון פלאץ:

— עס איז דוכט זיך ענג דאָ... קום וועלן מיר א שפּאציר טון.

אין דער קיל, אויפן הייכן גראָז, צווישן גערדיכט צוזאמענגעפלאָכטענע קוסטעס, זיינען מיר ביידע געזעסן און געשוויגן. אונדזערע אלעמאָל באגעגנטע אייגנבליקן, האָבן הייסבלוטיקע געשריגן. איך האָב געגלעט איר פּנים, איר קייב צוגעמאכטע ווייכע אויגן-דעקלעך. זיי זיינען מיט אמאָל קאלט געוואָרן. איך האָב זיך צוגערוקט נענטער צו איר. זי האָט געציטערט.

— ס׳איז דיר קאלט אניוטושקאָ? נא דיר מיין רעקל.

א פארדעכטע האָט זי שטיל געשעפּטשעט:

— נעם מיך ארום...

עס איז געווען די דעמאָלסטיקע יינגלשע ניט געוואגטקייט, וואָס האָט ביי ערשטער אינטימער באגעגעניש מיט א פרוי, מיך ווי אָפּהענטיק געמאכט. מיינע פינגער אומזיכערע, האָבן פאמעלעך אָנגעהויבן צו בלאָנדזשען איבער אירע אקסלען, און פלייצעס. צום ערשטן מאָל אין לעבן האָב איך אינטים נאָענט, אזא

שיינע צורה געזען. פון איר האָט א ברענענדיקע דורשט נאָך דערקוויקונג ארויס־געשריגן. אירע פינגער האָבן ציטערנדיק שפאצירט אין מיין געדיכטע האָריקן שרינט, געגלעט מיינע באקן, די אויגן, דעם האלדז. און פלוצים האָט זי מיט א מאָדנער קראפט, אָנגעהויבן צו דריקן מיינע הענט, אירע אויסגעשטרעקטע ליפּן האָבן שטיל זיך געבעטן:

— ניט אזוי טייערינקער... נעם מיך ארום שטארקער, דריק מיך צו זיך ביז ווייטיק מיין יינגעלע... טייערינקער... אזוי... אזוי... ביז ווייטיק... ביז — פאַר ניט אוועק טייערינקער... בלייב דאָ... דאָ... דאָ — — — — — — — — — — — — — — —

איבער אונדז האָט א פארנאכטיקער הימל שוין אָנגעהויבן טונקל צו בלויען. דורך די בלעטער פון צוזאמענגעפלאכטענע קוסטעס, האָבן א פּאָר שטערן ארייגעקוקט. און אין הימל האָט א נייער זילבערנער סערפּ, קאלטבלוטיק אויסגעשניטן די לעצטע שפּורן פון טאָג.

*

*

די דאָרפס־יידן האָבן אָנגעהויבן זיך שטיל סוד׳ען וועגן מיר. ביי די על־טערע באלעבאטים האָב איך ווייזט אויס געוואונען מער חשיבות, א סימן זייער צופרידן זיין ביים באגעגענען זיך מיט מיר. איך האָב אפילו איינמאָל הינטער מיינע פּלייצעס, דערהערט א פּאָר ווערטער: א דאנק אים דערכעט מען אָפּ אביסל פרייער, די לעצטע פּאָר חדשים... כאָטש איך האָב ניט פארשטאנען דעם פאר־וואָס פון דעם „א דאנק מיר”. אין די פרייטיק צו נאכטסן אין שיל, רינגלען מיך אייניקע ארום, מ׳איז מיך מכבד מיט א שמעק טאבאק:

— איז וואָס־זשע דערציילן די גאזעטן?

— צרות...

— מע שלאָגט יידן?

— מע שלאָגט אין שטעט און שטעטלעך, מע ווארפט זיי פון די באנען ארויס. מ׳לאָזט זיי ניט לעבן...

דער אלטער סרולצי בייזערט זיך:

— וואָס, טאקע אזעלכע פעטאכעס זיינען די שטאָט יידן? אך פארשטיי ניט, מ׳קאָן ניט דערלאנגען צוריק!

— מע דערלאנגט, מע דערלאנגט הארעב סרול, אירט געמעגט זען ווי די קצבים אין סעקוראן האָבן געהאקט זאטן. דראנטיעס זיינען אזש געפלויגן!

דער אלטער סרולצי צעניסט זיך הילכיק, און פארשפריצט דעם עולם לעבן אים. ער ווישט אָפּ מיט א פּאָר פינגער זיינע פארויכערטע וואָנצעס:

— אויב אזוי, איז שוין עפּעס אנדערש.

און בענטשיקל אין אונדזערע אָפּטע באגעגענישן, האָט מיך אָנגעהויבן „מכבד” זיין מיט א געלעכטערל, וואָס האָט דין־נאָדלדיק מיך געשטאָכן.

— אפשר ס'טו עסן א גוט שטיקל מאמאליגע, מיט פרישער ברינדזע?

— א דאנק.

— א גלעזל טיי מיט א בוימל-בולקע אָנגעפולט מיט צימערינג און ראָזשינקעס? — פלעג אָנלויפן אינמיטן דערינען ציפאלע.

— א דאנק.

— ווערסט מאָגערער אוטשיטל... פע, כאפט עס דער רוח. אכמיין דו דארפסט ווערן גרעבער ווי לענגער פון די קעסט וואָס זי...

— ביסט שוין דאָ מיט דיינע ווערטערלעך — האַקט אים איבער ציפאלע — ווילסט אים פארטראכן, בענטשיקל?

— עעך? זאָל מיר גאָט זאָן אזא שונא, ווי עך אים. אך זאָג נאָר, אז...

— ז'אך וויל ניט הערן!

און עס איז אָנגעקומען דער טאָג... עס איז געווען אין א פרייטיק, ווען איך מיט בענטשיקן האָבן געוואַרט אויפן פרישן צימעס פאסאָליעס מיט קנישעס. בענטשיקל וואָס האָט די גאנצע צייט ארויסגעקוקט דורכן פענצטערל, איז פלוצים ווי אן אָפגעבריטער אויפגעשפרונגען פון זיין פלאין, און געדופן ציפאַ-לען:

— ציפאלע! אר גייט, א קראָם אים אין די נאָזלעכער.

— ווער, בענטשיקל?

— דער סוויאָסטשעניק... א פנים ביי אים ווי בא א פגר.

— אויף שטאָלצן?

— נאָך נישט, הלוואי... — און דערביי האָט ער מיך אָנגעהויבן אונטער-צואיילן — אנו לערערל, וואַרף דיך נאָר אראן אין קעך אריין. עס דארט קנישעס מיט קאבאק, וויפל דאן הארין גלוסט. נאָר דאן פנים זאָלסטו אהערצו ניט באַ-וואזן. נישקשה ניט אר טראגט אַף דער ס'אמת'ע הארין... א קליינקייט! אזא זיס קוואָסניצקאלע ווער וואָלט עס ניט געוואָלט? — — — — —

— אך זדראטיטע באטיושקא!

— זדאָראָוויע וואם גאָספאָדין פאָרטנאָי!

בענטשיקל איז צוגעלאפן צו דער קיך-טיר:

— ציפאלע, א גאָלדן לעבן אפן לערער. הער נאָר ווי וויך דער חלמיש רעדט... בריינג אים אראן דערפאר א פאָר קנישעס.

— ריצנאייל וואָלטעך עס גיכער געגעבן.

א פאָר שטילע מינוטן זיינען פארביי. עס האָט זיך נאָר אריינגעהערט אן אימגעדולדיק סקריפען פון א בענקל, א נערוועישער טופען מיט פיס.

— מסתמא געבראכט ארבעט פאר מיינעטוועגן, באטיושקא?

— נייעט, גאָספאָדין פאָרטנאָי... אוווף! ווי כ'האָב זיך עס פארדעכעט...

— שוין לאנג אזוי?

— די לעצטע צייט... עס שלאָפט זיך שווער... אין הארץ שטעכט ווי מיט נאָדלען...

— טס־טס־טס מיט נאָדלען? אָך, פע... דאָס איז א פּאסקודנע זאך... גע־פערלאך! א קלייניקייט, הארצקראנקהייט!... מסתמא זאָרגט איר א סך, טראכט א סאך...

— נו, ווי אזוי ניט טראכטן?

— דער נאראָד וויל ניט דאווענען?

— נו, יאָ, אביסל דאָס, אביסל עפּעס אנדערש...

אין קיך אריין, האָט זיך דערטראָגן בענטשיקלס פאָרען זיך ביים טיש, דאָס פּרוּוון די שער, און דאָס אויסבלאָזן דעם אש פון גליענדיקן פּרעס־אייזן.

— דערבעט זיך אוים באטיושקא — בענטשיקל האָט באלד אָנגעהויבן צו זינגען. די אלעמאָל איבערגעהאקטע ווערטער, האָבן דערמאָנט א ווערגנדיקן געלעכטער, וואָס מוז בעל כרחו פארשטאָפּט ווערן.

— וו־אַ־אַ־הי־י־י בי־י־מי א חאאש וויי־ייראש.

— וואָס זינגט איר?

— דאָס ליד פונם צאר אחשורוש.

— קטאָ, קטאָ? (ווער, ווער?)

— אחשורוש, באטיושקא, דער פון דער ביבליא, און זיין וואב עסטער.

— אָך, יאָ, יאָ... און זיין ווייב עסטער... נו, קאָנעטשנא האמאן... האמאן...

דער גלח האָט זיך צעזיפצט:

— עסט א קנישיקל באטיושקא... און וואָס מאכט עפּעס אייער מאדאם? אך, ס'ארא גאָלדענע פרוי איר האָט!

— ספּאסיבא (א דאנק). איז עמיץ נאָך דאָ אין שטוב?

— נאָר מיין פרוי, באטיושקא, ז'איז אין קעך... איר ווילט מיר עפּעס פאר־טרויען? פּאָזשאלוסטע, אך בין א סעריאָזנע (ערנסטער) מענטש.

— איך האָב אהער געבראכט די פּאָסט פאר אייער יידישן לערער.

— הער, נאָר הער... צוליב וואָס זיך אליין מטריח געווען.

— ניטשעוואָ (גאָרנישט) טייערינקער... זאָג מיר ווען קלויבט ער זיך אהיים צו פאָרן?

— אהיימצופאָרן?

— נו יאָ, אין שטאָט אריין צו זיינע עלטערן און פריינט...

— מיר זיינען דאָ אויך זיינע פראַנט.

— איך פארשטיי...

— אכמיין אז אינגיכן. אר איז זייער א וואילער בחור. מיר האָבן אים ליב א קאליטורנע מענטש. מיר וועלן בענקען נאָך אים...

— טאָטשנא, טאָטשנא (ריכטיק) מ׳וועט בענקען... מ׳וועט בענקען — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

עס איז מיר מיטאמאָל ענג געוואָרן. א טיף נאָגנדיקע ווייטיק האָט מיך אָנגעהויבן צו קלעמען. מיין הארין האָט זיך צעצאפלט, ווי אן אומשולדיק פאר־פלאָנטענע פליג אין א שפינען־נעץ. אין קיך לעבן מיר איז געשטאנען ציפאלע. אירע אויגן זיינען געווען אָנגעגאָסן מיט טרערן. מיט אן אראָפּגלאָזטן קאָפּ, ווי א פארשעמטע פאר מיר, האָט זי זיך שטיל צעכליפּעט. דורכן פענצטערל, האָט אריינגעבלויט דער אלול׳דיקער פארנאכט. מיט רייפקייט און איבערגעלאָדענע זאטקייט, האָבן געגאָלדיקט די סעדער, און תבואה־סנאָפּעס — אויף אָפּגעשווי־רענע פעלדער, און מיינע ליפּן האָבן שטיל מנחה׳דיק געמורמלט: איך וועל בענקען... אך בענקען... בענקען...



# מנשה האלפערן

- שדים-טענצל
- צופוסיקע וועגן
- ערגעץ

# שדים-טענצל

מינען טראסקען, טאנקען רויען,
לצים הוליען, שדים וואָיען —
אי, אי, אי,
אשמדאי!...
זעסטו, גאָט, וואָס דיר איז מענטש?...
ניט כדאי געווען דיין בענטש...

פרידריך, וואנקא, קלאד און וולאדעק...
איצטער, הע, איז לך דער צדיק,
אים אין פריידן, שוין אין פריידן
וועסט פארבעטן אין גן עדן...

דו דאָך, מענטשל, מיט דיין יושר
האָסט געפּאקט א שעת הכושר
און אויף רעכטס און לינקס געשניטן,
ניט א קינד אין בויך געמיטן.

האָסט געשרפהט און צעאשט אלץ,
טויטנשפיליק וועלט געטאשט אלץ,
דאָ צעחרוב'ט, דאָרט געשענדעט
בלוט געגאָסן אלץ פארלענדעט...

פליעסקע, חברה, שדים, זשומעט,
מינען טראסקען, גלעקער ברומען —
מי כמוך, אשמדאי!...
זעסטו, גאָט, געווען כדאי?...
איצטער וועסטו שוין אין פריידן
בעטן שדים אין גן עדן...



# צופּוסיקע וועגן

שטעלט זיך, באַנען!
פליט ניט עראָפּלאַנען!
איך בענק נאָך וועג
וואָס לאַנדשאַפט באַצייכנט
איך וויל דעם שפּיץ פון עווערעסט
גרייכן...
און נאָך הייפּעלדס געניס,
נאָך פויערים־גרוס,
און רבקהן ביים ברונעם מיט קאַנען...
יאָ, טייערע,
איך בענק נאָכן וואַנדער צופּוס...
דעם אדלער כ׳האָב קאָנען געלערנט
אין אויסזאָג פון הויכבאַרג באַוווינער,
אַן אדלער שוין נאָענט צו שטערן...
אוויאַטאָר, ווי קאָנסטו אזוינעם?...
אין פויערשע הייזלעך
ביים ציכטיקן פייער
האָט קאַרנדיק געוואַקסן
פון אקסן א מעשה
פון אקסן ביז אורוואַלד,
און ערגעץ א פלאַנצער א יונגער —
פון טאַטן, פון אלטן געווונקען —
ווען קיינער געוווסט האָט פון הונגער,
ווען אלע שוין האָבן געטרונקען —
ער צוימט אים זיין וועג, ער מוז בלייבן: —
היינט הויבט מען אַן קאַווענעס קלייבן...
דאַן הער!
ס׳דערטראָגן זיך קלאַנגען אהער
פון פלויערלם זיסער פורניאַלע: —
— ביי לייטן באַזאָרגט מען באַצייטנס
א בחור מיט פעלד און מיט כלה...
ביי לייטן!... אך רייפּע מארעלן
אליך קוועלן און קוועלן
און קאָנען ניט וואַרטן
עס טראָגן זיך כוואַליעדיק טרעלן
און זוכן דעם אויער, דעם צאַרטן...
און וועגן, צופּוסיקע וועגן —

בײ זײ נאָר מען קאָן זיך דערפרעגן
וואָס טוט מען מיט רײפע מארעלן...
זע, טײערע,
אויב אלץ ניט פארלאשן דאָס פײער
מיט מיר בלײב דו זיצן בײם פויער
נאָך אײנמאָל א קוק טאָן צו ליליעס
און שפּעטער שוין מידע, שוין מידע,
נאָך זינגען די לידער
מיט גראמען פון מײלן אקארדן
אָן אויטאָס, אָן צאָלן פון מאָרדן...



# ערגעץ

ערגעץ!...
וואָס ביזטו, ערגעץ?
ווּ ביזטו, ערגעץ?
האָט שוין ווער געזען דיך, ערגעץ?...
איז ביי דיר דער אכטער הימל,
ניינטער ווּנדער,
צען צדיקים פארן סדום?...
אנטפלעק זיך, ערגעץ!...

איר בליענדיקע מארגנס,
דו, צעגליטער מיטנטאָג,
דו, דעמער...
מילדער דעמער! שיק מיר, שיק
דעם ענטפער מיטן אָוונט...
קומען אָוונטן מיט מונטער מיט אזוינעם,
ווערן, אָבער, איבער נאכט יתומים...

אפשר איר, מרומים!...
אלפן הויכע,
יונגפרוי העכער,
און גבוה מעל גבוה
עווערעסט!
קוקט אריבער צייט,
אריבער ווייט,
אריבער וועלט
ביזן שיינעם סוף כל סוף,
באמערקט איר ערגעץ?
זעט איר ערגעץ?...
שווייגן מרומים,
הייבן
געבן ניט א צייכן,
ניט א סימן
דעם ערגעץ צו רימען...

אייב נישט דו, דיכטער...
עס קלינגט דיין וואָרט

אין יעדן אָרט,
דו יאָ, געוויס!
דו ווייסט ווו ערגיץ איז...

טייטלט דיכטער אויף צוריקוועג
מיט א שלל אנטווישטע העלדן...
ניין, זיי קאנען גאָרניט מעלדן;
פיל געלאָפן,
און געזוכט,
דאָך ניט געטראָפן...
זינגט דער דיכטער צו צוריקוועג: —
זאָרג ניט, וועסט שוין מאָרגן
קריגן נייע זוכערס;
טראָג זיי, יאָג זיי,
זאָג זיי —
ס'איז פאראנען!
באלד פונדאנען!
יאָ געשטויגן,
יאָ געפלויגן;
ערגעץ איז דאָס לאנד פון
צוגעמאכטע אויגן...

אין יענעם לאנד ניט בענקט מען
נאָך א נעכטן,
נאָך א מאָרגן;
היינטן קומען'
קלאָר באשיינטע,
זיי באזאָרגן אלע ווונטשן
סיי אנטפלעקטע
סיי פארבאָרגן...

דאָרטן לאָזט זיך גליק ניט אויס,
נעמט צו פרייד קיין ענדע,
וואר אליין שפינט איר לעגענדע,
פילט־אָן אוצרות מיט כלטוב
אויף יעדנס רוף...

דארטן — הער! ס'איז וואר
ווי רעגנבויגן,

שטייט דאָס שענסטע הויז,
וווינט דער קלוגסטער מאַן,
זי מיט אים, די צאַרטסטע פרוי,
און דו ביי זיי אַלץ קינד, —
קינד וואָס האַלט אין זויגן...
מאַך די אויגן צו, וועסט דערבליקן
באַלד
דאָס לאַנד פון צוגעמאַכטע אויגן...



# טאָג פון „גרינעם״ פעדלער

כ׳צעשנייד מיין יעדן טאָג אויף שאַרף פון גאסן, ווי א לאבן ברויט אויף שטיק,
כ׳צעהענג די שעהן און די רגעס איבער פרעמדע הייף, ווי וועש־שטריק.
און, ווען די זון, א מידע, פון באגלייטן מיך כסדר, טראָט ביי טראָט,
שווימט צו אָונט־צו ארונטער שטיינען־בערג פון ריאָ דע זשאניירא־שטאָט,
כדי צו קושן מיט צעפלאמטן פנים קילן זוים פון אטלאנטיק־קלייד —
— גיי איך לעשן מיינע גלידער אינעם שטילן קוואל פון הייב אין אָונט־פרייד.

יעדן טאָג טראָג איך פאנאנדער בלומען, געמאָלענע אויף שטיקער זייד;
כ׳צינד אָן די תאווה פון די שווארצע צו חנען זיך אין פיל־קאָלירין קלייד.
און ווער ס׳דארף א גען, א ביליקן, אויף פאפיר, צי גאָר אין גאָלד־געקריץ,
קריגט אים גלייך ביי מיר, אן איינצלנעם און, אפילו, אויך א האלבן טוץ...

•

יעדן טאָג פארזיי איך פרישע ווערטער אינעם באָדן פון מיין נייער שפראך.
איך קיי און מעלה־גירה זיי כסדר, ווי אָן זאלץ — א הארטע זאך.
און די הענט מיינע — די יורדים — העלפן אָרעמאניש צו דעם בלאסן וואָרט;
ווייל מיינע פיס, כאָטש זיי זיינען אונטן, האָבן היינט פארנומען ס׳ערשטע אָרט;
זיי פארבייטן ריטם פון הענט, געבאָהעטע אין רויש פון מאָטאָר־קלאנג,
אויף קערנער־טריט צעשאָטענע, אין שטיינערבערג, אָן אויפגאנג פון א זאנג.

און דאָך, דורך אלעם גליט די בענקשאפט, נאָך די פליינען פון מיין טאטנס קאנט,
ס׳לויכטן אויף די העלע צייטן, ווען כ׳איז געוועזן שעפעריש מיין האנט.
און איצטער, ליגט דאָס אליץ פארזונקען אין מיין טרויב, ווי פערל אויפן דעק.
און וויבל כ׳זאָל ניט טובלען זיך אין נעכטן — שאָטן פאלט אויף היינט מיט פלעק.



# אין זכות פונעם נעכטן

איך וואָלט מיינע טעג, וואָס זיינען פארגאנגען,
אין שרעק און אין הונגער, אין פּיין און אין ווייען —
צעאקערט, ווי גרודעס פאר קומענדע זאנגען
עס זאָלן שוין בעסערע צייטן געדייען.

איך וואָלט מיינע יאָרן, וואָס האָבן אין וואנדער
געריימט זייער הארטקייט, ווי שטאָל נאָך א פייער —
פארגראָבן, ווי סלופּעס איינס באַ־אַן־אנדער.
זיי זאָלן מיר היטן די רו, וואָס איז טייער.

עס האָט מיינע טרוימען דער גורל צעדריוועלט,
ווי שפּענדלעך געריסן פון הילצערנע בריקן,
ווען ס'האָבן די נאצישע האָרדעס באַשטיוועלט,
געשפּרייזט צו געפינען אין מאָרד זייער תיקון.

ווען כ'וואָלט פון די ערטער, וואָס כ'האָב אלין באטראָטן
גענומען צו איינציקע זאמדעלעך בלויז —
געסטייעט זיי וואָלטן א תהום צו פארשיטן
און אויך צו געפינען א שוועל פאר מיין הויז.



# מיין טאַטע

(דעם ליכטיקן אָנדענק פון מיין טאטן,
געפאלענעם אין פליטים־גאנג).

אין דמיון מיין העלט־אויף אלץ לעבנדיק מיין טאטע
כאָטש זיין הארץ זינט יאָרן צוועלף האָט קלאפּן אויפגעהערט.
כ'זע אים אין היים־שטעטל מיינס, אין קרייז פון פעלדער זאטע
נאָר געפאלן איז ער הונגעריק אויף פרעמדער וואגל־ערד.

אויפן ווייטן צפון ערגעץ, צווישן בריימע קאלטע טייגעס
בערגלט זיך זיין קבר אין א רויט־פּאָלארער שיין.
הוליען זיך זאווייען דאָרט, ס'איז גאָרניט זייערע דאגות
אז ס'איינזאמט א פארפרוירענער מיין טאטע אונטער שטיין.

רעדט דורך מיר מיין טאטע, כ'דערקאָן אין קול זיין ציטער.
בליקט אדורך מיינע אויגן, מיין גורל־גאנג ער זעט;
געוואָרן כ'בין זיין המשך — געוואָרן טאטע־שפּליטער,
פארוואָרפן איבער ימ'ען, איבער ווייטע פרעמדע שטעט.

אזוי לעבט־אויף מיין טאטע, אויך טויט־זיין האָט א שיעור.
כאָטש זיין הארץ זינט יאָרן צוועלף האָט קלאפּן אויפגעהערט,
אריין אין מיינע בלוטן איז, צעצווייט דעם „איך" אין מיר.
איז זענען מיר ניט איינזאם מער, אליין איז ער ניט מער.



# א. כאסין

- דאס ביימעלע
- ווינטערלאַנד
- מיר זיינען יונג און קליין
- שטערנדלעך
- אויף קאַטאָוועס

# א. כאסין



וואָס איז שייך די קינדער־לידער פון א. כאסין. וואָס מיר ברענגען דאָ, האָם זיי שליסן זיך ניט איין, לויט זייער אינהאלט, אינעם דאָזיקן זאמלבוך, דארף באמערקט ווערן, אז דאָס געשעט צוליב דעם, וואָס מיר ווילן ערן זיין אָנדענק אלס איינער פון אונדזערע רעדאקציע־מיטגלידער, וואָס איז אין מיטן דער ארבעט פון אונדז אוועקגעריסן געוואָרן.

ווי אונדז איז באקאנט, האָט כאסין געהאט גרייט א זאמלונג לידער פאר דערוואקסענע. לידער איז געשען, אז מיט זיין טויט איז דאָס האָטעל־צימער, וואָס ער האָט באוווינט, געזעצלעך פארחתמעט געוואָרן, און עס איז ביז היינט אוממעגלעך געווען עפעס פון דאָרט ארויסצובאקומען. ווי זיין גאנצע ירושה, אָן יורשים, אזוי אויך זיין פען־ירושה ליגט אונטער׳ן שלאָס.

צום גליק האָבן זיך די עטלעכע קינדער־לידער געפונען אין די הענט פון א פריינד, און אים צו דאנקען האָבן מיר געקענט כאָטש אויף דעם באשיידנסטן אופן ערן זיין אנדענק אין דעם זאמלבוך, צו די ערשטע הכנות פון וועלכן ער האָט צוגעלייגט א גענייטע האנט.

# דאָס ביימעלע

וואקסט אין פעלד א ביימעלע —
ס'איז נאָך זייער קליין —
האָט עס מורא, ס'קליינינקע,
דאָרט צו זיין אליין...

וואָלט נאָר תמיד טאָג געווען,
האָט מען וואָס צו טאָן:
שפּילט מען זיך מיט זונענשיין,
פייגל פליען אָן —

און פון פרי א פויערל
ארבעט דאָ ניט ווייט;
איז שוין גאָרניט אומעטיק
צווישן אָט די לייט.

רוקט זיך נאָר די נאכט אראָפּ,
שאָטנס קומען אָן —
האָט עס מורא, ס'קליינינקע,
ווייסט ניט, וואָס צו טאָן...

ס'קען זיך שוין ניט שפּילן מער
מיט קיין זונענשיין.
ס'גייט אוועק דאָס פויערל,
פייגל שלאָפן איין...

פליט א ווינטל צו און זעט:
ביימעלע פארטראכט —
האָט רחמנות, ווינטעלע,
וויגט אים שטיל און זאכט.

וויגט אים שטיל און וויגט אים זאכט:
— איי, לי, ליו, לי, ליו:
קושט אים יעדעס בלעטעלע:
— שלאף אין זיסער רו.

הערט זיך צו דאָס ביימעלע
און עס דרימלט איין;
חלומט עס פון פויערל,
פייגעלעך און שיין.

# ווינטערלאַנד

הײנט דערצײלט האָט אונדז דער לערער
פון אַ ווייטן־ווייטן לאַנד,
וואו אַ שניי אַ קאַלטער, ווייסער
פאַלט חדשים נאָכאַנאַנד.

ווייס איך ניט, וואָס שניי קען הייסן —
בין דאָרט קיינמאָל ניט געווען —
כ׳האָב נאָר איין מאָל אין אַ קינאָ
אַזאַ ווינטערלאַנד געזען:

אַלע ביימער זיינען ווייסע,
האָבן דאָרט קיין בלעטער ניט;
מענטשן ציטערן פון קעלט דאָרט —
און דאָס ווייסע שיט און שיט...

און אַ טייכל, אָט אַ טייכל,
ניט קיין וואַסער, נאָר גאָר אייז!
און די הייזער און די גאַסן —
אַלץ איז איינגעהילט אין ווייס.

ס׳מוז דאָרט זייער קאַלט זיין.
ווי־זשע לאָזן מאַמעס גיין
דאָרט די קינדערלעך אין דרויסן? —
קען איך טאַקע ניט פאַרשטיין...



# מיר זיינען יונג און קליין

(קינדערמארש)

מיר זיינען יונג און קליין,
די וועלט פאר אונדז איז שיין —
א וועלט פון שפיל, פון ליד און טאנץ.
אזוי־אָ לערנען מיר, אזוי־אָ זיינען מיר —
פון קינדער־בלימעלעך — א קראנץ.

אין אונדזער ליבער שול
די לופט מיר מאכן פול
מיט העלער פרייד און יידיש־קלאנג.
אזוי־אָ זיינען מיר, אזוי מארשירן מיר
מיט מונטער־פריילעכן געזאנג!

# שטערנדלעך

מיר זיינען קליינע שטערנדלעך
אין בלויען הימל פיל;
מיר זיינען פאר די קינדערלעך,
וואָס זיינען גוט און שטיל.

מיר קוקן דורך די פענצטערלעך
צו זיי א גאנצע נאכט —
און שפינען זיי אין זיסן שלאָף
חלומות — גאָר א פראכט.

און ווען עס גיט א בליאסק אויף טאָג —
מיר דארפן זיך צעגיין —
דאן פליסטערן מיר: — קינדערלעך,
שוין צייט באלד אויפצושטיין!



# אויף קאַטאַוועס

איינס, צוויי, דריי, פיר —
כ'האָב א מעשה'לע פאר דיר;
ס'איז א מעשה'לע א שיינס,
ניט קיין גרויס און ניט קיין קליינס.

הער: — געגאַנגען איז אמאָל
אויף א בארג און איבער טאָל,
איבער פעלד און איבער וואלד —
ווער און וואָס? — אָטאָ באלד...

יאָ, — געווען איז דאָס א ריז,
שרעקלעך גרויס און זייער מיאוס:
לאַנגע ציין און אזא נאָז!...
און א מויל — ניטאָ קיין מאָס.

שפּאַנט ער זיך אזוי, דער ריז,
מיט די גרויסע פיס,
קומט אים אָן אנטקעגן — ווער? —
כאַ, כאַ, כאַ — איך וויים ניט מער!

ניט געהערט און ניט געזען —
דאָס איז בלויז א שפּאַס געווען;
איינס, צוויי, דריי, פיר —
כ'האָב זיך נאָר געשפּילט מיט דיר...



# ש. קאראקושאנסקי

- פרילינג און ווינטער
- צוגעפאלן איז די נאכט
- א לעבן
- געגרייזט
- טאָלישער בירגער
- אין כישוף־קרייז
- מיר קומען
- מיר, שיפער

# פרילינג און ווינטער

ער גיט נאָך א טרייסל,
אמאָל נאָך מיט גבורה —
כאלט זילבער ארונטער
פון קאָפּ, און דאָס פּנים
כארגלעט זיינע קנייטשן,
און פרילינג קומט מונטער.

קומט פרילינג, זינגט פויגל
אויף בוימער, אויף
גרינע,
מיט העלן פרימאָרגן,
אויף בלומען צעבליטע,
און טראָט זיינער — יינגער,
און יינגער זיין
מינע.

קומט פרילינג — גוּאַנאַבאַרא
אין גרינעם געהילטע,
גלאנצט, שפּיגלט אָפּ
מילדער
דעם הימל, זינגט שיפער —
אין האַרץ זיינס אן אָפּקלאַנג:
פול הימל־בלוי־בילדער,

אָט וואַרפט ער, באַלעבאַטער,
צעוואַרעמטע בליקן
אויף יונגע
דעקאָלטן
פון חוה׳ס, פאַרוויטלט —
סע ווילט זיך פרימאָרגן
אליך לענגער
פאַרהאַלטן.

ער שפּאַנט אָבער ראַשיק,
אָט איז שוין טאָג האַלבער!
אָט נויגט שוין זון זיכער
צו איר נאַכטיק
געלעגער!
אָט אומעטיק קלינגט שוין
פון „מעסבלא" דער
זייגער!

אָט איז בין השמשות!
צעציען זיך שאָטנס —
סע ווינטערט שוין
ווידער!
אָט ציטערן שטערן,
סע רינען, ווי טרערן,
פון די ראַדיאָס
לידער.



# צוגעפאלן איז די נאכט

צוגעפאלן איז די נאכט
ווי אן אומגעריכטער גאסט —
האָסט געפרעסן, האָסט געזויפט,
צי גאָר שטילערהייד געפאסט?

האָבן אויטאָס דיך געוויגט,
צי אויף שינעס האָסט געבאנט?
האָסט אויף כוואליעס זיך געשיפט?
אויג געקושט האָט האריזאָנט?

האָסט פון זון גענאָסן פול,
צי פארשפארט געוועזן דו ביסט?
האָסט געאָטעמט פרייע לופט,
צי געאָטעמט האָסט מיט מיסט?

איז געווען א מידער טאָג,
אלץ געקומען איז פארקערט?
וואָס גענומען האָסט אין האנט,
איז געפאלן גלייך צו ערד?

און די מענטשן וואָס באגעגנט
האָבן אויסגעקוקט ווי בייז,
אינוואלידן רק געקלאָגט:
גיב א סענט, גיב אונדז, דערלייז?

פעט־געשמינקטע גאסן־פרוי
האָט געשמייכלט פאלש און פרעך:
וואָס אין לעבן צערטלעך איז,
קום מיט מיר, פארוואָרף, פארשווער?

און די ווילגעבוירענע,
הויך פאריסן קאָפּ פון זעט,
האָבן צוגעפינטלט שלוי,
און קיין וואָרט ניט אויסגערעדט?

צוגעפאלן איז די נאכט,
טאָג אוועק איז אָפּגעבריט,
ביסט א היים דערגאנגען קוים
אונטער לאסט פון שווער געמיט?

לאָז פון טאָג דעם טשאד ארויס־
בייזער חלום איז אוועק!
זוך דיר איצט א שטערן אויס,
און דיין בליק אין אים פארשטעק.

רו א רגע אוים אזוי,
און מיט שטערן־ליכט און בליק
קוש ווייב־שוועסטער צערטלעך־טריי,
און ווי פאָטער קינד פארוויג.



# א לעבן

א לעבן פול אומרו,
פול בענקשאפט, אָן נאָמען,
פול ניט־אויסגעלעבטע
פארלאנגען און שטרעבן,
פול אנגסט פון דערוואַרטן,
פול בראַנד פון אזאַרטן.
א לעבן.

א לעבן פול ראַנגל
מיט זיך,
מיט אַרומען,
פול ציטער,
פול צאַפּל,
פול פלאַטער נאָך עפּעס,
וואָס, טרייסטיק
זאָל קומען.

וואָס טרייסטיק,
פולווערטיק,
זאָל קומען פאַרפּילן
די בלויזן פון יאָרן,
אָן יום טוב,
הוויל חול'ן.

זאָל קומען פון ערגיץ,
פון לאַנד אומבאַקאַנטן,
פון גאָלד־האָריזאָנטן,
פון יענער זייט בריקן,
זאָל קומען,
זאָל שיקן,
זאָל ברענגען
פולזיניק,
באַלזאַמיש,
א תיקון.

# גענגרייזט

געגרייזט א גאַנץ לעבן! — אַליין זיי זיך מודה.
שוין עלטער געווען זיינען טאטע און זיידע:
אין פּשטות, אין תּמימות געטראָגן די יאָכן
און ווייטער געקייטלט, קיין רינג ניט געבראָכן,
געאָטעמט ווי תּפילות, געלעבט ווי מזמורים —
פון איינזאַמקייט ריטער, וואָס קענסטו זיין גורם?
א קוק אין די בלעטער פון אבות געניטער,
און ס'ע דונערט און בליצט באַלד חרטה־געוויטער.

אָט הער ווי אין שכנות, איז דיינע פיר איילן,
דערדריקטע מיטצייטלער ירושה פאַרטיילן
צו זין און צו אייניקס, מעלאַנכאָליש צופרידן,
כּדי באַלד צו בלאַנקען פאַרלאָזטע, אינוואַלידן
נאָר פרום אויף דער עלטער זיך זאָגן גענומען
טאָג־טעגלעך א קדיש, א זיפציקן, פרומען.
אַליין נאָך זיך קדיש זיי זאָגן, די פרומע,
פאַר אייגענעם המשך, פאַר המשך פון אומה.
צו זין און צו אייניקס — ישראל, צי כּהן —
זיי אייגענעם קדיש ניט ווילן פאַרטרויען.
אין געשען אַלץ געשעט דאָס אָן דעם דו זאָלסט וויסן,
און עס זיינען דאָך דיינע, אויך דיינע, די ריסן.

א דור איז גע'סילוקט — אָט איז דער סך הכל!
אומזיסט וועסט באַלד זוכן, מיט ליכט און מיט פאַקל
א פּנים, וואָס היימיש זאָל זיין דיר און אייגן,
וועסט טאַפּן אויך בלינדע שאָסייען און וועגן,
אין א לאַנד, אין א פרעמדן. און ווילד־אומבאַקאַנטן,
ווי ערשטער, ווי לעצטער פון נאַכט־עמיגראַנטן.

געגרייזט א גאַנץ לעבן! — נאָר זאָל דיין בליק פאַלן,
כאָטש איצטער, פאַרשפּעטיקט, אויף אייגענע גבֿולן.
ווי זיינען פיל אומעט, דאָס האַרץ צו פאַרצערן?
— דאָ וואַרצלען, צי פוילן, דיין שכר און דיין קרן.



# טאָלישער בירגער

ביסט אויף בערג ניט געקראָכן,
ניט געקלעטערט אין הייכן,
ניט געזוכט אין מרחקים,
אומבאקאנטע, א תוכן.

האָסט אין טאָל דיר געפונען
גאנץ גענוג צו פארפילן
דיינע יאָרן באשערטע,
אין טאָלישע גבולן.

האָסט אין טאָל דיר געפונען
דיין געבעט צווישן נעסטן,
און אז צער איז באפאלן,
איז געווען ווער זאָל טרייסטן.

און אמאָל, בין השמשות,
האָסט געהערט, האָסט פארנומען
פונעם כישוף דאָס וואָרטשן,
פונעם דעמאָן דאָס ברומען.

און צו הייכן, פארכישופט,
האָסט אן אויג דו געהויבן,
און אין וויל פון דער נידער,
שיר פארלוירן דעם גלויבן —

האָט דיך טאָל באלד געטוליעט,
טריי־מאמיש צוגעבונדן,
און א טאָלישער בירגער
ביסט געבליבן, אָן ווונדן.



# אין כּישוף־קרייז

אויפן קיילעך פון דער ערד
איז אויך קיילעכיק דער זיין,
ניט ארויסצוגיין פון קנויל,
באלד דו פאלסט אין אים אריין.

אז מיר טאנצן, טאנצן מיר
אָט דעריבער אין א ראָד —
אלט שוין, אלט איז דער געדריי,
נאָר ארויס פון אים — א שאָד!

אז מיר טרינקען איבער זיך,
דרייט זיך וועלט דערפאר ארום;
אויך די זון איז קיילעכיק,
ווען דו קוקסט אויף איר ניט קרום.

וואסער־קרייזעלעך האָסט האָלד,
ליבע רונדיק נעמסט ארום,
און לבנה, ווען ז'איז פול,
רונדיק קוקט צו דיר און פרום.

דרייט זיך רונדיק קארוסעל —
רונד אהין און רונד אהער,
רונד פון פויגל איז די נעסט,
פונקט ווי קיילעכיק איז טרער.

רונד איז זאנג און צווייג און בלאט,
רונדיק טריפט אקאָרד אראָפּ,
רונדיק גלאנצט דער טראָפּן טוי,
קיילעכיק איז אייג און קאָפּ.

און די צייט איז אויך אזוי:
דרייט זיך, דרייט זיך, קומט צוריק
צו איר אויסגאנגס־פונקט אין קרייז,
ווי פון מענטשן צער און גליק.

איז דאָס לעבן קיילעכיק,
לאָזט זיך אויס ווו ס'הויבט זיך אָן;
אז עס קומט די זעלבע שעה,
קרייט ווידער אמאָל דער האָן.

אז עס קלאפּט אויס די מינוט,
רייסט פון טראכט זיך באלד
דאָס קינד,
רייסט צום ליכט פון טאָג און זיין,
נייעם נפש וועלט געווינט.

אז עס קומט צום פונקט פון נאכט,
זון פארגייט און לעשט זיך אויס,
און צומאָרגנס זי דערוואכט,
ווי אין גאָרטן רונדע רויז.

איינגעצוימט אין כּישוף־קרייז,
צוגעבונדן, ווי מיט שטריק,
דרייט זיך זון און דרייט מיך מיט,
לעבט אין זכות זי פון מיין בליק.

לעב אין זכות איך פון איר שטראל,
אָטעמט אין מיין זכות די ערד,
און פון שטערן ווידערגלאנץ —
פון בראשית-קרייז באשערט.



# מיר קומען

מיר קומען אהערצו, פון וועמען געשיקטע,
אויף שווארצן, באשטראלטן פּלאנעט און באגרינטן,
פון וועמען געבראכטע אויף ערד, אויף באזונטער,
געשפּרענקלט־געמאָלטער מיט אייביגע טינטן?

און מאָרגנרויט לאָקט אונדז און הימלבלוי כישופט,
און שטערן אונדז ווינקען מיט סודות פארבאָרגן —
מיר שפּאנען פארשיכורט, מיט בלוטן צעזונגען,
מיט שטאָלץ אויפן היינט, אויפן נעכטן און מאָרגן.

און אלפן, און אנדרן מיט הייכן אונדז מאניען.
און ימים אונדז בעטן די טיף זייערע מעסטן,
און טריט פון בראשית אונדז בעטן זיי פאָרשן,
פון קולות און בת־קול'ס פארהוילענע נעסטן.

מיר קומען אהערצו, פון וועמען געצערטלט,
אין עדן פון לעבן, פון ליכט, אראָמאטן,
מיט אויגן צו קוקן און גאפן פארבענקטע,
מיט טויט און מיט לעבן אינאיינעם געקנאָטן?

מיר קומען מיט כח און חולשה געזיווּגט,
מיט אנגסט און התפּעלות צוזאמענגעהאָפטן,
מיט גאווה פון אדלערס און מאלפּישער שפלות,
מיט שפע און מאנגל — אָט גואל, אָט קאפטן.

אָט גרייכן מיר הייכן, אָט רייסט אונדז די נידער,
אָט טוט אונדז די שפע פארפּלייצן, פארגיסן,
אָט פלאמט דאָס התלהבות — צופוס אונדז די אנדן!
אָט זיינען מיר שקלאפן פון אָרעמען ביסן.

מיר קומען אהערצו, פון וועמען געטראָגן,
אין אָרעמס ווייך־צארטע, צי גיפטיקע שוויסן,
צו בליען און וואקסן און קאָרטשן זיך, וועלקן,
ווי ביימער, ווי גראָזן, און גאָרניט זיין אויסן?

מיר קומען אהערצו, פון וועמען געפירטע,
אין גאָלדענע וויגן, צי קופּערנע קייטן?

אין טראנס־שפּיל פון מאנישע פארבן און קלאנגען
איז ציפּאל נאָר בלינדער, וואָס טוט אונדז באגלייטן?

מיר קומען אהערצו, פון וועמען פארנארטע,
פון קאָסמאָס די אייביקט־טריש נאָר צו הערן,
פון שטערן דעם אייביקן גאנג און פון זונען,
און אליין זיך צו לעשן אין אש פון באגערן?

מיר קומען ניט אפשר ווי אייביק־געזאלבטע
פון דענקען און פילן, און גלוסטן, און גארן?
ווי שטעלט־זישע הארץ אָפּ זיך? ווי רייסט זיך אָפּ פאָדעם?
ווי פרייד איז פון פריידן פאר צער פון צערן?



# מיר, שיפער

די כוואליעס — זיי ברויזן, דער ים איז צעהוידעט,
מיר זיינען פארמשפט, ווי אייביקער נודד,
צו וואגלען און זוכן דעם וועג צו די זונען,
דעם וועג צו די שטערן, סע ווערן צערונען
די טעג און די יאָרן, מיר זוכן און וואָגלען
מיט הוילער אמונה אין שטורעמס און האָגלען.

מיר שלינגען מרחקים, אָן אָפּרו, און פרעגן:
צו זון און לבנה ווי זיינען די וועגן?
— מיר זעען ניט קיינעם, א שטים נאָר מיר הערן:
פאָרויס נאָר, פאָרויס נאָר איז וועג צו די שטערן!
און ווייטער מיר שיפן, אָן צייט און אָן דאטע,
פארווירטע־פארזויפטע און הונגעריק־זאטע.

דער אנקער ניט אנקערט — מען דארף זיך אלץ איילן
פון הימל דערווישן די אייביקע זיילן.
סע ציען אונדז ווייטן, סע רופן אונדז טיפן,
פון אומרו געשטויפן, מיר שיפן אלץ, שיפן.
ווי פאָרט איז די גרענעץ פון זון און פון שטערן?
מיט הוילער אמונה מיר נערן זיך, נערן.
אָט ווינקען אונדז הייכן, אָט שרעקן תהום'ען,
צי לעבן מיר, וואכן? צי טרוימען מיר, טרוימען?
צי פירט אונדז גאָטס אָרעם, צי לאכט פון אונדז שטן?
צי איז מען יתומים? צי האָט מען א טאטן?

די כוואליעס — זיי ברויזן, מיר ציען אלץ ווייטער,
און אָט גאָר באווייזט זיך א שד, וואסער־רייטער
און לאדט אונדז צו מאָלצייט פון נאכט, אומבאקאנטן!
מיר גלאצן די אויגן אויף אלע פיר קאנטן:
וואָס הייסט עס פארבעטן אונדז פלוצים, אומווילק?
נאָך איידער געשלאָסן דעם חשבון קומט סילוק?
ניט איינמאָל געאנקערט, נאָר ווייטער געצויגן,
מיט אנגסט אין די בלוטן, מיט בלוט אין די אויגן.
אָט האָבן מיר שיר ניט דערלאנגט צו די שטערן,
און ער הייסט זיך פאקן אזוי גאָר אומגערן!
די געסט און מיטשמועסער ווער זיינען דען דאָרטן?
און ווייַן און שאמפאניער צו גיט מען און טאָרטן?

מיר פערלען דאָך פאנגען,
געפארבטע מיט באנגען
און אוצרות אנטדעקן
פון ים איפן בעקן
פון וויזיע־דימענט,
עק וועלטן וואָס סימנט,
און רמזים מיר אנען
פין הימלישע פליינען
רמזים, צי גאמעס,
פון צוקונפט וואָס שטאם איז
דער ווינט זאָגט אונדז אונטער
אלץ בולטער, בונטער...
און גיי, לאָז עס איבער
פאר מולד, פאר עבור;
פאר זומער, פאר ווינטער —
אָט ברענט ער, אָט צינדט ער,
דער מזרח בארג־שפיצן —
ווער ווערט עס אלץ שיצן?
און ליובען ווער וועט עס
אלץ שיין און וואָס נעט איז?

מיר קוקן דערשראָקן אויף שר וואסער־רייטער:
צי שווייגט ער זיך ביטרע? זיין ריכטונג צי בייט ער?
צי איז ער בטבע א פינסטערער, בייזער?
צי איז ער געשפענסטלעך? צי גאָר א דערלייזער?
ער שווייגט אלץ און רופט אונדז מיט לשון, מיט שטומען —
די כוואליעס — זיי ברויזן, דער ים איז באנומען,
סע הופט דער געוויטער — א זקן, א קראנקער,
מיר, שיפער, מיר לאָזן ארונטער דעם אנקער...

מיר גייען צום מאָלצייט און פרעגן אלץ, פרעגן:
צי זון און לבנה ווי זיינען די וועגן?
פאָרויס נאָר, פאָרויס נאָר! — א מורמל מיר הערן.
צי מורמלט עס אָפגרונט? צי מורמלען עס שטערן?



# פּיניע פּאַלאַטניק

# כבד-פה

פארביי מיר אדורך איז א פייער,
בארירט האָט מיין גומען און צונג.
בארירט אויך מיין לייב, און פארביי ער,
געלאָזט נאָר אין בלוט האָט א פונק.

דער פונק דאָרט צעוואקסט זיך אין פלאמען,
אָט לעשט זיך, אָט צינדט זיך אויפסניי,
אין בלוט ווי עס ברענען די סמ'ען
וואָס סתירה טוט מישן דערביי.

פונוואנעט דאָס פייער געקומען —
פון סנה, צי פון אויטאָ־דאַ־פע?
דער פלאם האָט, נאָר ווייס איך, מיין גומען
צעריטלט — איך בין א כבד־פה.

זינט דאן אז איך הער־ניט־אויף שטאמלען
ביז שטומקייט האלט צונג צוגעשמידט,
זינט דאן אז איך הער־ניט־אויף זאמלען
פון ווארט יעדן ברוכשטיק און שפליט.

זינט דאן אז דאָס וואָרט ליגט צעשאָטן,
בלייבט נערן זיך בלויז מיט זיין ברוך;
ווער גיט מיר זיין ליכט, צי זיין שאָטן,
זיין בענטשונג, אלצאיינס, צי זיין פלוך.

דאָס פייער געוואָרן מיין חיים איז,
מיין וווינאָרט זינט דאן איז אין פלאם.
זאָל ווינען אויך דאָרט אין זיין שלמות
דאָס וואָרט מיט זיין האָניק, זיין סם? —

קום וואָרט, צי ארונטער פון גומען
די פיין וואָס מען רופט איר „כבד־פה"
ברענג גאנצקייט פון לייבישן ברומען,
ברענג פולקייט פון שעפסנעם „מע".

פון ווייטע מרחקים, פון שטרעקעס
א פייער דערגרייכט האָט מיין צונג,
מיין לייב אָנגערירט און אוועק איז,
געלאָזט נאָר אין בלוט האָט א פונק.

פון וואַנעט דאָס פייער זאָל שטאַמען
פון אויטאָ־דאַ־פע צי פון סנה,
וואָס וויים איך? — איך ווייס נאָר הויל שראַמען
מיין וואָרט איז — איך בין אַ כבד־פה.



# קאָפּאַקאַבאַנאַ

קוים דער טאָג זיך לעשט, שוין צינדן זיך פֿון גוף די פֿארגעניגנס
וואָס דער אָוונטווינט אויף פֿליגל האָט פֿון ערגעץ אֶנגעבראכט,
טראָגט איר ליפּ קאָפּאַקאַבאַנאַ צו דעם כוס פֿון זיסן ליגן:
— „העי, ס'איז זיסער נאָך פֿון ווייַן מיין פֿרייד אזוי־אָ אינדערנאכט!"

איר צופֿוסנס וויגט דער ים זיך. איר צוקאָפּנס בערג אין דרימל
איבער איר א הויכער הימל, שטערן, שטערן אָן א שיעור,
און אינמיט רק וואנט און מויער, טיר און שוועל, א טרעפּ־געווימל,
(צווישן זיי דאָרט קרייזן לעבנס אונטער גורלס האנטבאריר).

א געשמינקטע פֿילקאָליריק שפּייַט די נאכט מיט פֿייערסטענגעס,
פֿולע קריגלעך מיט הנאה'ס זי צעשטעלט ביי ראָג און סקווער.
ס'איז פֿאר אדמ'ס קינדער וועגן, זאָלן שטראָמען זיי אין מענגעס
ווער נאָר ס'וויל דעם פֿיבער לעשן פֿארבעט זי: קינד, אהער!

אויף א בארג א הייזקע טונקלט, אין איר בויך דאָרט שלאָפֿט דער נעגער
אין זיין שלאָפֿנדיקן בלוט לויפֿט־אום צעוואכט דער טרויער בלויז,
לאכט קאָפּאַקאַבאַנאַ לאכט: — „פֿארראטן כ'ברי־אויס אויף געלעגערס
ווער נאָר דורשטיק איז זאָל קומען, זאָל ער קומען אין מיין שויס.

אָטעמט הייס די נאכט. פֿונוויַיטנס טויזנטשוייביק ווינקט א מויער,
אונטער סאקסאָפֿאָנס געלעכטער נאקעט שפּרינגט א פֿאלשע פֿרייד.
שוימט דער בעכער ביים געפֿילדער פֿון תענוגים ווילדע רויע,
זעט דאס צו די הייזקע אויבן ביי דער נויט דאָרט אויף דער קייט.

אין א ווינקל פֿון דער הייזקע הענגט א יעזוס פֿאר א דרייער,
צו דעם שלאָפֿנדיקן זיינע ניטדערזאָגטע רייד ער ווענדט.
אין איר גרויען העמד אקעגן ווארט די דחקות און פֿארביי איר
שלייכט א שאָטן הין און קריק מיט פֿולע קוישן רויב אויף ד'הענט.

הערן־איין זיך דרום־שטערן צו דער שלאכט וואָס שטיל און גרוילק
צווישן הייזקע און דעם מויער גייט־אָן אונטן ערגעץ־ווו:
אין דער הייזקע יערט דער צאָרן. לאכט דער מויער טויזנטמויליק —
— „ס'איז דער וועג פֿאר דיר געשפּארט דאָך" — און די שטערן האָרכן־צו.

אין דער לופט א לידל כוואליעט, סע דערציילט פון נעגערס ווייען
„לאָמיר זינגען, ווייל דאָס זינגען וואַרפט אויף צרות־אָן א שרעק”
באלד פארגייט עס. ס'טוט די נאכט דאָס טרויערלידל אויך פארדייען
און דער ים א שטילער וויגט זיך, קושט די זעמדלעך אויס פון ברעג.

הילכן טריט ווו, וויגט זיך שאָטן פון דאָרט איינעם א געגארטן,
וואָס דער מויער פון זיין בויך האָט אויסגעשפיגן אויף אספאלט.
ס'פירט דער וועג צוריק אהיים אים, נאָר דער וועג — ס'האָט ווער געשפארט אים.
שלינגט דער נאכט־תהום זיין שאָטן, ביז פארשלינגט אויך זיין געשטאלט.

ס'שטארבן לעצטע נאכט־אקאָרדן. מויערס שויבן שוין זיך לעשן.
שטייט א ליידיקער דער בעכער. מזרח ברענגט די זון אויף ד'הענט.
קלאפט דער טאָג אין נעגערס שויבן אָנגעטון אין גאָלד און מעשן,
נאָר געבויגן פאר זיין שוועל די נייט זיך וויטעט און געגענט.



# דער דערלייזער פון שטיין

און אויבן העט־העט —
אויפן שפּיץ קאָרקאָוואַדאָ,
אונטער שטערן נע־ונד'ע,
בלויז פון שטאל דער סקעלעט,
אָן נערוון אָן בלוט,
מיט מוסקל פון שטיין,
דאָרט שטייט דער גאליליייער —
שטייט איינער אליין.

* *
*

דעם הימל פארלאָזט האָבן געטער —
ניט אנדערש עס איבלען
אומענדלעכע רוימען
פון הימלישע הויכן
— די הויכע תהומ'ען
וואָס לעבצן נאָך תוכן,
וואו ס'קומען צענויף זיך די סודות
פון אלע וועלט־עקן,
פון וויט־וויטע תחומען,
וואָס ווארפן א שרעק־אָן
און שטומען און שטומען.

* *
*

א מידער
מיט ווינטן און וואָלקנס
געשפּרעכן צו פירן,
שיקט ער
אראָפּ צו דער נידער
זיין בליק מיט באדויער,
אהין דאָרט —
אין עמק הטרויער,
וואו ס'ליגט די ירושה צעפלינדערט
דורך מענטשעלעך־מילבן
דורך מענטשעלעך־נארן
וואָס שמידן די שווערדן
און שטעלן אלטארן — — — —

שיקט ער זיין בליק אראָפּ
אונטן אין טאָל,
ווו ס'ז אויך געשטאַנען
זיין וויגל אַמאָל
(אין א ווינקל פון גליל).
און ס'רינען רעיונות
דורך שטייניקע פּאָרן
אריין אינעם נאכטישן חלל:

כ'האָב געשענקט זיי א חלום
(וואָס מיר האָט
ישעיה פון אַמוץ פארטרויט אים)
א חלום
וואָס האָט רעגנבויגיק געבלענדעט,
און זיי דאָרט
די שוטים —
אין טאָל אים
פארשליידערט,
געשענדעט,
ביי שייטערס זיי האָבן
די פליגל פארברענט אים,
פארלענדעט,
זיין גינגאָלד
פאר פינצטערע ראָבן
געשטעלט אויסצופּיקן — —
— — — — — — — — — — — — — —
און מיך דאָ, העט־הערט אויף א בארגשפּיץ
אין שטיין אויסגעזוכט מיר א תיקון.

* *
*

א מעשה'לע לויטערס
(איך האָב עס אנטליען
ביי ווייטע נביאים)
געזאלבט מיטן רויט פון פארטאָגן,
געבראכט זיי צו טראָגן,
און זיי דאָרט
אין עמק הפלאָגן
צווישן ווייריך,
פארקלויסטערטער ליבשאפט

און שנאה וואָס לאָקט ביי די ראָגן,
דאָס מעשה'לע האָבן
אויפן צלם פון האס
צוגענאָגלט.
זיין גאָלדענער תוכן
מיט גאזקאַמער־רויכן
אוועק, אומגעקומען — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —
און מיר אָנגעוויזן א בארגשפּיץ א הויכן
פארמשפּט צו אייביקן שטומען.

* *

מיט א וואָרט זייער לופט
כ'האָב צעטרייסלט,
צערודערט,
צעשטויסלט
זייער רו דאָרט.
(אן עכאָ, א צייכן
פון וואָרט וואָס טוט שטאמען
פון פייער און פלאַמען
אויף סיני'שע הייכן)
געלעכצט נאָך אן אויער
האָט ס'וואָרט אין דער נידער —
וואָס שמאַכטעט צעשפּאלטן,
צעריסן, צעגלידערט.

געפּאָרשט האָט דאָס וואָרט אויף געמיטער,
וואָס זאָלן מיט ציטער
אויפנעמען זיין זאָמען,
פארזייען אים, פלאנצן
אין טאָלישע תהום'ען — —

נאָר זיי דאָרט —
זיי האָבן די פּערל
אויף גלאנציקע גלעזלעך
פארביטן,
מיין וואָרט אין געצאפּל
פארפלוידערט
פארפלאפּלט,
פארמיטן:

אין הימלשע טייטשן
געפּענטעט, געבונדן,
אזוי אז זיין זין האָט
פארלוירן, פארשוואונדן. — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —
און מיך אויף א בארגשפּיץ פארשיקט
אונטער שטערן ווי טריפיקע וווּנדן.

* *
*

ניט פארשטאנען סיי פון מענטשן, סיי פון געטער שטייט אזוי ער
א פארפיינטער פון סד־הכל׳ען וואָס פירט אונטער נאכט ביי נאכט;
אין זיין צעמענטענעם גילגול לעבעט אצינד דער גאליליייער
צו פאַרשווינדן אינעם ניט־זיין רואיק־טיפער טראַכט.

פון דער ווייט אין גרינעם מאָך א שטיין אים וועקן נעמט פון רעיון;
„צו דיין אלטן שטאם באהעפטן זיך קום, ברודער קום!" — ער רופט.
א באגליקטער ער פארמעסט פון מאָנומענט זיך צו באפרייען,
פון די צעמענטענע פּענטעס אויפצולייזן זיך ער פּרווּוט.

אין דער שטיל אזוי ער נידערט, אז ס׳זאָל קיינער ניט דערהערן
טריט ביי טריט פון קאָרקאָוואדאָ, פון דער איינזאמקייט באגלייט.
אינטן גאפט דער טאָל, עס שטוינען בערג, דערשראָקן בלייבן שטערן,
ווען ער ברעכט אין א געוויין־אויס, פאלט צו שטיין צו און אין פרייד

א צעקניטער האלדזט אים, קושט אים, טוט מיט אים צעניוף זיך גיסן,
ציטערט־אויף די רו פון וועלטן ביי דעם אויסטערליש געוויין.
נאָר די שוויגעוודיקע גראָזן, נעמען־אויף אים, און באגריסן
אַ־דעם שטיינערנעם דערלייזער וואָס איז עלנטער פון שטיין —



# ביי אַן אייגענער מסיבה

(געווידמעט מנשה האלפערן)

— א —

אצינד לאָמיר שפינען די שורה פון לויב
דער שרייבער־מסיבה אווו צענויפגעקומען
זיינען ברידער פון פען הינטער אָוונטיקער שויב
מיט האָניק פון יידיש אויף טרוקענעם גומען.

ראָלט מען דעם פאַדים פון עבר און מען ראָלט,
וויקלט מען פאנאנדער דעם פארמעט פון זכרון,
ביז די אָנהויב־טעג ווען פון חלום דאָס גאָלד
געלויכטן האָט להכעיס די זיבן גרויע וואָרן:

ווי מ׳האָט זיך קעגנזייטיק געשפייזט און פארהיט
ווי אין דער פלאנצן־וועלט — די סימביאָזע,
ווער מיט די בשמים די דינגע פון ליד,
ווער מיטן קאָרענעם ריח פון פראָזע.

איינער פון זיי שוין אביסעלע גרוי
מיט רייפקייט צעכוואליעט אויף מונטערן שטערן,
האָט געוויזן ווי מען טיילט אָפּ דעם ווייץ פון שטרוי,
דעם סוד און דעם רמז פון וואָרט אונדז געלערנט;

— ב —

מיר זיצן דאָ און ס׳טונקלט די אָוונטיקע שויב
מיט טריבע פינגער קלאפט אין איר א קאלטער רעגן.
די נאכט פארשלעפּט אין ווינקלען איר געזאמלטן רויב —
די לאגלען פול מיט חלום — אונדזער אלעמענס פארמעגן:

ווען די וואָר האָט ביי די ברעגעס פון ווייסל און בוג
און דניעסטער — געלויכטן מיט אזא מין חלום־פייער,
ווען אויף אונדזער פראָסטן טיש האָט געשווימט דער פולער קרוג
און די דורותדיקע שפע האָט געוווינט אין אונדזער שייער — — —

צום קרוג מיר האָבן אלע ביי יענע ברעגעס דאָרט
געצויגן און געצויגן אונדזער דאָרשט אין אים צו שטילן,

געזויגן און געזויגן האָבן מיר מארעך פון וואָרט
אויף די סטרונעס פון יידיש אונדזער ליד אויפצושפּילן.

דערנאָך האָבן געפינצטערט די טעג פון תש"ג,
די שפּע צעטרעמפּלט פון היענעס און שאקאלן,
נאָר דער קרוג — אים אויסגעלייזט האָט דאָס פאָלק פון אונטער האַק
אין גאנג אקעגן פייער, אויפן וועג פון זיין פארפאלן.

— ג —

פון יענער זייט שויב די נאכט א מידע קניט,
און מיר דאָ צעצונדן דעם קנויט פון זכרון —
און רייסן מיט אן אייפער פון לעגענדע דעם צוויט,
נאָר אין ווינקל ווארטן נאקעטע די זיבן גרויע וואָרן, —

האלבן וועג אָפּגעגאנגען — הינטער אָונטיקער שויב
האָבן ברידער פון פען, מיר, זיך ווידער אָפּגעפונען.
אויף אונדזערע פיס רוט פון וועגן דער שטויב
נאָר פון חלום דאָס גאָלד האָט פאררונען, פאררונען — — —



# און דיין וואָרט...

די זאנג, זע, א פארשניטענע צווישן שטעכיקע דערנער,
דאָס גראָז ליגט צעטראָטן אונטער טאַנקישן מיסט,
און דיין וואָרט, א גאָט, הער נאָר, הער נאָר —
מיט זיין זאפט ווערן רייד פון פאלשקייט געזיסט...

און דאָרטן — אָ, פארנעם דאָס שווייגן פון א קינד
נאָכדעם וואָס אים באריזט האָט א באָמבן־שפליטער,
מיט זיינע לאָקן שפילט זיך נאָך א שטיפערישער ווינט,
און מיט דיין נאָמען — דער צעהוליעטער געוויטער...

דיין ערד, זע, א געפאלענע, אין א טוניק פון שאנד
איינגאנצן פון שטעכלדראָט פארשפינט און געפאנגען,
אז ניט מעגלעך מער, אָ ניין, אויסצושטרעקן א האנט
דיין הימלזוים דעם דינעם צו דערלאנגען — — —

צווישן גופל פון קינד וואָס געהיילינקט אין טרויער
און אויסגעשטרעקטער האנט וואָס נאָך הימלזוים גארט
וואָגלט אום דיין וואָרט, זוכט אן אָפענעם אויער,
נאָר דער וועג צום אויער איז פון דראָטנצוים געשפארט...



# ויראה ה׳ כי רע

(פראַגמענט פון „הארטער נאקן“)

א חושך שלאָגט און שפארט פון האקנקרייצס געביין,
זיין שאטן טוט די ווייטן קאסמישע דערגרייכן,
אָן אומרו אזש פארכאפט דאָס הארץ פון אים אליין
— דעם וועלטנהאר וואָס קוקט אראָפּ פון זיינע הייכן.

ויירא — ער האָט דערזען, צום ערשטן מאָל דערזען,
ויירא כי רע — א פגם איז אויף זיין וועלט געפאלן,
א פלעק א פינסטערער, וואָס האָט דאָרט וואָס געשען
אז ס׳טוט ניט מער די פרייד זיך פון זיין ווערק צעשטראלן.

ויירא — ער זעט: דער וואנזין דרייט דאָס ראָד און דרייט,
די געלע טאָגע אויף זיין ווערק האָט ווייט פארוואָרפן,
איז שווער אים דאָס געמיט, און עצבות זיך פארגייט,
דאָס הארץ אים ווערט צעשניטן פון חרטה־שארפן:

למאי אליין געוועזן איז עובר אויף א לאו
(די זעלבסטשולד דורך חרטה־פיבער פרעגט אליין אים;)
למאי אין וואונדערלעכן קרייז פון זיין באשאף
ט׳ארייננעלאָזט דעם נאצי מיט דער זון אינאיינעם.

דער טאל אינגאנצן ליגט פארשפינט אין שטנס הענט
די ערד רק בערגלט זיך און שווילט פון ברידער־קברים.
דער דאָרנבוש — הויל אש, פון שייטערפלאם פארלענדט
איז עפּעס מיט זיין געטלעכקייט אצינד ניט קלאָר אים.

דערביי א שטראל באריטט דעם בליק פון וועלטנהאר,
א ווייס דאָס אויג, ער זעט, פון טאל העט אונטן שטאמט ער —
דער שטראל — א ליארט־רוח, איז וואָס דאָרט אין געפאר?
א ווייל — ער זעט שוין קלאָר: א מענטשנגליד צעפלאמטער,

א גוף אָנמאכט ליגט, זיין נאקן נאר צעשטראלט,
הארט לעבן אים אויף וואנט, געהילט אין טויזנט שרעקן
א נייער צלם הענגט, א קעלט און שווידער קוואלט
און שלאָגט פון זיינע נעגלדיק פארקרומטע עקן.

צעפלייצטע פינסטערניש די הויכקייטן פארשוועגקט
און שווארצע שטיקער נאכט באזעצן ד׳הימל ספערן,
די גאנצע הימלוועלט צעקראַמפּט פון שאטנס הענגט,
מיט שטורעם ראנגלט זיך דאָס ליכט פון לעצטן שטערן.

דער וועלטנהאר באגרייפט ס׳איז אליך, ס׳איז אלין אין קאָן:
דער שם, די אייביקייט, די געטלעכע הוויה,
ביי ליכטיקער דערקענטעניש ער פרעגט: וואָס טאָן?
פארלאָזט די הייכנוועלט בליצשנעל, כהרף עין

איז שוין ער אויף דער ערד — פון שאפונגען די קרוין,
איז שוין ביים נאקן ער, רירט אָן אים צארט מיט פינגער,
פון קיינעם ניט געזען, א קוש אים טוט און שוין
פארלאָזט די ערד, פארלאָזט — ער אָטעמט, אָטעמט גרינגער...



# דער ווייטער ניגון

— א —

פון פארבן שטייט צעשימערט דער פארנאכט גלייך דאָ געגאנגען
ס׳וואָלט פארשווענדעריש דאָס כשופ׳דיקע פענדזל פון רעמבראנדט.
אן עכאָ פון א ניגון פון א ווייטן־ווייטן לאנד
צו דער שלווה׳ס קלייד זיך טוליעט — אָט צעשיט ער זיך אין קלאנגען.

א שטערן איין-און־איינציקער צינדט־אָן זיך פילקאָליריק —
גלייך א רעגנבויגן־שפליטער — אויפן נאנטן הימלראנד.
און גאָט אַזוי מין איינזאַם מיט אַ שקיעה אין דער האַנט
פאַרגייט זיך אין אַ שטילער ניטפונדאַנעדיקער ליריק.

ער שפיגלט זיך נאַרציזיש אין די ווונדער פון יצירה.
נאָר אָט אין אַ געוויין אזא פאַרוואַנדלט זיך זיין שירה:
אוי, למה, מיינע קינדער — זיך צעוויגט זיין קול אַזוי —

פאַרוואָס אַזוי פארגעסן בין, פון אייך אַזוי פאַרלאָזן,
אויסגעליידיקטע פון ליבשאַפט אייערע הערצער, ווי די גראָזן
אונטער תמוזדיקער זונבראנד אָן אַ טראָפּן מאָרגנטוי.

— ב —

ס׳געוויין אנשטילט, דער טאָג פאַרגייט, די נאכט — זי איילט פארסאָפּעט
צו פאַרוויגן אין איר אָרעם סיי דעם ישוב, סיי דעם וואלד.
די ערד פון ווונד און ריסן קראנק, זיי אָטעמט שווער און קאלט.
וו׳הין גייסטו? — דער תהום־ברעג פרעגט — אהער, דאָ שטעל זיך אָפּ־עט!

אויף רוקן עמערס פינסטערניש, אויף לענדן שטיקער וויכער
יאָגט א שווארצער רייטער, יאָגט, דאָס שטילע ליכט פון שטערן קוואלט,
איר שפיז אקעגן אים הייבט־אויף די טונקעלע געשטאלט.
א ניגון פליסט, פארוויגט דעם טאָל געהילט אין חלום־טיכער.

א באלויכטענער פון שטערן שטייט פון ווייטן לאנד דאָס יינגל,
אין דער נביא־טאגע אנגעטון, א שיין זיין פנים רינגלט.
ער ציטערט אויס א לידל אויף זיין גאלדנער מארגנפלייט.

פון א וועלט אן אויסגעלייזטער טוט די מארגנפלייט דערציילן,
פון א זון וואָס פון געשפאלטענעם אטאָם זיך טוט אויסשיילן,
ווי פון וואפנברוך גייט ליכטיק אויף דעם אקעראייזנס פרייד.

# כ׳בלייב שטיין...

— א —

כ׳בלייב שטיין, איך לייג אוועק דעם שטעקן,
דעם זאק פון רוקן כ׳נעם אראָפּ,
די שיינקייט שלייכט פון אלע עקן,
צעגיסט די וואונדער אויף מיין קאָפּ.

איך זיסער מידקייט פאלט מיין רוקן
אויף הארטן שטיין — מיין ווייכע בעט,
איך נעם דאָס אלץ ארום באקוקן
ביז ווער איך אומרו זיך צערעדט:

„א יעדע זאך וואָס האָט א פורעם
און ברענגט פון שיינקייט דיר א גרוס,
מוז טראָגן אין איר טראַכט יסורים
ווייל רינגלען איר דער גורל מוז...”

כ׳גענען צו איר, כ׳גענען מיט פיבער,
איך קלאפּ אין טויער פון איר טראכט.
מען עפנט. כ׳שפּרינג די שוועל אריבער,
איך הער... (ס׳איז וואָר צי נאָר געדאכט?)

איך הער געוויין פון יעד באזונדער
וואָס האָט געשטאלטונג נאָר געאנט,
וואָס טראָגט אין זיך דעם שפּור פון וואונדער,
דעם אָנריר פון אורערשטער האנט.

ס׳איז יעדע זאך א פולער לאָגל
מיט שיינקייט, בענקשאפט און געוויין.
א קול באגלייט מיך אין געוואָגל,
א שטים גייט־אויף אין מיר אליין:

„אויף יעדער זאך דער צער לויערט
זייט אויפגיין ביז איר אונטערגיין.
א שיינקייט ווינט אין יעדן טרויער,
א טרויער היילקט אלץ וואָס שיין...

„לאָז ווידער זיך דורך שמאָלע שטעגן
און גיי, און קום, און ברענג א גרוס
פון ווייטן לאנד מיט וואנדער־וועגן,
וואָס האלט זיך־אויף אין גייערס זכות...“

— ב —

ניט פרעג: — דאָס וואונדערלאנד ווער קען דען?
ניט פרעג: — ווו ליגט זיין גרענעץ־פּאַס?
זיין גרענעץ באלד זיך נעמט צעבלענדן
ווי נאָר ס׳צעלויכט זיך דיין עקסטאז.

אין שטויב פון וועגן דורך געוואָגל
וואָס ווי א קרוין אויף שטערן רוט,
אין מי וואָס טראָגסט א פולן לאגל
גייט־אויף די ליכטיקע מינוט:

דו ווער ניט מיד די האנט צו שטרעקן
אין לעכצונג אָנצורירן ס׳לאנד,
זיין גרענעץ טוט זיך דאָרט אנטפּלעקן
ווו ס׳ליגט די אויסגעשטרעקטע האנט...

שטרעק־אויס די האנט, באריר עס, נעם עס
דאָס צוגעזאָגטע וואונדערלאנד,
ווו ס׳לויכט פון טרוים דער וואָרער אמת
ווי שטראלנשפּיל אויף מאַרגנראנד.



# סאָנעט וועגן צוויי הענט

איך קוק אזוי אויף מיינע שטילע צוויי הענט,
וואָס צינדן זיך אָן ביי דער שפיל פון נעם־און־גיב,
און לעשן זיך באלד ווען אויף צונג און ליפּ
א חקירהדיקער פרעג „נאָך וואָס?" זיך צעברענט.

רק זיי שניידן די לופט, רק זיי ליאַרעמען שטיל,
א גאנצן טאָג זיך יאָגן נאָך בארוישנדיקער מי,
ביז פאלן מיטן אָוונט אנידער אויף מיין קני,
און זוכן צו דערגיין צום זין פון אָ־דער שפּיל.

נאָר ווען ס'לויכט פארביי די נישטיקייט פון אלעם דעם פאר זיי,
אזוי צוקט אין זייער בלוט־אויף אן אנדער מין געשריי,
און פארגייען זיך אין פּויסטן זייער צאָרן אויסצושרייען.

דעם צאָרן קענגן רשעות וואָס קיניגט איבער ערד,
נאָר ווען פאלן אוועק ווידער, ווייל ס'געשריי ניט דערהערט,
אזוי פיר איך זיי צו גלעטן דעם רוקן פון א חיה.



# היינריך היינע

(צו די הונדערטסטן יאָר נאָך זיין פּטירה)

הונדערט יאָר פאַרביי אין דעם, אין לופט נאָך כוואַליעט זיך דער ציטער
פון דיין לירע דער געהילטער אין פרימאָרגנדיקן גאָלד.
הונדערט יאָר ווי דיין געלעכטער האָט געדונערט און געביטערט
אז געהויבן קעגן דיר זיך האָט דער קאַרליק אין רעוואָלט.

„נייע צייטן, נייע פייגל, נייע לידער — האָסט געזונגען
ווען דער פרילינג איבער פעלקער איז געקומען מיט זיין ראָז.
אויך געשאָלט האָסט אין דיין האָרן פון א צייט ווען הפקר־יונגען
וועלן הוליענדיק פאַרוויסטן אונדזער גאָרטן, בוים און גראָז.

דעם מאַטראַצן־קבֿרס ווענט אַדורכגעשפּיזלט, דורכגעבויערט
מיט דיין בליק האָסט און דערגרייכט אים, אָ־דעם ווייטן דור.
און דערזען האָסט ווי פון שתאַרצוואַלדס שוואַרצע טיפן האָט געלויערט
אין זיין לוסט נאָך מאָרד דאָס אייניקל פון וואָטאַן און פון טאָר.

אויך אין אונדזער דור געגאַנגען איז א פרילינג און געזונגען
מיט זיין ראָז און גרין, געשפּייזט אונדז מיט זיין בליונג ווי מיט מן,
נאָר פאַרלאָפן האָבן אים דעם וועג אין חיה'ש־ווילדע שפּרונגען
שווערע שאָטנס פון א וואָטאַן צי פון גרויזאַמען איוואַן.

וואַרטן מיר אַזוי און וואַרטן און זיך קוקן אויס די אויגן —
ווען דער לאַנג־געוועכטער חלום פון שטעכלדראָט פאַרשפּינט,
אַז אויפשימערן פאַר אונדז זאָל אופּראָסניי דער רעגנבויגן
ער זאָל גלעטן אונדזער בליק דעם שווערפאַרוואָלקנטן אַצינד.



# כ'צינד דאָס ליכט נאָך אייך...

(צום דרייצנטן יאָרצייט נאָך די שרייבער און קינסטלער
געפאלענע אין ווארשעווער געטאָ).

ביי די טייכן פון אייראָפּע אייערע פידלען אויסגעהאנגען.
שווייגן סטרונעס, אין זייער שטום־זיין עכאָט-אָפּ אייער לעצטער גאנג.
טראָגן פידלען אין די טראכטן אלע ביטער־זיסע באנגען
פון א דורותדיקן ניגון — אונדזער אייביק ייִד־געזאַנג.

וואגלט־אום אצינד די שיינקייט אויף פארבאָרגן־ווייטע וועגן
מיט א לירע א צעוווּנדיקטער פון שטעכל־דראָט אויף ד'הענט;
הערט ניט אויף צו זוכן, פאָרשן, הערט ניט אויף זיך נאָכצופרעגן
אויף די קינדער וואָס א פלאַם אַזאַ מין פרעמדער האָט פארלענדט.

ווי דער אלטער פראָמעטעאוס — יענער בראווער הימלרויבער
איר'ט אראָפּגעבראכט דאָס ליכט אויף אונדזער אומעטיקער גאס.
אויב עמלקס הויז זיך טוקט אין שיין פון פלאקערדיקע לייבער
פינקלט־אויף אין אונדזער שטוב דאָס ריינע פלעמל פון עקסטאז — —

אָ־די זויבערע ירושה, וואָס באוואכן זי מיר וועלן
סיי ביים רוען, סיי ביים ציען און אזוי פון דור צו דור
מיט די לייב־און־לעבנס אייגענע באשיצן זי, פארשטעלן
קעגן בייזן ווינט פון דרויסן צי פון אינעווייניק גאָר. — —

זינט ס'האָט יענער פלאַם געפלאקערט אין קדושה אייך פארברידערט
האָט אן אומעט איבער מידער ערד זיין פאַנגנעץ אויסגעשפרייט,
אויף די פליגל פון געוויטער האָט א טרויער מיטגענידערט,
אז ניט מעגלעך אָנצעצינדן מער ס'לאמטערנדל פון פרייד —

כ'צינד דאָס ליכט אָן, דאָרט אינדרויסן אויף א שווארצער קאטערינקע
שפּילט א הפקרדיקער וויכער — שפּילט פון חורבן דעם אקארד.
מיט אן אייפער כאפּט די נאכט־אויף ס'ליד „ויהי בימי טרעבלינקע"
און פארגייט זיך אין איר גלוסטעניש נאָך גזלה און נאָך מאָרד.

---

דרייצן יאָר פארביי. ווי פריער גיסט די זון איר האָניק ווידער,
ווייטער וועבט די שווערד א שטאָלצע, וועבט די קראַנץ פון טרער און בלוט,

עפּל בליט. ס׳געוויין פון הבל ווייטער פליִיצט, פארפליִיצט די נידער,
ווידער זעט דער וועלטן־האר דאָס און גיט־צו: כי טוב, ס׳איז גוט!

נאָר די צדקות — זאָגט מען — ערגעץ אויף א פריזבע איינגעבויגן,
טיף אין זיך העט־ווייט פארגאנגען, פון א זעאונג צוגעשמידט:
בילדער טויבן־אויף געמאָלן מיט דער פארב פון רעגנבויגן —
אַ קליין שעפעלע, א לעמפערט און אַ יינגעלע אין מיט.

אויך בטחון — זאָגט מען — ערגעץ אויף א טרעפּ מיט בלייכע פינגער
שפינט דעם פאָדים פון לעגענדע, שפינט און ווערט פון אים פארשפינט:
ווען דער לעמפערט וועט פארנעמען (ווי דאָס הארץ דערביי ווערט גרינגער...)
ווען דער לעמפערט וועט פארשטיין די פרומע שפּראך פון שעפסנקינד — —

אויף זיין האנט א מאָרגנפידל וועט זיי ס׳יינגעלע דאן פירן,
און א ליכטיקער אויפשפילן ס׳אחרית־ימים׳דיק געזאנג,
וואָס געמאכט האָט אייערע פידלען — איצט צעהאנגענע — וויברירן,
ס׳וועט דער טאָג זיי קעגנטראָגן פולע קיישן שטראַל און זאנג.

כ׳צינד דאָס ליכט נאָך אייך, גיבורים! זון אין מעריב ווייט פארגאנגען.
דרויסן טאנצן זאווערוכעס. דאָרט ביים וועלט־ראָג פינסטער, קאלט.
כ׳ווייס ניט וואָס נאָר אייער חלום אין זיין נעץ מיך האָט געפאנגען: —
כ׳זע דאָס יינגעלע, דעם פידל וואָס אויף יענזייט דורות־וואלד!



# זאָג מיר, חבר

כ׳בין אליין, נאָר נאַכט מיט מיר איז
טיף אין איר איך האָרך מיך איין.
אין איר טראַכט אזויפיל לירעס,
אין איר טונקל — ימ׳ען שיין.

פליט אַ שטערן, פליט פאַרביי ער,
באַלד אין שטערנשטויב פאַרשווינדט.
וואָס איז אייביק, פריינט געטרייער,
כ׳פרעג אלטמאדיש דיך אַצינד.

איילט אַ ווינטל, קושט מיין פנים,
איבער מיר דער הימלזוים,
אַזוי נאָנט — אָט ריר איך אָן אים,
אזוי בלוי, ווי ס׳איז אַ טרוים.

פאלט אַ בלאט, צו ערד־צו פאַלט ער
און די ערד אים — אַי־ליו־ליו.
זאָג מיר פריינט אין נאכט צעשטראל־
טער,
זאָג מיר ווו עס ווינט די רו.

אין אַ טראָפּן־נאכט א קליינעם
פליסט א פולער ים מיט שיין.
פלייצט זיין ליכט נאר פאר דעם
איינעם
וואס אין אים קוקט טיף זיך איין.

ערגעץ האט א בלום אין פיבער
אירע בלעטלעך צוגעמאַכט.
זאָג מיר חבר, זאג מיר ליבער,
וואָס איז וואָר און וואָס געדאַכט ?

צווישן טראפּן־נאכט און הימל,
וואָס זיין זוים דיין האנט באגערט,
צווישן שטערן און דעם בלימל,
און דעם בלאט וואס פאַלט צו ערד.

נויג דיין אויער צו דערהערן
פון דער ווייל די נאָנטע טריט,
ווען זי נידערט פון די שטערן
צו דער שוועל פון דיין געמיט.

אַזאַ ווייל וואָס ווערט נתגלה,
אַלץ באַלויכט — ווי בליץ דעם וואַלד,
ביז די פּרעגנענישן אַלע
ווערן אויך פון איר באַשטראַלט.

אַזאַ ווייל — ווען דיר אַ קעגן
קומט דער אָן־אָנ־סוף צוגיין.
פאַרן ליכט פון אָ־דער רגע
קניט די אייביקייט אַליין.

איז דאָס בלויז אַ שפּיל אַזא מין
וואָס מיך האַלט דאָ צוגעשמידט,
און אַליין איך מיט די גראַמען
אין דער שפּיל — די סאַמע מיט?

איין־אַליין, נאָר נאַכט מיט מיר איז
טיף אין איר איך האָרך מיך איין.
ווער דאָ שפּילט אויף טויזנט לירעס
ווער דאָ פּלייצט מיט ים׳ען שיין?



אליהו ליפינער — סאַן פּאולאָ

# דער אלף-בית אין דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור

(פראגמענט פון א גרעסערער ארבעט)

1. א בליק אויף צוריק. — 2. דער נסיון פון די פליענדיקע אותיות. — 3. ר' יהודה הלוי'ס יוד. — 4. רעהאביליטאציע פון אן אלטער שיטה. — 5. קרובה'שאפט צווישן דער אלטער און נייער אותיות־מיסטיק. — 6. א הארבע קאבאליסטישע ווארנונג. — 7. אותיות־מיסטיק אין דער ליריק און דידאקטיק.

## 1. א בליק אויף צוריק

אין די מעשיות און לעגענדעס וועגן אלף בית, צי אפילו אין די רעאלע געשעענישן וואָס זיינען מיט אים פארבונדן, זעט מען אָפּט אָפּגעשפּיגלט א היסטאָרישע תקופה, אין די בולטסטע עמאָציאָנעלע שטריכן אירע. די דאָזיקע רעפלעקס־מעגלעכקייט וואָס די יידישע אותיות פארמאָגן, איז א פּועל יוצא פון דער וויכטיקער פונקציע וואָס איז זיי באשערט געווען במשך אלע דורות אין יידיש־נאציאָנאלן לעבן, און פון דער כאראקטעריסטישער סגולה זייערער אידעאָלאָגיש זין צו קאָנען אידענטיפיצירן מיט די גייסטיקע נויטן פון יעדער תקופה.

הגם דאָס איצטיקע קאפיטל איז באשטימט פאר דער אידעאָלאָגיע פון יידישן אלף בית אין דער נייער צייט, און פאר די גייסטיק־עמאָציאָנעלע יווירונגען פון דער דאָזיקער תקופה, וועלכע האָבן זיך אין איר ליטעראטור דורך די אותיות אָפּגעשפּיגלט, מוז אָבער געעפנט ווערן פריער א קליין פענסטערל צו דער אלטער צייט. דאָס איז נייטיק צוליב דעם וואָס די אותיות־מיסטיק און דער אותיות־קולט פון דער נייער יידישער ליטעראטור זיינען פארוואָרצלט טיף אין די אגדות פון פארצייטיקע ספרים, צו וועלכע מען מוז זיך אויף א רגע אומקערן, כדי בעסער צו באנעמען די נייע.

די ערשטע חורבן־עפּאָכע פון דער יידישער געשיכטע איז אויפגעהיט מיט איר גאנצער טראגיק אין א פארצייטיקער מדרש־לעגענדע, וואָס די אותיות פון אלף בית זיינען אירע הויפּט־פּערסאָנאזשן. אברהם, וואָס אין זכות פון דעם עקדה־נסיון איז ער געוואָרן א מקורב ביי גאָט, און געוואגט אזש מיט אים זיך מתווכח צו זיין און אים אָנווייזן זיינע אומגערעכטיקייטן, איז געקומען צום העכסטן ריכטער פון אוניווערס, פאָדערן השבון וועגן דער צעשטערונג פון בית המקדש, וואָס איז געשטאנען אויף דעם סאמע אָרט פון דער עקדה, און וועגן דעם גלות פון די קינדער זיינע. דער שופט כל הארץ באמיט זיך מצדיק צו זיין פאר זיין אלטן פריינד די הארבע שטראָף, און טאקע אין די פראַצעס־ראמען פון שטרענגער געזעצלעכקייט. ער ברענגט די תורה און די צווייאונצוואנציק אותיות אירע עדות צו זאָגן אז די יידן האָבן זיי עובר געווען, און דערום פארדינט די שטראָף. אָבער אברהם, דער סניגור, מישט זיך אריין אין דעם פארהער פון די עדות, און זיי ציען זיך צוריק, ניט צו באשולדיקן דאָס פאָלק ישראל:

„האָט אברהם געטענה'ט פאר גאָט: האר פון דער וועלט, פארוואָס האָסטו פאר־טריבן מיינע קינדער און זיי איבערגעענטפערט אין די הענט פון די פעלקער, זיי צו דערגענען מיט אלע בייזע טויטן, און האָסט חרוב געמאכט דעם בית המקדש, אויף דעם וועלכן אָרט ווו איך האָב דיר געבראַכט יצחקן מיין זון פאר אן עולה? האָט הקב"ה געענטפערט און געזאָגט צו אברהם'ן: דיינע קינדער האָבן געזינדיקט און עובר געווען אויף דער גאנצער תורה און אויף די צווייאונצוואנציק אותיות וואָס אין איר, ווי עס שטייט געשריבן (דניאל ט): „און גאנץ ישראל האָט ניט געהאלטן דיין תורה". האָט אברהם ווייטער געזאָגט פאר גאָט: האר פון דער וועלט, ווער וועט זערויף עדות זאָגן? האָט ער אים געענטפערט: זאָל קומען די תורה און זי וועט עדות זאָגן קעגן ישראל. איז געקומען די תורה קעגן זיי עדות זאָגן. אָבער אברהם האָט זיך צו איר אָנ־גערופן: טאָכטער מיינע, דו גאָר קומסט עדות זאָגן אויף ישראל אז זיי האָבן עובר געווען אויף דיינע מצוות און האָסט ניט קיין בושה פאר מיר? געדענק דעם טאָג ווען גאָט האָט דיך ארומגעטראָגן צווישן אלע פעלקער און זיי האָבן דיך ניט געוואָלט נע־מען, ביז עס זיינען געקומען מיינע קינדער צום באַרג סיני און דיך מקבל געווען און דיר אָפּגעגעבן כבוד; איז איצט, קומסטו עדות זאָגן קעגן זיי אין טאָג פון זייער בראָך? אז די תורה האָט דאָס געהערט, האָט זי זיך געשטעלט אָן א זייט און קעגן זיי ניט עדות געזאָגט. האָט גאָט געזאָגט צו אברהם'ן: זאָלן קומען די כ"ב אותיות און זיי וועלן עדות זאָגן קעגן ישראל. זיינען תיכף געקומען די כ"ב אותיות. איז געקומען די „א" עדות זאָגן קעגן ישראל אז זיי האָבן עובר געווען אויף דער תורה. האָט צו איר גע־זאָגט אברהם: „א", דו, ערשטע פון אלע אותיות, ביסט געקומען עדות זאָגן קעגן ייש־ראל אין טאָג פון זייער בראָך? געדענק דעם טאָג ווען הקב"ה האָט זיך אנטפּלעקט אויפן באַרג סיני און האָט אָנגעהויבן זיינע ווערטער מיט דיר אנוכי ה' אלהיך (שמות ב), האָבן דיך קיינער פון די פעלקער דאָן ניט געוואָלט מקבל זיין, נאָר מיינע זין. קומסטו, איצט, עדות זאָגן קעגן מיינע זין? איז די „א" תיכף געבליבן שטיין אָן א זייט און ניט עדות געזאָגט קעגן זיי. איז געקומען די „ב" עדות זאָגן קעגן ישראל, אָבער אברהם האָט זיך צו איר אָנגערופן: מיין טאָכטער, דו ביסט געקומען עדות זאָגן קעגן מיינע קינדער וואָס

לערנען פּלייסיק די חמשה חומשי תורה וואָס הייבן זיך אָן מיט דיר, ווי עס שטייט געשריבן (בראשית א) בּראשית ברא אלהים. האָט זיך די „ב" תיכף אוועקגעשטעלט אָן א זייט און גאָרניט עדות געזאָגט. איז געקומען די „ג" עדות זאָגן קעגן די יידן. אָבער אברהם האָט זיך צו איר אָנגערופן: דו „ג" קומסט עדות זאָגן קעגן מיינע קינדער אז זיי האָבן עובר געווען אויף דער תורה? איז דען דאָ נאָך א פאָלק וואָס איז מקיים די מצוה פון ציצית וועלכע הייבט זיך אָן מיט דיר, סיידן מיינע קינ־דער? ווי עס שטייט געשריבן (דברים כ"ב) גדילים תעשה לך. האָט זיך די „ג" באלד געשטעלט אן א זייט און גאָרניט עדות געזאָגט. און אז אלע איבעריקע אותיות האָבן געזען ווי אברהם האָט זיי שטיל געמאכט, האָבן זיי זיך פארשעמט און זיך שוין אליין געשטעלט אויף א זייט, און זיי האָבן ניט עדות געזאָגט קעגן ישראל"...

## 2. דער נסיון פון די פליענדיקע אותיות

אויך די תקופה פון צווייטן חורבן איז אָפּגעשפּיגלט אין לעגענדעס צי טאקע היסטאָרישע געשעענישן וועלכע זיינען פארבונדן מיטן אלף בית. די רירנדיקסטע אגדה, אין דעם פּרט, איז יענע אין וועלכער עס ווערט דערציילט וועגן מארטי־רער־טויט פון ר' חנניא בן תרדיון, וואָס די רוימער האָבן אים פארברענט לע־בעדיקערהייט פאר מבטל זיין זייער פארבאָט צו פארשפּרייטן עפנטלעך די תורה:

„האָבן זיי אים געטראָפן, ר'חנניא בן תרדיון'ען, ווי ער זיצט און איז עוסק בתורה עפנטלעך, פאר א קהל וואָס ער האָט פארזאמלט, און א ספר תורה ליגט אין זיין בו־זעם. האָבן זיי אים געכאפּט און אים איינגעהילט אין זיין ספר, און אים ארומגעלייגט מיט בינטלעך צווייגן און אָנגעצונדן אין זיי א פייער. אויך האָבן זיי געבראכט וואָלענע טיכער, זיי איינגעווייקט אין וואסער און זיי געלייגט אויף זיין הארץ אז זיין נשמה זאָל אים גיך ניט פארלאָזן. האָט זיין טאָכטער געקלאָגט פאר אים: פאָטער, פארוואָס קומט מיר אזוי דיך צו זען? האָט ער איר געזאָגט: וואָלט איך פארברענט געוואָרן אליין, וואָלט מיר שווער געווען עס אויסצוהאלטן, אָבער איצט אז איך ווער פארברענט אינ־איינעם מיט א ספר תורה, איז ווער עס וועט זיך אָננעמען די קריוודע פון דער תורה וועט זיך אָננעמען אויך מיין קריוודע! האָבן זיינע תלמידים געזאָגט צו אים: רבי, וואָס זעסטו איצט? האָט ער זיי געענטפערט: די פּאַרמעטן ברענען אָבער די אותיות זייערע פליען אוועק..."

ניט נאָר דער פּאסיווער ווידערשטאנד קעגן די רוימישע גזירות מצד די עשרה הרוגי מלכות, וואָס ר' חנניא איז געווען איינער פון זיי, איז פארקערפּערט אין דעם נסיון פון די ברענענדיקע אותיות. אויך דער אקטיווער ווידערשטאנד קעגן מלכות אין דער צייט פון בר כוכבא'ן איז פארבונדן מיט א היסטאָרישן פאקט אין דער געשיכטע פון אלף בית: די יידישע פּאטריאָטן פון יענע טעג האָבן אוועקגעשטעלט אָן א זייט די פרעמדע ארמישע אותיות וואָס האָבן זיך שוין דאן געהאט איינגעבירגערט אין יידישן לעבן, און אויף די מטבעות וואָס זיינען

דאן אויסגעשלאָגן געוואָרן, לכבוד דעם באפרייונג־קאמף, איז געניצט געוואָרן צוריק דאָס אלט־העברעאישע כתב. אין אָט־דעם אקט פון צוריקקער צו די אלטע אותיות איז אָפגעשפיגלט בולט דער נאציאָנאלער פראָטעסט און די בענקעניש צו פאָליטישער זעלבסטשטענדיקייט פון יענע אימה׳דיקע יאָרן. אפשר האָבן בר כוכבא׳ס פאטריאָטן דערביי אין זינען געהאַט א תלמודישן מאמר (עירובין נד ע״א) וועלכער פארבינדט די אלטע שריפט פון די לוחות מיט דער אידעע פון פאָליטישער פרייהייט.

„ר׳ אחא בר יעקב האָט געזאָגט: קיין שום אומה וועט ניט קאָנען געוועלטיקן איבער די יידן, ווייל עס שטייט געשריבן (שמות לב) און דאָס כתב איז געווען דאָס כתב פון גאָט אויסגעקריצט (חרות) אויף די לוחות: זאָלסט ניט לייענען ח ר ו ת (אויסגעקריצט) נאָר ח י ר ו ת (פרייהייט) דאָס הייסט: אין דעם אלטן כתב פון די לוחות איז נכלל געווען די פאָליטישע פרייהייט פון יידישן פאָלק...״

### 3. ר׳ יהודה הלוי׳ס „י״

אין דער מיטלעלטערלעכער תקופה פון אויפבלי און ליטעראַרישן רענעסאנס, ווען אויפן הארצן איז געווען גוט צו זינגען וויין־און ליבע־לידער האָט שוין ר׳ יהודה הלוי אריינגענומען אן אות פון אלף־בית אין איינעם פון זיינע שירי חול. ער האָט אויף דעם הייליקסטן צווישן די הייליקע אותיות — אויף דעם „י״ — מעטאפאָריש אריבערגעטראָגן די ראָמאַנטישע סגולות פון דער לבנה: די געליבטע צעשיידן זיך און די נאכט האלט שוין ביים אויסגיין. אויף דעם פארטאָגיקן הימל, צווישן גאָלדיק־פרימאָרגנדיקע וואסערן, שווימט די קליינע אויסגייענדיקע לבנה ווי אן אויפגעשריבענע „י״:

וירח כמו יוד נכתבה על
כסות שחר במימי הזהבים

פאראן, טאקע, א ווייטער מהלך צווישן די מארטירעריש־ברענענדיקע אותיות ר׳ חנניא׳ס, און דער זאַרגלאָזער „יוד״, ר׳ יהודה הלוי׳ס, וואָס פיגורירט, ווי א פאָעטיש־דעקאָראַטיווער עלעמענט, אין א סביבה פון גלוסטונג און ליבע... די אידעען־אסאָציאציע, אין ציטירטן העברעאישן ליד, וואָרצלט ניט אין דער אידעאָלאָגיע פון אלף־בית, נאָר אין זיין גראפיק. עס איז ניט דער יידישער, נאָר דער וועלטלעכער דרך פון אסאָציאציע, לויט וועלכן שטימונגען פון פארשידענע היסטאָרישע עפּאָכעס שפיגלען זיך אָפּ אין גראפישע ענדערונגען פון דער שריפט. דאָס לאטיינישע כתב, למשל, איז אין פראָצעס פון זיין גראפישער אנטוויקלונג, געווען רונדיק צו שפיציק, אָרעם געצייכנט צו פארשווענדעריש־באפוצט, סימעטריש צו קרום, לפי די באזונדערע גייסטיקע שטרעמונגען פון דער עפּאָכע.

נאָר ווי ווייט עס זאָל ניט זיין דער מהלך צווישן רבי חנניא בן תרדיון׳ס אותיות, און ר׳ יהודה הלוי׳ס „י״, שפיגלען זיי אָבער ביידע אָפּ צוויי היסטאָרישע עפּאָכעס אין זייערע בולטסטע שטריכן.

### 4. רעהאבּיליטאַציע פון אַן אַלטער שיטה

אין דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור טרעפט מען ווידער די יידישע אותיות גיכער ווי פּערסאָנאַזשן אין שירי קודש איידער אין שירי חול. נישט די צורה פון די אותיות וועקט דאָ בדרך כלל, די אידעען-אַסאָציאַציע, ווי אין דער־מאָנטן ליד פון ר׳ יהודה הלוי נאָר זייער טיפע סימבּאָליק וואָס ציט איר יחוס פון אַלטע דרוש-און סוד-ספרים, און וואָס האָט זיך עמאָציאָנעל גוט אַריינגע־גלידערט אין די געשעעענישן פון דער נייער צייט. דאָס איז צו באַמערקן שוין אָנהייב היינטיקן יאָרהונדערט, ווען א ליד פון דעם פאָלקס-דיכטער מ. מ. וואַר־שאַווסקי איז אַריינגעדרונגען אַלץ טיפער, און געזונגען געוואָרן מיט אומעטיקער התלהבות, צווישן די יידן פון רוסלאַנד און פּוילן. אַלע קענען עס: **אויפן פּריפּעטש־שיק ברענט א פייערל.** דאָס געזאַנג איז געוואָרן דער פאָלקס-הימן פון דער טראַ־דיציאָנעלער דערציִונג ביי יידן, און דורך דער ליבשאַפט אַרויסגעוויזן צו אים, איז רעהאַבּיליטירט געוואָרן די מלמדישע קמץ-אלף שיטה פון די אָנפאַלן אויף איר מצד דער השכלה.

די פּאָגראָמען און רדיפות וועלכע האָבן אין די אַכציקער יאָרן פון פאַר־גאַנגענעם יאָרהונדערט דערשיטערט דאָס יידישע לעבן אין רוסלאַנד, האָבן צעטרייסלט אויך די וועלט-אָנשויונג פון די בעלי השכלה, און די טראַדיציאָנעלע ווערטן — צווישן זיי דער אַלטער חדר און זיין לערן-שיטה — האָבן אויפסניי אָנגעהויבן באַקומען זייער פּרימיטיוון גלאַנץ. פון אָט דעם פּסיכיש קאָלעקטיוון מצב איז טאַקע „אויפן פּריפּעטשיק” א רעפלעקס, און דערום ווערן דאָ די או־תיות באַטראַכט ניט ווי פּשוטע פאָנעטישע צייכנס, נאָר, להפך, ווי טיפע סימ־באָלן פון היסטאָריש-עמאָציאָנעלן תוך:

...אז איר וועט, קינדער, עלטער ווערן<br>
וועט איר אליין פארשטיין<br>
וויפל אין די אותיות ליגן טרערן<br>
און וויפל געוויין.

אז איר וועט, קינדער, דעם גלות שלעפּן<br>
אויסגעמוטשעט זיין,<br>
זאָלט איר פון די אותיות כוח שעפּן<br>
קוקט אין זיי אריין!...

### 5. קרובה׳שאַפט צווישן דער אַלטער און נייער אותיות-מיסטיק

אויך די מער נייע לידער, אין וועלכע די אותיות זיינען אַריינגענומען ווי הויפּט-פּערסאָנאַזשן, ציען זייער יניקה פון דער אַלטער אלף-בית סימבּאָליק און אירע עמאָציאָנעלע קוואַלן. דער עיקר איז עס חל אויף דער יידישער דיכטונג פון דער צווייטער וועלט-מלחמה. אין דעם פּרט איז באמת פאַראַן גרויס קרובה׳־

שאפט צווישן דער מאָדערנער דיכטונג, וועגן דעם לעצטן יידישן בראַך אין אייראָפּע, אין די אלטע הורבן־לעגענדעס פון איכה רבתי צי מסכת עבודה זרה, וועלכע זיינען פריער ציטירט געוואָרן. איןביידע פילט מען די זעלבע שמע־ישראל׳דיקע אטמאָספערע און דאָס זעלבע היסטאָרישע הארצקלאפן פון אן אומה וואָס איז גיבר איר אייגענעם אונטערגאנג. אין ביידע ווערן די אותיות פארגעשטעלט ווי לעבעדיקע וועזנס וואָס זיינען פארדאגה׳עט און באזאָרגט איבער דעם גורל פון יידישן פאָלק. אין ל. פיינבערגס ליד, למשל, „ברענענדיקע פארמעטן", געבויט טאקע אויף דער תלמודישער ווערסיע וועגן ר׳ חנניא בן תרדיון׳ס טויט, קומט צום אויסדרוק די דערמאָנטע קרובה׳שאפט:

ברענענדיקע פארמעטן, שוועבנדיקע אותיות —
אין דעם חלל פלאטערן שוואַרצע אלף בית׳ן.

שטאַרן הימלען גאפנדיק ציטערן און האָרכן,
ווי אין אויר בראנדיקן הייסע אותיות פורחות.

אבל׳ן די א ל פ ׳ ן, ביטערן די ב י ת ׳ ן:
„אפשר דארף מען גוזר זיין לאנגע תעניתים?"

גליווערן די ג י מ ל ׳ ע ן, דונערן די ד ל ד ׳ ן:
— „ברידערלעך פארלוירענע, שוועסטערלעך פארפאלענע!" —

האוועגען די ה א ׳ ע ן, וואָיעווען די ו ו אָ ו ׳ ן
— „לאָמיר אין די הימלשאפטן מאכן א גערודער!" —

זאָרגן זיך די ז י נ ׳ ס, חלשן די ח י ת ׳ ן
— „יידן דארפן רחמים, יידן דארפן חסד!" —

טענה׳ען ט י ת ׳ ן טיכטיקע, יאָמערן די י ו ד ׳ ן:
„לאָמיר אין די הימלשאפטן מאכן א גערודער!" —

כעס׳ן זיך די כ ף ׳ ן, ליארמען די ל מ ד ׳ ן:
— „לאָמיר אין די הימלשאפטן מאכן א גערודער!" —

מורמלען שטיל די מ ם ׳ ע ן, ניכטערן די נ ו ן ׳ ע ן:
— „ס׳וועלן שוין ניט העלפן קיין תפילות און תחנונים" —

ספק׳ן די ס מ ך ׳ ן, עקשן׳ען זיך ע י ן ׳ ס:
— „וואָס וועט העלפן ליארמען, וואָס וועט העלפן שרייען?" —

פייניקן זיך פ א ׳ ע ן, צערנען די צ ד י ק ׳ ן:
— „ווער וועט אונדז דאָ ראטעווען, ווער וועט אונז באגנאדיקן?״ —

קאָכן זיך די ק ו ף ׳ ן, רודערן די ר י ש ׳ ן:
— „לאָמיר בעטן רחמים ביי דעם גאָט פון בראשית!״ —

שייטערן די ש י ן ׳ ע ן, תכלית׳ן די ת י ו ׳ ן:
— „גאָט איז אונדזער רעטונג, אונדזער איינציק האָפן!״ —

ברענענדיקע פארמעטן, שוועבנדיקע אותיות:
דוכט זיך שוין: זיי לעשן זיך: דוכט זיך שוין: זיי גוסס׳ן.

נאָר אין קראך פון דונערן און בליצנדיקע בליאסקן
דורך געוואי פון אורווינטן רייסט זיך דורך א בת קול:

— „כ׳שווער ביי תוהו־הושכ׳ן, ביים ערשטן ליד פון בראשית —
קיינער וועט ניט אויסלעשן די שוועבנדיקע אותיות!״ —

אין פיינבערגס ליד שפירט מען נאָך די סאמע הורבן־פאניק און די חורבן־בהלה אין א צעשאָקלטער און בראנדיקער סביבה ווו די אותיות ברענען און ברענען אָבער ווערן ניט פארברענט. ווי א המשך דערפון איז די דראמאטישע פאָעמע פון אלף כ׳ץ „גוט מאָרגן אלף״, וועלכע סימבאָליזירט דעם גייסטיקן תחית המתים נאָך דעם לעצטן חורבן, און איז טאקע אויפגעפירט געוואָרן אין די שארית הפליטה־לאַגערן פון דייטשלאַנד און אַנדערע מקומות.

די צעשיידטע און פארטריבענע אותיות פון יידישן אלף־בית זאמלען זיך אויפסניי איין, אין א סביבה פון ליריש־עמאָציאָנעלע נאָכווייען. אין דער דראַמע פון אותיות־אומקער שפילן א באזונדערע ראָלע דער לעגענדארער אותיות־זיוווג **ל** און **ו** (ל״ו צדיקים) ווי אויך **נ** און **ס** (צוליב דעם וואָס זיי פארמירן דאָס וואָרט נס...) די ל״ו לאָזן זיך אוועק זוכן דעם **נס** פון קיבוץ גלויות פאר דעם צעטריבענעם יידישן אלף בית. די **ל** זאָגט צו איר ברודער **ו**:

דאָס גאנצע לשון איז געשענדט,
נישטאָ קיין וואָרט וואָס אָן א מת,
און אלע ווארטן אויף דעם נס!
און אלע בעטן א געבעט!...
קום, ס׳ווערט שפעט!

עס פארלויפן זיי דעם וועג די **א** און די **ב**, וועלכע זוכן ארום שוין פון פריער די איבעריקע אותיות:

געלויבט איז גאָט, מיר זיינען פיר!
ער וועט אונדז עפענען א טיר

און ווייזן אונדז דעם וועג צו טאָלק
גאַנץ צו מאַכן אונדזער פאָלק.

אלע פיר אותיות גייען זוכן דעם נ ס, ווען

ס׳וועט אויפגיין די זון און פארגיין וועלן טרערן
און נעסטן פאר אותיות וועלן זיך מערן
אין ווערטער פון אמת אויף פאַרמעט פאַרשריבן.

אָבער ווען דער קיבוץ גלויות איז שוין רעאַליזירט און אלע אותיות זיינען שוין אָפּגעפונען, קוקן זיי זיך אלע ערשט ארום אז די סופרים זיינען נישטאָ זיי צו שרייבן, און אז די קינדער זיינען נישטאָ זיי צו לערנען. ביז עס דערשיינט דאָס איינציקע יינגעלע וואָס איז ניצול געוואָרן פון פייער, און אליהו הנביא הייבט אָן לערנען מיט אים: אלף... בית... גימל...

אלף בין׳ס דראַמאַטישע פּאָעמע איז געבויט, ווי דער מחבר אליין זאָגט אין זיין קורצן אריינפיר, אויף די תלמודישע מאמרים לוחות נשתברו ואותיות פורחות (פסחים פז ע״ב) און גווילין נשרפין ואותיות פורחות (עבודה זרה יח ע״א). נאָך מער אָבער דערמאָנט זי די מאמרים פון זוהר, לויט וועלכע די הארמאָניע און דער סדר פון די אותיות זיינען פאַטאַל פאַרקניפּט מיט דער הארמאָניע און סדר אין גורל פון יידישן פאָלק. „קום און זע דעם סוד וואָס איך האָב געלערנט. ווען די כנסת ישראל איז פאַר־טריבן געוואָרן פון איר אָרט, האָבן זיך די אותיות פון הייליקן נאָמען כביכול צעשיידט״.

### 6. א הארבע קאַבאַליסטישע וואָרנונג

מיט דער אותיות־מיסטיק פון דער קבלה זיינען שטאַרק פאַרבונדן אהרין צייטלינס לידער פון דעם נאָך־מיידאַנעק פּעריאָד. מען טרעפט אין זיי אָפט צע־וואָרפן רמזים אויף גימטריא און צירופי אותיות. אין אנדערע שאַפונג זיינע „סוד מדינה בסוד מידנק שלוב״ איז אינגאַנצן געבויט אויף קאַבאַליסטישע אותיות־פלעכטונגען און מיסטישע וואָרט־פאַרטוישונגען, וואָס ווען ניט דער קבלה־יחוס זייערער וואָלטן זיי אפשר קלאַסיפיצירט געוואָרן ווי מייסטערהאַפטע וואָרט־שפּילערייען, אָבער ניט מער. אזוי, ווערן זיי באַ־טראַכט ווי א ניי מייסטערווערק פון אלטן יחוס.

1.

ישאלת מידנק אם לא תשאל
והעם לבבו ממנה יקשיח —
קיר נפל ישראל,
ואולתו אך טיח.

שאלת מידנק בישראל
כי תשאל ותשוב תשאל,
בכל דור ודור מחדש תשאל —
ונולד המענה, ונולד המשיח:
מעצם השאלה יולד ויניח.

.2

ישמע ישראל וידעו הלבבות!
סוד מדינה בסוד מידנק שלוב.
פרט לאחת, שוות כל התיבות
וכל תהום ההבדל הוא בין ההא לקוף.

במדינה כי תהא,
כי תאיר אותה הא,
בה נברא והוה
העולם הנגלה —
והיתה המדינה הגוף
לרוח אשר לא תסוף.

ואוי אם כקוף
את עשיו יחקה יעקב!
ואמר השטן: הן כקוף
לעשיו הוא כפוף —
אחליפה אפוא את ההא בקוף.

וכי ישמר ישראל על ההא,
ושמר עליו אלהי
משה אל קורע ים־סוף.

סוד מדינה בסוד מידנאק שלוב

דערין וואָס די אותיות פון וואָרט מ ד י נ ה (ד״ה מדינת ישראל) און מ י ד נ ק (דער העברעאישער אויסלייג פאר מ י י ד א נ ע ק) זענען שותפות׳דיקע, מיטן אויסנאם נאָר פון איין אות זעט דער פּאָעט־מיסטיקער א טיפן רמז: דער סוד פון דער מדינה איז פאטאל פארקניפּט מיטן סוד פון מיידאנעק, און דער טיפער תהום וואָס צעשיידט אָט די ביידע עקסטרעמע באגריפן, איז א רעפלעקס פון דעם אונטערשייד צווישן דער „ה" און דער „ק"... ווען אין וואָרט קומט אריין דאָס אות „ה", מיט וועלכן די וועלט איז באשאפן געוואָרן דאן באצייכנט עס דעם באגריף מ ד י נ ה , דאָס אָרט ווו דער

יידישער גייסט וועט זיך אויפהאלטן און א קיום האָבן. אויב אָבער יעקב וועט נאָכמאלפעווען און אונטערטעניק זיין צו עשיו׳ן, וועט דער שטן האָבן א פתחון פה צו פארבייטן די „ה״ אויף דער „ק״, דאָס הייסט צו פארוואנדלען, חלילה, די מדינה אין מידנק...

די הארבע קאבאליסטישע „ה־ק״ וואָרנונג, צייטלינס, הזרט זיך איבער אין זיינעם א יידישן ליד, ווו עס ווערט געזוכט דער סוד פון דעם „צוזאמענקלאנג צווישן צוויי גימלען: גאזהאמטער און גאט״. אמת אזעלעכע קאבאליסטישע או־תיות־פלעכטונגען און מיסטישע אליטעראציעס זיינען אין אונדזער דור עמאָ־ציאָנעל ניט איבערצייגנדיק. זיי האָבן אָבער די סגולה עדות צו זיין אויף דער שוידערלעכקייט פון דעם לעצטן חורבן און זיינע קאָשמארן, וועלכע האָבן אויפ־געוועקט ביי אונדזערע מאָדערנע פּאָעטן דעם באגער צו שטילן זייער דורשט אין דער מיסטיק פון אלטע קוואלן.

### 7. אותיות־מיסטיק אין דער ליריק און דידאקטיק

אויך ווען די טעמאטיק פון די מאָדערנע שאפונגען, אין וועלכע עס קומט אריין דער אלף בית, איז א ריין לירישע צי גאָר דידאקטישע, איז זי אלין גע־בונדן מיט דער אלטער אותיות־מיסטיק, פון וועלכער זי איז א געטרייער אָפּ־גלאנץ. אָט, למשל, דאָס ליד וועגן א יידישן סופר, וועלכער האָט פארפעלט ביים שרייבן אן אות:

אמאָל זיין נשמה פארכאפּט האָט אן אימה,
די אויגן זיי האָבן דורך ניסים דערזען
בעת מיט זיין גרויסער אמונה שלימה
האָט מאריך באחד דאָס הארץ זיינס געווען.

עס איז ניט קיין הרהור געווען חלילה,
נאָר מ׳האָט אים א סוד פונעם הימל אנטפּלעקט
און ער האָט ווי מפסיק געווען פון זיין תפילה
און האָט מיט די הענט זיך זיין פּנים פארדעקט.

ס׳איז פּסול רחמנא לצלן א יריעה
אין סדרה פון ספר ואלה שמות:
פארזען תאָט דער דיין, דער בעל־מגיה —
אז ער האָט פארפעלט ביי דעם שרייבן אן אות.

און ס׳האָט זיך דאָס אות אים אוועק פאר די אויגן
אזוי ווי א פינצטערער וואָלקן געשטעלט,
און כורעים געפאלן פאר אים און געבויגן:
אָ, סופר, האָסט מחריב געווען א וועלט!...

און באַלד האָט דאָס אויג זיינס א גרויסע ישיבה,
אין הימל, פון פייער־מלאכים דערזען —
וואָס האָבן אים גוזר געווען א תשובה,
און ר׳האָט זי מקבל באהבה געווען.

געלייטערט זיין מאָגערער גוף איז פון הונגער,
מכפר געווען האָט א תענית זיין זינד,
זיין גרויסע נשמה געוואָרן איז יינגער,
און ער האָט געשמייכלט באחנט ווי א קינד...

דאָס דאָזיקע ליד וואָס פאראייביקט א פרומען יידישן סופר איז בלי ספק געבויט אויף די פאָלגנדיקע ווערטער ר׳ מאיר׳ס פון תלמוד: „ווען איך בין גע־קומען לערנען ביי ר׳ ישמעאל׳ן, האָט ער מיך געפרעגט: זון מיינער, וואָס איז דיין מלאכה? האָב איך אים געענטפערט: א סופר בין איך. האָט ער מיך געראָטן: זון מיינער, זיי פאָרזיכטיק מיט דיין ארבעט, ווייל דיין ארבעט איז א מלאכת שמים, און טאָמער מינערסטו אן אות אָדער לייגסט צו איין אות, ביסטו מחריב די גאנצע וועלט״...

אויך צווישן די יונגע ישראל־פּאָעטן וועלכע שרייבן אין יידיש, טרעפט מען, ביי אברהם רינצלער, א ליד, געבויט אויף די אלטע אגדות פון תלמוד און זוהר וועגן דער באשאף־סגולה פון די אותיות:

1. אות —
ערשטע זריעה פון באשאַף.
אות איז גאָר,
אות איז קלאנג.
איז פארב,
איז גוף
איז ז י י ן.

2. גיכער, גיכער, איר הענט,
איר שרייבער־הענט:
די ערד איז נאָך היים —
מען קען א פּען
פון איר אויסשמידן.

עס איז נאָך צייט
אויסצוקריצן
די „בית״
פאר א בעסערן
בראשית,

אויף די זעלבע אלטע לעגענדעס וועגן אלף בית האָט אויך אליעזר שטיינבארג געבויט איינעם פון זיינע משלים, אין וועלכע די אותיות פיגורירן ווי פערסאָנאזשן:

א, ב,
צו דער אלף זאָגט די בית:
ווער איז בילכער? איך צי דו? — איך ווייס?
דאכט זיך, איך! פארשטייט זיך: ראשית
איך דאָס ערשטע אין „בראשית".
שנית,
איך מיט „חכמה־בינה" בין אין שכנות.
פרעג איך, זיי ניט בייז,
וואָס גאָר דו דער ראש־וראשון פונעם אלף־בית,
און פארוואָס ניט איך דערצו בין זוכה?
טאקע דו דאָס ערשטע ביי „אָנכי"!
— ניט נאָר ביי „אנכי, אויך ביי „אתה"!
(קומט א קלאָרע תשובה און א גלאטע).

דאָס דאָזיקע משל איז, אגב, דער ארייינפיר צו א גאנצן אָפּטייל אונטערן נאָמען „אותיות", אין ערשטן באנד שריפטן פון דעם יונגן פארשטאָרבענעם טשערנאָוויצער פאבוליסט. הגם שטיינבערג האָט אין דער אויסגאבע גענוצט מאָדערניסטיש־עקשנות׳דיק דווקא דעם אנטי־טראדיציאָנעלן פאָנעטישן אויסלייג פאר העברעאיזמען, האָט ער אָבער, מיט ליבע און חן, אין די פאבלען גופא, ארייינגעפירט א גרויסע צאָל עלעמענטן פון דער יידישער טראדיציע, בתוכם די אותיות פון אלף בית. זיין אויסגעפינערישער טאלאנט און טיף־יידישע פאָלקסטימלעכקייט זיינען מיט באזונדערער קראפט נתגלה געוואָרן אין די דאָזיקע משלים, וועלכע זיינען שפראכלעך, גאָר רייך אין חידושים׳דיקע אויפטוען און אין שטיינבארגישער איינפאלערישקייט:

די ג י מ ל , דאָס חנוודיקע יצר־הרע׳גיסל, טרעט אָן דעם צ ד י ק , וועלכער שטייט פארטיפט אין הייליקע כוונות; קייקלט די ס מ ך ווי א רייפל און שליידערט די י ו ד ווי א קיילעכל. און די שטיפעריי פון דער גימל דויערט אזוי לאנג ביז דער מלאך דומה כאפט זי און בינדט איר צו צו דער פיאטע צוויי רעדעלעך — א צ י ר ה דאָס הייסט: צירי גימל, גיי!...

דער ח י ר ק האָט זיך צוגעשטעלט די ח י ת פאר א בענקעלע און געטאָן א שפרונג ארויף אויפן קעפל פון דער ו ו אָ ו ו אין סידור, און איז היך דעם, על פי מקרה, דערהויבן געוואָרן צו דער קאטעגאָריע פון א ח ו ל ם . דערנאָך קוקט דער דאָזיקער אויפגעקומענער מיוחס פון אויבן אראָפּ אויף זיינע ברידער. ער דערקענט ניט דעם קליינעם עולם דאָרט אונטן, דעם פתח, דעם סגול, דעם צירה, דעם קמין, און אפילו ניט דעם מלופום וואָס איז קוים איין ביסעלע נידעריקער פון אים אין דער שורה...

אין אן אנדער משל קומט פאַר א וויכוח צווישן דער פּראַקטיש־קלוגער ב י ת און דער צ ד י ק אין פּעלץ וועגן דער מעטאַפיזישער פּראָבלעם צי איז מען נאָר מחויב צו צאָלן גוטס פאַר גוטס (לויט דער מיינונג פון דער בית) אָדער מוז מען גאָר צאָלן מיט גוטס אפילו פאַר שלעכטס (לויט דער מיינונג פון צדיק אין פּעלץ). די ג י מ ל וואָס איז די ערשטע ביי גאָט און ווייסט דעם סוד פון גוטס און שלעכטס, מישט זיך אריין צו באַשיידן דעם וויכוח: זי איז מוחל דער בית איר מדת־הדין פון „גוטס פאַר גוטס", און דער היפּאָקריטישער צדיק איר אסקעטישע מדת־החסד פון „גוטס פאַר שלעכטס", און עצה'ט זיי ביידע אז די וועלט וועט צופרידן זיין בלויז מיט דעם וואָס זיי וועלן דערווייל ניט צאָלן מיט שלעכטס פאַר גוטס...

ווי אין די משלים זיינע, האָט שטיינבארג אריינגעפירט די טראַדיציאָנעלע אלף־בית־עלעמענטן אויך אין דער פּעדאַגאָגיק. ער איז, כידוע, געווען אַ לערער, און זיין לערנביכל פאַר קינדער „אלף בית", האָט ארויסגערופן א וויכוח אין דער פּעדאַגאָגישער סביבה, צוליב דעם לערן־מעטאָד וואָס ער האָט דאָרט איינגעפירט, געבויט דווקא אויף דער טראַדיציאָנעל־מלמדישער דערקלערונג פון די אותיות, להפך צו די מאָדערנע ניט־יידישע לערן־שיטות וואָס זיינען דאַן גע־וועז אָנגענומען ביי די לערערס פון יידיש.

ווי אַן אריינפיר צו זיין אויבנדערמאָנטן לערנביכל פאַר קינדער, און ווי א רמז אויף זיין לערן־שיטה, טרעפט מען א ליד וואָס איז יאָרן לאַנג דעקלאַמירט געוואָרן פון די שול־קינדער אין בוקאָווינע און בעסאַראַביע, פון וועלכן עס ווערן דאָ געבראַכט עטלעכע שורות:

זעסט אַ דאָס־אַ, ווי א שטעקאַלע?
ס'איז א וואָוו, געדענקזשע ברעקאַלע —
און א נון איז ווי א זעקאַלע
און א גימל, ווי א שיכאַלע —
גיב א קוש אין ביכאַלע!

דאָס ברענגט בפירוש אויפן זכרון די לערן־שיטה פון די מלמדים, וועלכע פלעגן שפּרינגען מיטן פישביינערנעם טייטל זייערן פון אות צו אות און איינ־לערנען מיט די תלמידים'לעך:

און דאָס־אַ וואָס איז, מיטן קורצן פיסעלע?
הא! רעד! זאָג!

און דאָס־אַ וואָס איז, ווי א בענקאַלע?
חית! רעד! זאָג!

און דאָס־אַ וואָס איז, אויבן מיטן טיראַלע?
טית! זאָג־זשע, רעד!

און דאָס־אָ וואָס איז, מיט א קליינעם קעפּאלע?
יוד! העכער! שטארקער!

דער טראַדיציאָנעלער לערן־מעטאָד אין דער יידישער פּעדאַגאָגיק פון אָנ־הייבן לייענען מיט די קינדער, דורך איינלערנען מיט זיי די נעמען פון די אותיות, און שפּעטער מצרף זיין די נעמען אין ווערטער מיט דער הילף פון נקודות, איז ענג פאַרבונדן מיט דער דורות׳דיקער הייליקייט וואָס מען שרייבט צו די נעמען פון די אותיות: „קום און זע — שרייבט דער זוהר — די ערשטע ווערטער פון תורה וואָס מע לערנט דאָס קינד זענען די נעמען פון די אותיות, א ל ף און ב י ת. דאָס איז אן ענין וואָס די מענטשן זיינען ניט ביכולת אים צו באַגרייפן מיט זייער שכל און אים צו ברענגען אויף זייער מחשבה, שוין אָפּגערעדט פון ארויסזאָגן עס מיטן מויל. אפילו די מלאכים עליונים און די עליונים שבעליונים קאָנען עס ניט באַנעמען, באשר דאָס זיינען סודות פון דעם הייליקן נאָמען אליין״.

דער דאָזיקער פאַרהייליקטער לייען־מעטאָד איז אָבער ארויסגעשטופּט געוואָרן דורך דער מאָדערנער פּעדאַגאָגישער שיטה, לויט וועלכער מען לערנט איין מיט די קינדער דעם פּ אָ נ ע ט י ש ן ו ו ע ר ט פ ו ן י ע ד ן א ו ת און ניט זיין נאָמען. מען טייטלט אָן דעם קינד, למשל, דאָס אות ב י ת, און מען לערנט אים, אז דאָס איז דער קלאַנג „ב״. דער נאָמען פון אות ווערט דערביי ניט דערמאָנט. די ווערטער צום לייענען ווערן דאָ געבילדעט אויף א מער נאַטירלעכן אופן, דורך דער באַהעפטונג פון ק ל א נ ג ע ן, און ניט דורך מצרף זיין נ ע מ ע ן פון אותיות. דער דאָזיקער נייער לערן־מעטאָד האָט זיך איינגעבירגערט אָן קעגנערשאַפט אין דער יידישער סביבה, אפילו אין די חדרים מתוקנים. שאַרפע קעגנער זיינען פאַרבליבן נאָר צווישן די שטרענג־אָרטאָדאָקסישע קרייזן, וועלכע האָבן בשום אופן ניט געוואָלט פאַרבייטן די פילזאָגנדיקע נעמען פון די אותיות אויף זייערע וואָכעדיקע פאָנעטישע קלאַנגען.

עס איז בכן זייער אויסטערליש, און אפשר גאָר כאראַקטעריסטיש, וואָס אין דעם פּרט פון פּעדאַגאָגיק, האָט דער עכט־מאָדערניסטישער פּאַבוליסט פון טשערנאָוויץ, מסכים געווען דווקא מיט די עקסטרעם פרומע יידן.



מאיר קוטשינסקי — סאַן פּאַולאָ

# סאָציאַלע דינאַמישקייט און ליטעראַרישע סטאַטישקייט

(אַן איבערבליק און אַ סך־הכל פון יידיש־ליטעראַרישן שאַפן אין בראַזיל)

גלייך ביים אָנהייב מוז מען מודה זיין: די יידישע ליטעראַרישע שאַפונגען זיינען אַן אַן ערך צוריקגעשטאַנען לגבי דעם עקספּאַנסיוון, שטורמישן און נעוורע־דינאַמישן לעבן פון אַלערליי יידן, — סיי ווי יחידים, סיי ווי קאָמפּאַקטע קאָלעקטיוון, — אין אונדזער לאַנד. ווען מע קוקט אויף צוריק צו ביידע געביטן, — אויף אַ רעטראָספּעקטיוו פון אַ וואָסערע 30 יאָר, — ווערט מען דערשטוינט סיי פון פאַנטאַסטישן עקאָנאָמישן שפּרונג פון דעם רוב אחינו בני ישראל, פון זייער הויכן „ארויפדראַפּ" און, — פון אַ געוויסן קוק־ווינקל, — דעם איבערשיכטונגס־פּראָצעס מצד אַ גרויסן טייל פון די נעכטיקע עמיגראַנטישע פּעדלערמאַסן און פונעם — — — פאַרגליווערטן, מדברדיקן מצב, דאַר און קוואַר ממש, — פון דער יידישער ליטעראַטור. לייב מלאכ׳ס „דאָן דאָמינגאָס קרייצוועג", פאַרעפנטלעכט מיט אַן ערך 30 יאָר צוריק, איז אַלץ נאָך דער איינציקער גרויסער ראָמאַן פון יידיש־בראַזיליאַנער לעבן, און אין משך פון אָט דער צייט, האָט דאָך די יידישע גאַס געביטן און געביטן פיל מאָל איר פּרצוף!

אמת, די בראַזיליאַנער יידן (און ניט בלויז די בראַזיליאַנער...) פאַרטראָגן ניט קיין שרייבער, פּונקט ווי זיי זיינען מבטל דעם געזעלשאַפטלעכן טוער, דעם אינטעלעקטואַל. (ניט איין שידוך איז אָפּגעגאַנגען צוליבן חתנס צי כלהס יחוס־עצמו, וואָס ווערט אָפּט כידוע, געפּאָרט מיט אַ מאַטעריעלן דלות). דער גייסטיקער קלימאַט פון דער „תכליתדיקער" יידישער גאַס באַגינסטיקט ניט קיין ליטעראַריש שאַפן. אָבער אַפילו אָטאָ די בייסיקע פּסיכאָלאָגישע פאַרפאָלגונג, האָט נאָך ניט געפונען איר ליטעראַרישע נקמה...

צי קען מען דאָס פּותר זיין פשוט, היינו: אַ גליק־זאַך? ניט אויסגעוואַקסן דאָ אַ קרעפּטיקער טאַלענט, אַ כוח־גברא צו אַ גרויס־ווערק, אויף אַ ברייטער לייוונט אין טיפן הינטערגרונט. האָבן מיר דאָך ניט אַפילו ניט־געלונגענע פּרוון

פון אַט אַזאַ פּאַרנעס. וואָלט יאָ געווען אַזאַ טאַלענט, וואָלטן מיר זיכער געהאַט א גרויס ווערק!

געוויינלעך הערט זיך אויך דער פּאַרטיקער פּזמון: דאָס יידישע לעבן לויפּערט ניט קיין דראַמאַטישן שטאָף פאר פורעמען העראָישע געשטאַלטן, העלדן, סימבאָלן (עפּעס ווייניקער ווי „העראָישע געשטאַלטן" קען מען ניט אַראָפּשלינגען...). די פּראָבלעמען זאָלן דאָ זיין, לא עלינו, מינימאַליסטישע, קליינשטעטלשע.

אָן אויסגעטראַכטע מעשה! מיר זיינען „טאַטש-טאַטש" ענלעך צום יידישן צפון-אַמעריקע (נאָר געררוקט אויף צוריק מיט א 50 יאָר, וואָס איז א מעלה פאַר ליטעראַרישער אינספּיראַציע). דערזעלבער נאַציאָנאַל-ביאָלאָגישער פּחד פאַרן מאָרגן פון אונדזער יידישקייט; דערזעלבער מאַסקנשפּיל פון ייד און בירגער; דערזעלבער געוויסנסקאַמף צוליבן גרויסן מהלך פון דעם סאָציאַליסטישן חטאת-נעורים ביז גרויס-קאַפּיטאַליסט און פּאַלאַץ-באַזיצער. היינט די בולטע קאָנטראַסטן פון דורות: א יידיש-נאַציאָנאַלע יוגנט און דווקא אין פּאָרטוגעזיש, סענסיטיוו און אימפּולסיוו און וואָס האָט איבערגעוואַקסן די כאַראַקטערלאָזע, אויסגעפּאַרעטע, שמענדריקיזירטע טאַטע-מאַמע, וועלכע זשאַרגאָניזירן זייער יידיש-לשון; אפילו דער געזעלשאַפטלעכער געראַנגל געטריבן פונעם דערהאַלטונג-אינסטינקט, פון א פּאָליטישן אונטערשלאַק, קעגן דעם מומר-להכעיסדיקן פסידאָפּראָגרעסיזם, — מיט איין וואָרט: דיזעלבע פּראָבלעמאַטיק, וואָס האָט געקוועלט פרין הירשביינען, אים אינספּירירט צו שאַפן זיין אינהאַלטרייכסט ווערק „בבל"; אַשן זיין „איסט-ריווער", זיינע „אָנקל-מאָזעס" און "גאָטס-געפאנגענע"; פינסקין זיין „ווען וועגן צעגייען זיך" און פיל אַנדערע ווערק, פון דער יידיש-אמעריקאנישער טעמאַטיק.

די געציילטע יידישע שרייבער פעלט קינסטלערישע אָביעקטיוויזקייט לגבי די פאַנטאַסטיש „אַרויפגעאַרבעטע" און לעגענדאַריש-רייך-געוואָרענע פאָלקסברידער. עס צעפרעסט זיי, די שרייבער, א קרענקלעכער קריטיציזם און א גיפטיקע איראָניע ,וואָס איז גורם שרייבערישע אימפּאָטענץ. ניט אלע יידישע עושרים זיינען מלחמה-געווינלער און גלעגנהייטס-באַגליקטע פון „איבער נאַכט", צי שפּעקוליאַטיווע ריזיקאַנטן וועמען דער מזל האָט צוגעשפּילט (און אז אַפילו יאָ, זיינען זיי אויך גוטער ליטעראַרישער שטאָף!).

דער נעכטיקער אימיגראַנט, וואָס איז געקומען אָן א פּרוטה אין קעשענע, מיט אן איינציק רעקל און פאָר הויזן; געפּעדלט מיט „קאָרטלעך", „געקלאַפּט מיט גאָלד"; געהאַנדלט מיט „געטער", פאַרלייגט א „פאַבריקל" פון אן אַלט-מאַשינקעלע וואָס ער האָט אויסגעפונען אין ברוכוואַרג, עס אויסגערייניקט פון זשאַווער און נאָכן אויסשמירן און מיינסטרעווען על פּי נס געברענגט עס אין באַוועגונג; צוגעקויפט פון „אַלט-אייזן" נאָך איינע און נאָך איינע... געברענגט שפּעטער, — אַלץ נאָך אָן אייגן געלט — אויף אויסצוצאָלן מאַשינען פון דער שווייץ, פון בעלגיע, פון נאָרד-אַמעריקע. ס'איז באמת פאַנטאַסטיש, ווי אזוי די נעכטיקע

קבצנים האָבן אויפגעשטעלט אן אימפּאָזאַנטע, מאָדערנע ראַציאָנעל־אָרגאַניזיר־טע מוסטער־אינדוסטרי פון טריקאָטאַזש און באַקליידונג, פון וועש און מעבל, וואָס איז א שטאָלץ פאַר יידן און א שטאָלץ פאַר בראַזיל. און ווער האָט דאָס באַשאַפן?! מיר קענען זיי דאָך!

מיט 25 יאָר צוריק איז אין סאַן־פּאולאָ געווען 1 יידישער רופא און 1 אַד־וואָקאַט. היינט זיינען דאָ 150 פּראָפעסיאָנאַלן אָפּשטאַמיקע פון אַנאַלפאַבעטישע טאַטע־מאַמע. דער יידישער שרייבער, דער זשורנאַליסט זעט אין דעם רק נעגאַ־טיוועס (וואָס איז בנמצא מחמת זייער נאַציאָנאַל־קולטורעלע אַסימילירטקייט; אָבער דאָס איז שוין א פּראָבלעם פון אן אַנדער ספערע). מיר האָבן פאַרזען, אז פאַר אונדזערע אויגן לעבט דער פּיאָנערישער גייסט פון לאָדזש, פון די נאַלעווו־קעס, פון ביאַליסטאָק. די יידישע גאַסן פון סאַן־פּאולאָ, טיילוויז ריאָ און פּאָרטאָ־אַלעגרע, עקספּעדירן קאָלאָסאַלע משאות פון דורך איר אויסגעארבטע סחורות אין די „סיבירן און אַסטראַכאַנען״ פון בראַזיל — צום הייסן צפון און קילערן דרום.

דאָ בעט זיך דאָך א נייער, בראַזיליאַנער י. זינגער, א נייער „ברידער אַשכנזי״!

היינט דער קוראַזש און אַמביציע פון אונדזערע קליינשטעטלשע סטאַשע־ווער און פּיאַסקער, כאָטינער און סעקוראַנער, צו פאַרנעמען די שפּיגל־געשעפטן אין די רייכסטע, צענטראַלסטע און לוקסוריעזסטע גאַסן פון דער שטאָט, אויס־שטאַטן זיי קינסטלעריש — קאָמערציעל, דעקאָרירן מיט פאַרנעם און געשמאַק און רעקלאַמירן פּזרנותדיק אין די רייכסטע בלעטער, האַנט אין האַנט מיט באַ־רימטע וועלט־פירמעס!

דעם יידישן שרייבער, דעם זשורנאַליסט פעלט דאָס אויער און דאָס אויג אויפצוכאַפּן דעם סאָרט פּאָעזיע, די פאַנטאַסטישקייט פון אָט דעם מעטאַמאָר־פאָזע, צו אָט די שעפער פון א „יש מאַין״. (ס'גילט נאָך איין באַציאונג: צי דער געגעבענער יחיד איז א פריינד פון יידיש אָדער צי ער צאָלט מגבית) ...

**2**

ווילן מיר ניט אין אונדזער איבערבליק אָניאָגן א שרעק אויף דער אָפּגע־ציטערטער שרייבער־משפּחה און אָפּשלאָגן זייערע צאַרטע פליגלען: שוין בעסער צו שפּאַנען אויף שמאָלע סטעזשקעס, איידער ניט צו דערקלעטערן אויף א צו־הויכן באַרג.

אַנאַליזירנדיק דאָס ליטעראַרישע שאַפן אונדזערס און אונטערפירנדיק א רעמאַנענט פון אונדזער אינווענטאַר און אונדזער רעקוויזירט, זעען מיר, אז פון קישינאָווסקים „נייע היימען״ 1922 ביז ראָזאָ פּאַלאַטניקס „קראָשניק — ריאָ״ 1955 און הערש שוואַרצ'ס „אָנהייב״ 1955, האָט זיך די טעמאַטיק ניט געביטן. (מיר מיינען דאָ בלויז די בעלעטריסטישע שאַפונגען). מ'האָט בלויז געוואָגט,

מיט אָנפּאַנגערישן ציטער און „טרעמע", אריינצוצעמען א דריטע טעמע: „מולאַטקעס". די אַנדערע צוויי זיינען נאָך אַלץ: 1 — פאַרגלייכונגען פון הייליקן לעבן דאָרט און אַמאָל לגבי דעם פּראָזאַישן דאָ און היינט און 2. — פעדלעריי נעבעך. עס הערן זיך נאָך די לעצטע עלעגישע אָפּקלאַנגען פון דער טמאים-וועלט; קינסטלעריש, ווי סאָציאַל, איז עס אַן אויסגעלאָשן פּראָבלעם).

אָט די צוויי, אין תוך אָרעמע, הגם דירעקטע און נאָענטע, אויך אָנגעוויי-טיקטע מאָטיוון, באַווייזן זיך כסדר אין נייע ניואַנסן. קישינאָווסקים „קאַזאַ פּאַ-ריז" וועגן די 2 קליענטעלטשיקעס אין איין אכסניה, וואָס איין בעטל האָט פאַר-נומען די „קאַזאַ פּאַריז" און דאָס צווייטע „קאַזאַ לאַנדרעס", איז קאַפּויער געקו-מען ביי שוואַרצן און ביי ביידע, און אויך ביי זינגערן ע"ה, איז דער פּעדלער נאָך אַלץ די עקאָנאָמישע דערשיינונג. דערציילונגען ניט פון פּעדלערס, נאָר פון פּעדלעריי, וואָס זאָל זיין א פּועל-יוצא פון א ריי סאָציאַל-עקאָנאָמישע, אויך היסטאָרישע תנאים פון דער אַנטוויקלונג אונדזערער, — ווי מיר טוען זיך, כידוע, איינרעדן...

גראַד דער דערציילער דאַרף זיך ארויסבאַפרייען פון אָטאָ דער גענעראַ-ליזאַציע וואָס מוז בהכרח פירן צו פּאַראַלעליזמען, צו איבערהזרונגען. די „פּעד-לעריאַדע" דאַרף אינדיווידואַליזירט ווערן...

עס איז א טעות, אַז בלויז פּרנסה, די מלחמת-הקיום אַליין, האָט געטריבן דעם מזרח-אייראָפּעאישן ייד, פון די פלאַכע סלאַווישע פליינען און מעלאַנכאָלי-שע האָריזאָנטן צו קלעטערן אויף בערג, צו בראָטן זיך אונטער דער סמאַליעדי-קער זון און צו ווייקן זיך אין שווייס. עס האָט אים אויך געפּאַנגען די ניט-קאָנ-טראָלירטע פרייהייט פון באַוועגן זיך, דער כישוף פון א נייער וועלט — אין א ריין-געאָגראַפישן טייטש פון וואָרט, — פון די בערגיקע האָריזאָנטן, פון אַן אויס-טערלישן, עקזאָטישן מענטש. זאָלן מיר דאָ דיסקרעט מודה זיין: דער באַריר מיט זיין „קונד", דער בראַזיליאַנער פרוי, יענס וווּנדערלעך געוועב פון א נאַטור-קינד, מיט ניט-געשמינקטער צניעות, מיט אויפריכטיקן, אָפּט רירנדן הומאַניזם — ווי ווייט איז די דאָזיקע צאַרטע בריאה פון דער אויפגעהעצטער, רשעותדיקער „גויה" פון דער היים! הינטער די חודשלעכע, כלומרשט ריין-קאָמערציעלע באַ-זוכן פון דעם „רוסאָ", האָט זיך אָפּגעשפּילט א קוים-זעבאַרע בליקן-און געפילן-שפּיל... אין אונטערבאַוווּסטזיין פון „רוסאָ", אפשר אויך ביי דער „מאַריאַ" — האָט געטריבן א ספּרוזשינע, א רייַן, אריינצובליקן און אריינצודרינגען אין א פאַרבאָרגענער וועלט. . .

אונדזערע דערציילער פון פּעדלער-לעבן האָבן זיך אָנגעקלאַמערט בלויז אין זיין דלות. ברוך גלאַזמאַן האָט עס יאָ דערפילט, הגם ער האָט געשאַפן שוין נאָך דער עפּאָכע פון פּעדלעריי אין נאָרד-אַמעריקע. כאָטש מיר האָבן פיינט צו אימיטירן גרויסע יוערטער, גלוסט זיך צו זאָגן: פּעדלער דאַרף מען פרווידיאַניש שילדערן...

א נעבעכדיקע אפּאָלאָגעטיק באַגלייט די „פּעדלעריאַדע"... דער סאָציאַ־לער מאָמענט, דער אָפּטער מאַטעריאַליסטישער ציניזם, די אויסנוצונג, די הויט־שינדעריי, דאָס גאַוועדנדיקע שטאָלצירן דערמיט — און גרויסן זיך דערמיט צווישן כלל־קליענטעלטשיקעס לגבי זייערע קונים — אָט דער מאָראַלישער מאָ־מענט פון זעלבסט־קריטיק איז דורך אונדזערע דערציילער ניט אָנגערירט גע־וואָרן. ווי רעליעף און אומברחמנותדיק האָט עס יוסף אָפּאַטאָשו געשטעמפּלט.

מיר זעען, בכן, אַז אָט די כלומרשט אָרעמע טעמע, די „פּעדלעריאַדע", איז נאָך ניט אויסגעשעפּט געוואָרן, כדי ניט צו זאָגן, אַז זי איז אַפילו ניט אָנגע־רירט געוואָרן. ס'איז נאָך ניט צו־שפּעט: ניט אזוי שנעל וועט דאָס „פּעקל" פאַר־שווינדן...

* *
*

די אַנטקעגנשטעלונג פון דער רוחניותדיקער און אידעאַליסטישער וועלט, וואָס איז שוין פאַרגאַנגען (און וואָס מיר האָבן אַלץ געטאָן זי צו פאַרלאָזן...), צו דעם פּאַרביזנעסטן און קאַריעריסטישן בראַזיליאַנער הווה, געמישט מיט א זי־סער בענקשאַפט, איז אן אָפּטע טעמע ביי אונדזערע דערציילער (זינגער, שוואַרץ, ראָזע פּאַלאַטניק) און א הינטערגרונט־שטימונג כמעט ביי אלע דערציילונגען, אויף אַנדערע טעמעס.

אַנטקעגנשטעלונג אליין, ווי אַ טעמע, איז אומפּראָדוקטיוו, אָן האָריזאָנט און פּערספּעקטיוו, פּירט אונדז אריין אין א זאַק־געסל. קיין ליטעראַטור וואַקסט ניט פון אַזאַ זיפצעריי. לשם קלאָרקייט ווילן מיר אָבער תיכף מדגיש זיין: פאַר זיך איז די קדושה פון אונדזער פאַרשניטענעם מזרח־אייראָפּעאישן לעבן, די רע־ליגיאָזיטעט פון אַלטן דור און דער אַלטרואיזם פון דער וועלטלעכער יוגנט — אן אייביקער קוואַל. דעריבער זיינען די טענות פון א באַקאַנטן נאָרד־אַמעריקאַ־נער דיכטער־קריטיקער — וואָס שעפּט אַליין פון אַלטן קוואַל — הלמאי די גע־ציילטע בראַזיליאַנישע שרייבער שאַפן ניט אויסשליסלעך פון בראַזיליאַנער לעבן, — ניט גערעכט און קינסטלעריש ניט יושרדיק. מע טאָר ניט און מע דאַרף ניט דערשטיקן די וועלט, וואָס איז געבליבן אויפן סאַמע דנאָ פון אונדזער נשמה.

אָקאָרשט האָט אויפסניי מקדש געווען אָטאָ די וועלט ד"ר ברוסילאָווו. מעגלעך ווען ניט די פּיעטעט צו דער הייליקער וועלט, וואָלט ד"ר ברוסילאָוו געבליבן ביי זיינע רפואות און חולאים און מיר וואָלטן געווען פאַרלוירן אַזאַ מייסטער!

דער אַנטיפּאָד פון דער פאַרגאַנגענער כולו־קודשדיקער וועלט זאָל, כלו־מרשט, זיין דאָס זאַטע, פּראָסטאַצקע, עולם־הזה'דיקע בראַזיל... איז עס זייער... פּראָסטאַצקע געזאָגט. לאָמיר אָבער, — אויף א רגע! — צופּאַטאַקעווען צו אָט דער „אַקסיאָמע". קען דען אָבער ניט דער פיינער קינסטלער ארויסגעפינען —

באַנוצנדיק זיך מיט טערמינען פון חסידיש־קאַבאַליסטישן וועלט־באַנעם — די „ניצוצות”, די „העכערע מדרגות”? קולטיווירן דאָס ביסל רוחניות?

דער קליינער שרייבער־משפחה פעלט דער באַוווּסטזיין פון איר שליחות, פון איר אָרט אין דער יידישער סביבה, אין דער יידישער גאַס. זי דאַרף אריינטראָגן די נשמה יתירה, דעם שבת און יום־טוב אין דער גשמיותדיקער סביבה... קען דען ניט דער פיינער קינסטלער, דער סובטילער שאַפער, אינספּירירט ווערן פון דער סביבה, פון דער נאַטור, פון זיך און געשטאַלטיקן העלדן, סימבאָלן?! פארן ניט־אימפּאַטענטן קינסטלער עקזיסטירן ניט קיין תירוצים. ער ציט יניקה פון פעלדז, פון מדבר, פון דאָרן, פון געמויזעכץ...

* *

*

א נייעם וועג, מיט אויסזיכטן אויף נייע האָריזאָנטן איז די פרישע טעמאַטיק פון גוייש־בראַזיליאַנער לעבן. דערווייל זיינען עס ציטערנדיקע שריט, ווי איינער וואָס לאָזט זיך אויף אומבאַקאַנטע וועגן. עס באַמערקן זיך שוין די קאָנטורן: הערש שוואַרין האָט מער חוש פאר דער סאָציאַלער אומגערעכטיקייט; ראָזאַ פּאַלאַטניק פאר דער ראַסן־פארביקייט. עס זיינען, לכל־הדעות, פאר יידישע שרייבער קאָמפּליצירטע סיטואַציעס: שוואַרצע, נעגער, האַלב־טונקעלע מולאַטן, ווייסע, יידן, קריסטן.

ווילן מיר זיך דאַ איבערחזרן: ס'איז דערווייל געזען מיט אונדזערע, פרייוויליגירטע אויגן, פון ווייסע. (א גליק האָט אונדז געטראָפן: לגבי די נעגער זיינען מיר יחסנים!...) דער פיל־מאָל אויסגענוצטער סיטואַציע מכוח א שוואַרצער פרוי וואָס איז גליקלעך ממש, באשר א ווייסער האָט זי מאַנס געוועזן און איר קינד וועט זיין „קאַווע מיט מילך” איז בלויז — אן אַנעקדאָט. אָט דעם אַנעקדאָט האָבן אויסגענוצט אַלע יידישע דערציילער: י. גערווערין ע”ה, זינגער, קלאַראַ שטיינבערג, ראָזאַ פּאַלאַטניק. קינסטלעריש, היינו: ביאָלאָגיש־אַנטראָפּאָלאָגיש איז עס א ליגן, איז עס גרינשעצנדיקע באַציונג צו אַזעלכע טראַגישע שיקזאַלן און דראַמעס פון דער מענטשהייט. עס איגנאָרירט דעם נעגערס זעלבסט־ווערדע, וואָס איז בלי־ספק בנמצא, באַוווּסטזיניק, צי אומבאַוווּסטזיניק. — ווי ער איז בנמצא ביי אונדז יידן. יוסף אָפּאַטאָשו וואָלט אַזאַ אַנעקדאָט ניט אויסגענוצט. זיינע ראַסן־קאָנפליקטן זיינען אן אויסגעשריי אַנטקעגן דער אומגערעכטיקייט לגבי די שוואַרצע. מיר האָבן ידיעות מכוח מוראדיקע נקמות מצד שוואַרצע ווייבער אין זייערע ווייסע (אויך יידישע) פארפירערס. לאָמיר ניט פּראָווען קיין ראַסן־סופּעריאָריטעט...

די גאַלעריע שוואַרצע ביי ראָזאַ פּאַלאַטניק זיינען בלויז „זי”־ען תאווה־דיקע, טראָפּיש־ליידנשאַפטלעך־אַנגעלאָדענע און אויפרייצנדיקע. ווי א פרוי־שריפטשטעלערין, וואָלט זי געדאַרפט זיי שילדערן מיט א מינימאַלער דאָזע פרויען־סאָלידאַריטעט. יידישע שריפטשטעלער דאַרפן סאָלידער, מיט א יסוד

אויף נאַטור-קענטעניש און פעלקער-פּסיכאָלאָגיע, צייכענען ראַסן-קאָנפליקטן. נאָכאַמאָל: לאָמיר לערנען ביי אָפּאַטאָשון! בעת פּאול מוני האָט אונדז, ווייסע איבעראַשט מיט זיין באַוווסטער כינעזער-מאַסקע, האָבן די כינעזער, די אויטענטישע פּראָטאָטיפּן, אים אויסגעלאַכט. דערביי האָט ער אפּאָלאָגעטיש געוויזן דאָס כינעזער-לעבן און אונדזערע דערציילער באַווייזן ניט לגבי די בראַזיליאַנער שוואַרצע אָט דעם געפיל...

פונדעסטוועגן איז ווערט צו קאָנסטאַטירן און צו באַגריסן דאָס עצם-אָפּרופן זיך אויף אָט די דערשיינונגען, וואָס צוזאַמען מיט הערש שוואַרצס אורבאַניסטישע טענער, זיינען זיי מסוגל צו שטויסן פאָרויס אונדזער פאַרגליווערטע ליטעראַרישע שאַפונג.

* *
*

א גרויסער געזעלשאַפטלעכער פאַקטאָר, (הגם ניט תמיד קיין דערציערישער) איז די יידישע פּרעסע אין לאַנד. א שאָד, וואָס יצחק רייזמאַנס „געשיכטע פון דער יידישער זשורנאַליסטיק" איז נאָך אַלץ א מאַנוסקריפּט און בלויז א קליינער פראַגמענט איז מיט יאָרן צוריק פאַרעפנטלעכט געוואָרן דורך „לעבן און געדאַנק" אין ניו-יאָרק. דאָס געדרוקטע יידישע וואָרט האָט זיך באַוויזן כמעט צוזאַמען מיטן ערשטן שוואַלב פון דער מזרח-אייראָפּעאישער אימיגראַציע, קורץ פאַר דער ערשטער וועלט-מלחמה, צי האַרט נאָך איר. און זייט דעמאָלט איז בלויז איינמאָל, — בעתן באַוווסטן פאַרבאָט אויף פרעמד-שפּראַכיקע צייטונגען, איבערגעריסן געוואָרן איר נאָרמאַל לעבן. היינט איז די יידישע פּרעסע איבעראַנטוויקלט: 4 יידישע צייטונגען און א ריי אין דער לאַנד-שפּראַך. איז עס ניט לעודף?... אין אן אידיליע לעבן זיי זיך ניט. הגם זיי נעמען אויף, — איניקע פון זיי, — אונדזער פּראָבלעמאַטיק, גייט לאיבוד פיל שרייבערישע ענערגיע, דאָס גריזשען און בייסן זיך איז ווי א זשאַוועט און א גיפט, אין אונדזער אַטמאָספערע, אין אונדזער ליטעראַרישער שאַפונג. בלויז איניקע פון זיי זיינען אָרגאַנען פון אונדזער געזעלשאַפטלעכן קאַמף און טריבונעס פאַרן נאַציאָנאַלן געדאַנק. קאָמערציאַליזירט זיינען זיי אַלע און די קאָמפּאַקטע אויסגאַבעס לכבוד א יומא־דפגרא, טיילמאָל פון א 40-50 זייטן, זיינען אויסגעפילט מיט געשעפטלעכע אַנאָנסן. פאַרן אָרטיקן שרייבער פאַלט, כנהוג, כמעט גאָרניט צו...

די רעדאַקטאָרן, צי די ארויסגעבער, האָבן, ליידער, ווייניק פאַרשטענדעניש פאַר דער לאָקאַלער בעלעטריסטיק און ווייניק באַציאונג צו די עטלעכע דערציילערס. זיי זיינען ניט תופס, אז עס איז אַלץ בעסער צו פאַרעפנטלעכן א שוואַכע דערציילונג פון בראַזיליאַנער יידישן לעבן, געשריבן פון אן אָרטיקן שרייבער, ווי איבערצודרוקן א באַרימטן פון אויסלאַנד. עס איז אן אַלט-אָנגעוויטיקטער, פאַרביטערטער און מיט שפיכת-דמים אָנגעפולטער ענין. די ארויסגעבער (און אויך די רעדאַקטאָרן) האָבן זייער לאַקאָנישן עזות: „אָן דעם וועט אויך גוט זיין", — „איר זעט דאָך!!!"

און אפשר איז אט די באַציונג מצד דער יידישער פרעסע דער הויפּט־סיבה אין דער שטומקייט און שטילקייט פון דער יידישער ליטעראַטור אין בראַזיל. להיפוך צו דער נאָרד־אַמעריקאַנישער יידישער פּרעסע איז זי, די יידישע צייטונג אין בראַזיל, נישט די היים פון יידישן שרייבער — ביי מער וואָרעמקייט און דרך־ארץ וואָלטן איינציקע דערציילער נישט געווען איבערגעריסן זייער שאַפן. עס קומט אונדז אויפן זינען לשם אילוסטראַציע ברוך שולמאַן, א באַגאַבטער און זייער ערנסטער זשורנאַליסט און שרייבער, מחבר פון א וויכטיקער בראשור אין פּאָרטוגעזיש קעגן אַנטיסעמיטיזם, א מענטש מיט א זעלטענער אחריות צום שרייבן, פלעגט פאַרעפנטלעכן אָריגינעלע שילדערונגען פון יידן און בראַזיליאַנער און איז, יאָקאָש, לעצטנס אַנטשוויגן געוואָרן.

*   *
*

די פאַרשונג פון אונדזער עבר אין בראַזיל האָט זיך אויף א קענטיקן אופן א באַזונדער געטאָן. ס'איז איבעריק דאָ מדגיש צו זיין, ווי וויכטיק עס איז פּאָליטיש פאַר אונדזער נאַציאָנאַלער פּאָזיציע, פאַר אונדזער פּרעסטיזש, אפילו פּעדאַגאָגיש ביים אויספורעמען דעם יידיש־נאַציאָנאַלן באַוווּסטזיין פון יונגן דור, — וויסנשאַפטלעך־עקזאַקט פעסטצושטעלן אונדזער חלק סיי אין די אויפדעקונגען פון דרום־אַמעריקאַנישן קאָנטינענט און סי אין זיין קאָלאָניזירונג.

ד"ר משה כהנס גרעסערע פּובליקאַציעס, וואָס זיינען נאָך ניט דערשינען אין א בוך־פאָרם, שטייען אינצווישן פון זשורנאַליסטישער פּאָפּולאַריזאַציע און וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג. זיינע שפּעקולאַטיווע פאַרטייטשונגען פון א ריי ווערטער, סיי פון דער פּרימיטיווער געאָגראַפישער טערמינאָלאָגיע און סיי פון דעם „טופּי"־לעקסיק פון וועלכע ער וויל רק ארויסשלאָגן א העברעיִשע עטימאָלאָגיע, — זיינען ניט גענוג סאָליד כדי אויף זיי צו בויען א פעסטן היסטאָרישן בנין. נאָך אַלעמען בלייבן זיי — סברות. עס זיינען טאַקע סענסאַציאָנעלע אויסגעפינסן — זיי דאַרפן אָבער אונטערגעשטיצט ווערן דורך אַנדערע, מער וואָגיקע מאַטעריעלע דאָקומענטן (מצבות, כלים, בגד ם אא"וו). ד"ר משה כהן איז זיך דערביי סומך אויף א ריי בראַזיליאַנישע און פּאָרטוגעזישע שרייבער, וואָס איניקע פון זיי ווילן אַסאָציאירן תנכישע טערמינען, פון שלמה המלכס עקספּעדיציעס קיין אופיר און תרשיש מיט אַמאַזאָנאָס־סיסטעם, וואָס האָט צופלוסן זשאַפּיראָ און טאַרזשעזש און דער טייך גופא זאָל ביי די איינגעבוירענע אויך הייסן זולמייקא... וואָס דערמאָנט „שלמה"... עס שמייכלט אונדז זייער שטאַרק — מיר האָבן שוין, הייסט עס, געטראָטן אויפן בראַזיליאַנער באָדן און געשווומען אין די בראַזיליאַנער טייכן מיט א 3.000 יאָר צוריק. עס איז צו פאַנטאַסטיש עס זאָל זיין — וויסנשאַפטלעך. אגב קומען אַנדערע און טייטשן אויס, אז אופיר איז דאָס לאַנד פּערו. ד"ר משה כהן, באַגייט ניט קיין עוולה וואָס ער אינפאָרמירט אונדז מכוח דידאַזיקע געוואַגטע „סמיכת־הפרשיות". אָבער קיין וויסנשאַפטלעכע מטבעות זיינען זיי ניט. — אינדאַסירן דאַרף מען זיי נישט!

ס'וווּנדערט, וואָס ד"ר משה כהן האָט לגמרי איגנאָרירט יצחק רייזמאַנס באַשיידענע פאָרשונג, אין מיניאַטור א פּיאָנערן־ווערק, „די געשיכטע פון יידן אין בראַזיל", פון א 25 יאָר צוריק, וואָס האָט באַקומען אן אָפּרוף פון ש. דוב־נאָוון ע"ה. ד"ר משה כהנס מאָנאָגראַפיע האָט אָבער די גרויסע מעלה, וואָס מיט איר וואַרעמען טעמפּעראַמענט, מיט איר נאַציאָנאַל־אַפּאָלאָגעטישן צוגאַנג, וועט זי זיכער אָנרעגן יונגע יידישע אַקאַדעמיקער צו ווייטערע פאָרשונגען.

פון א קערנדיקן ווערט איז ד"ר ווישניצערס רעסטאַווירונג פון צוויי פנקסים: פון רעסיפע — „צור ישראל" און פון מאַנאַס, פון די ערשטע ספרדישע קהילות מיט 300 יאָר צוריק. די קהילות האָבן זיך געשאַפן אונטער דער האָלענ־דישער הערשאַפט, זייענדיק געשיצט פון די לאַפּעס פון דער אינקוויזיציע. זיי האָבן זיך אויפגעלייזט און די עדות זיינען אַנטרונען צוריק קיין האָלאַנד און א טייל קיין „ניו־אַמסטערדאַם" — ווען די אינקוויזיציע איז אָנגעקומען קיין בראַ־זיל און דאָ אויסגעשפּרייט אירע שוואַרצע פליגלען. — טאַקע זיי זיינען עס געוועזן די ערשטע יידן אין נאָרד אַמעריקע און צוליב זיי האָבן מיר די יובילײ־דאַטע 300 יאָר יידיש לעבן אין אַמעריקע.

ד"ר ווישניצער האָט די דאָזיקע פנקסים, געשריבענע אין ניט־צוגענגלעכן אַלט־פּאָרטוגעזיש, געמישט מיט אַלט־פראַנקישע העברעאיזמען און לאַדינאָ, אי־בערגעזעצט אין א מאָדערנעם פּאָרטוגעזיש. ער האָט אויך זיי באַגלייט מיט ליי־טישע הערות סיי וועגן דעם שרעקלעכן אינקוויזיציע־טעראָר פון יענער עפּאָכע, סיי וועגן דעם אינערלעכן בוי פון דער קהלה. ד"ר ווישניצער האָט דידאָזיקע וויכ־טיקע אַרבעט פאַרעפנטלעכט אין די היסטאָרישע ביכער פון דער בראַזיליאַנער אוניווערסיטעט און אין א סעפּאַראַטער אויסגאַבע אין ענגליש. זיין באַשיידענע און ניט־פּרעטענציעזע פאָרשונג שטעלט פאָר א ממשותדיקן באַזיס פאַר אונדזער יחוס, די מעטריקע פון אונדזער געבורט דאָ, אין בראַזיל.

*

* *

אונדזער איבערבליק וואָלט ניט געווען קיין פולער, ווען מיר וואָלטן ניט אין אים איינגעשלאָסן דעם ישיש פון אונדזער ליטעראַרישער משפּחה, — מנשה האַלפּערנען און דעם „הבן יקיר לי אפרים" — אליהו ליפּינער. כאָטשביידנס לעצטע ווערק, מנשה האַלפּערנס „אין שמרס צייטן" און ליפּינערס „ביי די טייכן פון פּאָרטוגאַל" (לואיס לאַמעד־פּרעמיע) שטייען „אויסער צייט און רוים", ד. ה. זיי זיינען ניט אַרויסגעוואַקסן פון בראַזיליאַנער יידישן באָדן; זיי וואָלטן געקענט אָנגעשריבן ווערן אין יעדן לאַנד און צו יעדער צייט.

מנשה האַלפּערנס מעמורן „פּאַרמענטן" מיטן אונטער־קעפּל־אין שמרס צייטן" האָט א קולטור־היסטאָרישן ווערט, ניט אָפּצושאַצן. ווערדליק דעם מחברס עלטער איז די שפּראַך א צו־בחפזונדיקע, א צו־דינאַמישע און א צו־שטראַמיקע. זי איז אויך מער שילדעריש, ווי דערציילעריש, מיט צו־ווייניק אויטאָביאָגראַפי־

שן מאַטעריאַל און מער מיט כּללישע שטייגער־באַשרייבונגען, אויב מיר מאַכן ניט קיין טעות, איז עס צום ערשטן מאָל א פעסטשטעלונג, אז שמר האָט געשאפן און עפּאָכע, א פּסיכאָז. אונדזער מחבר לאָזט זיך ניט אריין אין דעם באַזוכסטן וויכּוח, וואָס שלום עליכם האָט אָנגעהויבן מיט 70 יאָר צוריק מיט זיין פארמשפּטן שמרן און וואָס ווערט איצט רעווידירט דורך יידישע ליטעראַטור־היסטאָריקער. מנשה האַלפּערן דיסקוטירט ניט, ער דערמאָנט יענע תקופה מיט א זעלבסטפאַר־שטענדלעכקייט — **שמרס תקופה**. ווי באַקאַנט, האָט דאָס ווערק געהאַט דעם גלענצנדסטן אָפּהילך סיי פון ניו־יאָרק, סיי פון ירושלים און תל־אביב. איז עס דער ערן־הויב פון דער יידישער געזעלשאַפט אונדזערער צו געבן דעם פּאַטריאַרך פון דעם יידיש־ליטעראַרישן בראַזיל די מעגלעכקייט צו משלים זיין זיינע זכרונות.

ליפינערס „ביי די טייכן פון פּאָרטוגאַל" איז א ליטעראַריש־היסטאָרישע רעסטאַווירונג פון א פאַרגעסן ווערק „נחום ישראל" פון האַלב־לעגענדאַרן מאַ־ראַן שמואל אוסקי. אומדירעקט איז ליפינערס שאַפונג א רעזולטאַט פון זיין, ליי־פינערס, — לעבן און טעטיקייט אין אונדזער ווינקל, פון דער פּאָרטוגעזישער שפּראַך־און קולטור־ספערע. די דירעקטע סטימולירונג צו אָט דעם ווערק איז, — לויט אונדזערע השערות, — אָטאָ יענער פאַרבאָרגענער דראַנג צו געפינען דעם „שלשלת היוחסין" אונדזערן אין נייעם לאַנד, אָנצוקניפּן דעם ניי־אַשכּנזישן ישוב צו איין המשך פון די מאַרטירער־ספרדים, צו דער מאַרטיראָלאָגישער עפּאָכע זייערער.

אליהו ליפינער האָט נאָר־וואָס פאַרענדיקט א גרויס ווערק „דער געטלע־כער כּתב", וואָס ווערט אַרויסגעגעבן דורכן אַרגענטינער ייוו"אָ. דער מחבר עפנט פאַר אונדז די געהיימע שריפטן פון דער קבלה, יענע מיסטעריעזע וועלט, וואָס נאָר יחידי־סגולה האָבן אין איר אריינגעבליקט. וואַרטן מיר מיט גרויס שפּאַנונג אויף דעם דערשיינען פון בוך.



מנשה האלפערן — סאַן פּאַולאָ

# „מלכות" אין גלות

(מעמוארן)

יידן האָבן פארלוירן מלכות, אָנגעהויבן גלות, מיטגענומען די שבועה „אם אשכחך ירושלים", — פארגעסן די געהאַטע אינדעפּענדענץ, און גענומען אָנ־האלטן די דערינערונג דורך פארשידענע אופנים. מיין דור האָט נאָך אליין, ווי יידן גופא האָבן אָפּגעשאַצט, „געמאכט דעם אָנשטעל" פון מלכות...

א טראדיציאָנעלער ייד האָט אין דער סדר־נאכט גענומען אין האנט דעם „וואנדערשטאק", אויפן אקסל דעם „וואגל־זאק" און געמאכט א שפּאציר אי־בער דער שטוב צום „שפּאלטן דעם ים". אין דער שפּראך איז פארבליבן „קריעת ים־סוף" א פארגלייך צו דער שוועריקייט פון עקזיסטענץ — חיונה...

די עובדא פון „שפּאלטן דעם ים" איז געווען א סימבאָלישע, און ניט א פאנאטיזם... דער ייד איז געווען אלעמאָל בשעת די סדרים אינעם אימאזש אז „ער גופא איז געווען איינער פון די דערלייזטע פון גלות מצרים"...

שבועות, א באליבטער זומער־יום־טוב, האָט דערמאָנט אן די בכורים וואָס איז געווען א גאָר באזונדערע פייערונג פון דעם עובד אדמה. איצט ווערט דער יום־טוב געהאלטן יום־טוב, אין ישראל.

סוכות און די אייביקע סוכה אויך אין גלות אלס סימבאָל פון מדבר־וואנדער צו גאולה, און שופר, דער רוף פון־און־צו באפרייאונג. אפשר אויך דער מנהג פון טונקן די המוציא ראש השנה אין דבש (האניק) איז אן אָפּקלאנג פון דעם ליבן נאָמען וואָס דאָס יידישע לאנד האָט געטראָגן — „ארץ זבת חלב ודבש"...

דער איינגעפירטער יום־טוב אין גלות — „שמחת תורה", א צוגאב צו די סוכות־טעג, איז געווים געבונדן מיט דעם יידישן גלות־אָנזאָג: — „אל תשתכח תורה מישראל", זאָל ניט די תורה פארגעסן ווערן פון יידן...

דערמאנטער שופר־בלאָז איז געווען אן „אָנשטעל" פון רופן צום קאמף פאר דער מלוכה'ס זעלבסטשטענדיקייט. געווען אויך דער „היתקע שופר בעיר", א רוף פון טרעוואגע לגבי דעם יידישן קיום...

אזוי האָט מען געצונדן די ליכטלעך פון חנוכה (באנייאונגס-יום-טוב) און באשאפן די לעגענדע פונעם קריגעלע בוימל וואָס האָט געהאט ברענשטאָף פאר בלויז א טאָג און האָט געברענט גאנצע אכט טעג.

דאָס חנוכה-ליכטל האָט אויך דערמאָנט וועגן דער קראפט פון א קליינער מינדערהייט, די חשמונאים (מכבים) וואָס האָבן מיט דער גבורה פון פאטריאָטישן געפיל באזיגט די גריכישע ארמיי.

אונדזער הויז איז פאר אונדז געווען „מקדש", ווי דאָס איז נאָך היינט אויך ביים ענגלענדער. ער זאָגט אז „מיין הויז איז מיר דער טעמפל, מיין טיש דער אלטאר (מזבח) און מיין פרוי די געטין". אויך דער ענגלענדער פּראָטעסטאַנדירט צו טראָגן דעם נאָמען „ביבל-פאָלק". און אונדזער הויז איז באמת געווען די פעסטונג פון אייגנארטיקייט. אונדזער טיש איז געווען גאָר שטארק אָפּגעהיט אין טראדיציעס ווי פון דער מאמען אזוי פונעם טאטן. יעדער האָט געהאט זיין פלאץ, קינד נאָך קינד לויט דער עלטער. בלויז דאָס יונגסטע קינד, מוזינעקל, איז געזעסן נעבן פאָטער: — „א קינד מעג אלצדינג ווי א קיסר". עלטערן האָבן אין זייער שטוב „געפּראוועט" אן ארט מלכות. דעם טאטנס פלאץ האָט קיינער גיט געקאָנט באזעצן מחוץ פון דער מאמען און מיט איר דער יינגסטער, אלץ דער מוזינעק.

געווען ביים פארמעגלעכן יידן א באזונדערער צימער וואָס האָט דערמאָנט „מקדש", און ביים ארעמען יידן באָטש א ווינקל אזא וואָס האָט אָנגעטייט דעריף. אינעם באזונדערן צימער איז געשטאנען דאָס אלמערל כמו ארון-קודש, א שווארצער שרענקל מיט די רעליקוויעס אין אים: -- סדורים, מחזורים, מוסר ספרים, טלית-זאק מיטן זיידענעם גארטל צו שבת. אויך די שבת'דיקע יאר-מולקע, דער סאמעטענער, אָדער זיידענער קאשקעט, שטריימל, ביברנער מיצל, בשמים-הבדלה, קידוש-בעכער וכדומה. דאָרט אויך די שמירה-געלט פונעם רבין, אן אלטער טלית קטן פון א מיוחס אין דער משפחה, סגולה'ס צו קינדער-חולאתן, מאנדעלעך מיט אויסגעקרימטע פאסעקלעך איבער זיי צו רפואה פון היפער-פיבער, וכדומה. אין אזא אלמערל ביים ארעמערן יידן איז דער דאָזיקער סקארב געווען ארעמער, אָבער אויך געהאט א נישקשהדיקע קאָלעקציע. ביים נגיד א גרעסערער צוליב זילבערנע בענטשלייכטער, חנוכה-לאמפ פון זילבער און ענלעכע זאכן.

צום סדר, פסח, האָט דער באלעבאָס געהייסן מלך, די פרוי זיינע מלכה, די קינדער ביי די תלמידי חכמים בני מלכים, פרינצן. געווען געמאכט אנשטאט כסא מלוכה א היסב-בעט ווו דער פאָטער איז געזעסן „מלכותדיק", אויף א קישן, און אָנגעלענט (אָנגעשפּארט) אויף א צווייטן קישן.

אין דער „גרויסער שטוב" (גרעסערן צימער) איז אנטקעגן דעם באלעבאָס געהאנגען א „מזרח", אָפּט פון ירושלימער פאבריקאציע, און אויך געווען דער אומפארייטער קוואדראט אויף דער וואנד, א זכר לחורבן (בית המקדש).

אַנגעפּאַנגען עסן ביים טיש האָט „ער", דער טאַטע. נאָך אים איז דער ענין עסן געוואָרן פריי.

פריייטיק צו נאַכט איז דער טיש געווען, ווי נאָר מעגלעך, מלכותדיק. אַלץ דאָס שענסטע איז געשטאַנען אויפן טיש. דער מאַן איז פון שול אַריין אין שטוב מלכותדיק בכבודיק מיט זיינע יינגעלעך וואָס זיינען שוין געגאַנגען אין שול דאַווענען. עס האָט אַ מאַיעסטעטישן קלונג געטאָן דעם טאַטנס גוט שבת און גלייך נאָך דעם דער שלום עליכם צו די מלאכים וואָס האָבן, לויטן גלויבן, יעדן יידן באַגלייט פון שול אהיים.

די „פּאַוואַגע" פונעם שלום עליכם האָט באמת דערמאָנט דעם יידישן אויער אַ מלכותדיקן שטעל. די עקרת הבית אין ווינקעלע אַרום זיך מיט די קלענערע קינדערלעך און זייערע פּנימער האָבן געשיינט מיטן פרומען גלאַנץ פון שכינה. דער קידוש איז געזאָגט געווען מיט אַ רעטשיטאַטיוו וואָס האָט געהאַט דעם כאַראַקטער פון "כבוד שבת", די סעודה פון שבת-צו-נאַכט גערופן „מלוה מלכה", די אַרויסבאַגלייטונג פון דער „קיניגן"...

ביי די „טישן" שבת נאַכט און שבת דורכן טאָג האָט אַ טאַטע, כמעט יעדער טאַטע, פאַרהערט זיין חדר-יינגל, אַמוועניקסטנס אויסגעפרעגט ביי אים וואָס ער, דער יינגל, ווייסט וועגן דער סדרה און (ביי גמרא-יינגלעך) שיעור (לעקציע) אין גמרא.

צו ליכט-בענטשן שוין האָט די מאַמע געשיינט אין אירע נייעסטע בגדים, לכל הפחות די ריינסטע. געטראָגן האָט זי דערביי אַלע כלה-מתנה'ס פון תנאים אָן און ווייטער. דאָס יינגעלע, דער קלענסטער על פי רוב, האָט געפרעגט ביי דער מאַמען:

— מאַמעלע, צו וואָס בענטשסטו ליכט?...

— לכבוד שבת, מיין קינד, צו מאַכן „לימינאַציע" פאַר דער קיסרינע וואָס הייסט מלכה שבת. זי האָט געבראַכט צו אונדז אַלעמען די נשמה יתירה...

— מאַמע, צו וואָס טויג די נשמה יתירה?...

— צו קאָנען פילן דעם טעם פון שבת, שבת איז אַ קיסרינע, זי מוז האָבן אַן אַנדערע נשמה...

— מאַמעלע, מאַמעשי, ווען וועסטו זיין אַ קיסרינע?

— מירטשאַשעם פּסח, מיין קינד. צום סדר. פּסח פילט מען אויך אין זיך אַ נשמה יתירה...

דער יום-טוב חנוכה האָט פאַרמאָגט אַ סך מלכותדיקס אין זיך. חנוכה האָט מען „געקענט„ שפּילן אין קוויטלעך (אַ סאָרט אַמאָליקע קאָרטן), געבאַקן ביי מעגלעכקייט יעדן טאָג „לאַטקעס" און גערופן געסט דערצו. וועגן אַ פילמאָלי-קער לאַטקעס-גדולה האָט מען געזאָגט „ממש מלכותדיק". געוויייעט האָט דאָס — מיט דער קיסרישער מילדקייט. און שבועות זיינען אין רייכע הייזער די בלינציעס (מעלינציעס) געשוואומען אין פּוטער טאַקע נאָר ווי ביי אַ קיסר...

ביי די שמחה׳ס, ביי די חתונה׳ס, ביי פארשידענע אופנים פון שאצן ברייט־קייט, גליקלעכקייט, — אלץ מלכותדיק. „חתן דומה למלך״. שיין ווי א בת מלכה (פרינצעסן). אָנגעטאָן אין בגדי מלכות, אין אויסזען פון א קיסרינע, א פאַזאַגע פון א קיסר. נאָר פארן קיסר צו שטעלן. א מאכל פונעם קיסרס טיש אראָפּ...

אין גלות, אין ארעמקייט, אין חובות צו א חתונה, און בעטן ביי גאָט מחילה אויף זינד פונקט ווי ביי שמחה׳ס, רייך און ארעם, האָט מען ניט פארגעסן די שבועה „אם אשכחך, ירושלים״...

יידן האָבן צו די בוימער געגעבן יום־טוב, „לאילנות״, — ראש השנה; איז דאָס ניט א מלכותדיקער זשעסט?...

האָבן יידן אויך געגעבן דעם יום־טוב פורים א מתנה „מלכות־ברויטלעך״, געווייס צוליב דעם זשעסט פון אחשורוש, אָדער חשיבות פון דער געשעעניש ווען יידן האָבן באקומען די געלעגנהייט צו שלאָגן זייערע שונאים, די המנס, אנ־שטאט צו זיין געשלאָגן פון זיי...

מיר שפייען אוים ביי „עלינו״ אויף די געמאכטע געטער און ווינטשן זיך „לתקן עולם במלכות שדי״ — איינשטעלן א געטלעכע הערשונג פון יידישער הייבער מאָראל „ואהבת לרעך כמוך״, זאָלסט ליבן דעם צווייטן ווי זיך גופא...

און אין דער צייט פון הסידות האָבן מיר אָנגעהויבן רופן לאנג־דורותדיקע רבישאפט „דינאסטיע״...

צו לעצט א רעליגיעזער „אימאזש״ וועגן א ירושלים „דלמעלה״, אין הימל. האָבן מיר דאָך אונדזער ירושלים „דלמטה״, אויף דער ערד. מיר פארלירן זי ניט אויך דאן ווען זי ווערט אן אייגנטום פון פרעמדע. אונדזערע איז אזוי ארום געשיצט פון פארלוירן גיין.

א מעגלעכקייט פאר אזא זאָג האָט געקאָנט געבן דער מאמר חז״ל אז „יואָס עס געפינט זיך אויף דער ערד, געפינט זיך אויך אין ים״. למשל חיות, פלאנצן און אנדערע נאטור־פארמעגנס.

מיר קאָנען ניט פארלירן ירושלים, מיר האָבן זיך באוואָרנט מיט איר פר־צוף אויפן הימל, זאָל זיין א גייסטיקע ירושלים...

יידן לומדים אין מיין דור האָבן געהאלטן די ווערסיע פאר א באוואָרעניש אז מיר טיילן זיך קיינמאָל ניט אָפּ פון אונדזער ירושלימדיקן גייסטיקן צענ־טער.

עס בעט זיך דאָ די ווידערהאלונג פון אונדזער נאציאָנאלער שבועה — „זאָל די רעכטע האנט געליימט ווערן אויב איך וועל פארגעסן דיך, ירושלים״.



אליהו גראָם — ריאָ

# רות און אסתּר

צוויי ספרים פון תנ"ך טראָגן פרויען-נעמען: **רות און אסתּר.**

קלאָר אז די אנשי כנסת הגדולה, די רעדאקטאָרן פון די כתבי הקודש, האָבן דערמיט פראָקלאמירט „קאנאָנישע" עמאנציפאציע פון דער יידישער פרוי, רעזערווירנדיק פאר פרויען-העלדינס א בכבודיקן פלאץ אין דער ביבלי-שער עפּאָפּיי.

ווי מיט א כוונה האָבן די תנ"ך-רעדאקטאָרן אויסדערוויילט צוויי טיפּן פון העלדינס היפּוכדיקע אין כאראקטער, ראָל און אומשטענדן.

טעמפּעראמענט, סביבה, קולטור-גראַד, פּאָליטישע סטרוקטור — זיינען געווען לגמרי פארשידן ביי רות און ביי אסתּר.

רות איז געבוירן און אויפגעצויגן געוואָרן ביי א פרעמד פאָלק און ביי א פרעמדער רעליגיע.

אסתּר איז ארוים פון א היים פון יידישע גרויסע לייט.

רות טרעט אויף די קינדער-יאָרן פון דער יידישער היסטאָריע, „בימי שפט השופטים", כמעט אויף דער שוועל פון אונדזער געשיכטע, ווען דאָס פאָלק האָט אָנגעהויבן זיך אויסקריסטאליזירן און אויספארמירן זיין שטאַטס-פער-זענלעכקייט, אין סאמע פרילינג פון נאָר-וואָס דעראָבערטן פאָטערלאנד.

אסתרן איז אויסגעקומען אָפּצושפּילן איר ראָל אונטערן יאָך פון א פרעמ-דער הערשאפט, ווען די יהודים האָבן שוין געפילט דעם טעם פון גלות און פאר-פאָלגונגען און האָבן געמוזט ארויסקוקן אויף הויפישער אינטערווענץ און נושא חן זיין ביי א „גוטן גוי..." ניט מער ציונס פרילינג-מוט, נאָר טרערן פון עוולות-שלינגער.

רות האָט געזען א „יהודה שידו בעורף האויב", א זיגרייך-קעמפעריש יידיש פאָלק; אסתר האָט געלעבט, ווען געהאָלפן צו ווערן האָבן יידן געדארפט פאסטן תעניתים...

אין הסכם מיט די אומשטענדן פאָרמירט די געשיכטע די העלדן און העל-דינס.

אין עפּאָכעס פון טאַט קומען העלדן פון טאַט; אין עפּאָכעס פון ליידן דערשיינען העלדן פון הכנעהדיקייט.

רות איז א העלדין פון באשלוס, פון ווילן און טאַט; אסתר איז העלדין פון א שאַטנדיקן ליכט.

דער ראָמאַנטישער עלעמענט איז דער עצם פון ווייבלעכער העלדישקייט. באַצוויבערן א מאַן — איז העלדישקייט מצד אַ פרוי...

אָבער בלויז קענען באַצויבערן א מאַן איז א גענוג באַנאַלע דערשיינונג. עס קלעקט קוים פאַר א נאָוועלע אין א „מאַגאַזין"... זיכער ניט פאַר קיין העל־דין אין תנ"ך.

צו זיין א העלדין אין תנ"ך פאָדערט זיך נאָך עפּעס, חוץ פון „אייביק ווייבלעכן"...

רות האָט געהאַט דורשט צו גאָט.

ווען עס האָט זי געצויגן קיין יהודה, האָט זי ניט געוווּסט, אַז א גוט־באַ־זיצער וועט זיך אין איר פאַרליבן. איבריקנס, גוט־באַזיצערס האָבן זיך אויך געפונען אין איר אייגן פאָטערלאַנד, מואב.

אַן אידיי האָט רותן באַפליגלט. א געוויסע אומרואיקייט האָט געבושעוועט אין איר יונגן וועזן, און דאָס צו באַרואיקן האָט זי ניט געזען מעגלעך ווי גאָר אין יהודה.

די באַדערפעניש פון איר יונגן שיינעם קערפּער האָט זי געקענט דער־גרייכן אין איר פאָטערלאַנד; אָבער די באַדערפענישן פון איר פאַרבענקטער נשמה האָט זי ניט געקענט באַפרידיקן אין איר היים.

זי האָט געשפּירט, אַז די נשמה אירע איז פאַרבענקט צום גרויסן אוניווערס.

עפּעס האָט איר אינעווייניק שטיל געשעפּטשעט, אַז די מענטשלעכע עק־זיסטענין איז ניט אַזוי נישטיק און פאַרגענגלעך, ווי אירע ארומיקע האָבן דער־פון גערעדט.

דאַן האָט זי געהאַט פאַרגעפילן פון א היסטאָרישער ראָל...

אין איר צוזאַמענלעבן מיט דער פאַמיליע פון יהודה, אין וועלכער זי איז אריין אַלס פרוי און שנור, האָט זי געהערט פון א וועלט־גאָט, וואָס איז ניט צוגעבונדן צו קליינע גרענעצן פון א לאַנד. אויך האָט זי געהערט, אַז די יידישע רעליגיע פריידיקט אידייען וואָס רירן אָן אַלע מענטשן און פעלקער און זאָגט פאָרויס געשעענישן אויף ווייט־קומענדיקע צייטן.

ווי אַן אומפאַרלעשלעך פייער האָט זיך אין איר צעפלאַקערט דער פאַר־לאַנג צו האָבן א דירעקטן אָנטייל אין יענעם לעבן פון שפּעטער, אינעם סוד פון דער היסטאָריע.

זי האָט געוואָלט דערין זיין מיטבאטייליקט; באקומען א היסטאָרישע ראָל, ווערן א בירגערין אינעם געשיכטלעכן אין־סוף.

דאָס אלץ, האָט זי געפילט אינטואיטיוו, קען זי האָבן נאָר אין יהודה, וויי׳ל יענער גאָט איז אן אייביקער, אן אוניווערסאלער און יענץ פאָלק איז בארופן צו היסטאָרישע אויפטוען.

יעדער מענטש האָט א נשמה מיט א גוף. ביידע, די נשמה און דער גוף, האָבן נויטווענדיקייטן און מעגלעכקייטן.

דער פשוטער דורכשניט־מענטש פארנוצט די מעגלעכקייטן פון דער נשמה לטובת די נויטווענדיקייטן פון גוף.

דער איבערמענטש, דער העלד, דער געשיכטלעך־דערהויבענער, פארנוצט די מעגלעכקייטן פונעם גוף לטובת דער נשמה.

רות איז געווען אן איבערמענטש.

זי האָט געשטעלט איר לעבן, איר וועזן אין דינסט פון איר אידיי.

זי האָט געמאכט היסטאָריע.

זי איז אריבער קיין יהודה, פאראייניקט זיך מיט „הויה" און די משיח־אידיי האָט זיך פארקערפּערט אין דער פרוכט פון איר אינגעוויד.

ביי אסתרן, זעען מיר פארקערט, ווי נאָר פרעמדער ווילן דעצידירט איבער איר גורל. מרדכי האָט זי אויפגעצויגן, אים געהאָרכט זי... ואת מאמר מרדכי אסתר עושה...

שוין אין קעניגס פאלאץ, אינעם צוגרייטונגס־יאָר, ווייזט זי איר „שטעלונג נעמען" דורך פאסיוויטעט — „...לא בקשה דבר...", אין אסתר מגדת..."; זי האָט גאָר ניט געבעטן, גאָר ניט דערציילט... (דאָס דערקלערט זיך, אגב, אויך דערמיט, וואָס איר שליחות איז איר ווידערווילִיק און זי פירט זי אויס נאָר אויס צוואנג און ווי א קרבן פאר איר פאָלק).

ווען דער אנטשיידנדיקער מאָמענט קומט אָן, האָט זי מורא... זי האלט זיך ניט פאר דער, וועלכע די געשיכטע האָט באשטימט... „ואני לא נקראתי..." איך בין נישט גערופן...

שוין אפילו איבערנעמענדיק די מיסיע פון אינטערווענירן — באטראכט זי עס פאר פארלוירן...

„...וכאשר אבדתי — אבדתי..."

איך בין סייווי פארפאלן...

אָבער ווען די היסטאָריע באשטימט צו א העלדישער ראָל, דעם גיט זי אין דער ריכטיקער מינוט מוט, באשלוס־פעסטקייט און א זיכערע אריענ־טאציע.

אסתר האָט, ניט געקוקט אויף איר פאסיווער נאטור, געפונען דעם וועג.

זי האָט געוווּסט, אַז אַזאַ שוואַך־קעפּלדיקער נפש, ווי אחשורוש, קען גיך בייטן זיין מיינונג.

איז דער ערשטער שריט נאָכן ניצחון געווען גוט אויסגערעכנט: איבער־געבן מרדכין תיכף המנס פּאָסטן, אָדער ווי מען זאָגט היינט: באַזעצן דעם סטראַטעגישן שליסל־פּונקט. וואָרים אויב ניט האָבן די רעגירונגס מאַכט אין די הענט, קען אַ ליאַדע מינוט אַרויס אַ נייער דעקרעט, אַרויף אויף דער סצענע אַ נייער המן... אַ טאָג שפּעטער קען אחשורוש האָבן אַן אַנדערע קעניגין.

דאַן ערשט, ווען מרדכי האָט געהאַט די מאַכט אין דער האַנט, האָט געהאַט אַ זין צו אַנולירן דעם געפערלעכן דעקרעט.

דאָס אינטערעסאַנטע דערביי איז, וואָס אסתר, כאָטש אַ פּאָפּולערע קע־ניגין, האָט פאַרשטאַנען, אַז דער הויפּישער נצחון איז ניט דער געוווּנטשענער שכר פון איר לעבן און אַז פּערסיע וועט זי, אין בעסטן פאַל, שטעלן אין איין ריי מיט ושתין. פאַראייביקן איר נאָמען — האָט זי פאַרשטאַנען — קען זי נאָר ביי איר פאָלק, מיט דעם פאַרדינסט וואָס זי האָט איר אייגן פאָלק אַ טובה געטאָן. ביי יידן וועט זי פאַרבלייבן אין אסתר המלכה, אַ רעטערין.

האָט זי געלאָזט שרייבן און פאַרשרייבן, איין מאָל און אַ צווייט מאָל, אַז דער טאָג פון איר ישועה זאָל ביי די יידן פאַרבלייבן אויף אייביק.

„...ומאמר אסתר קים... ונכתב בספר...״

אסתרס ווּנטש האָט זיך פאַרווירקלעכט: זי איז געוואָרן פאַרשריבן אין **ספר, אין תנ״ך**. און אין דעם באַשטייט איר עיקר העלדישקייט.

מאָדערנע פאָרשער זעען אין די העלדן פון עפּאָכן די פאַרקערפּערונג פון נאַציאָנאַלן געניוס, פונעם רוח האומה.

לאָזט זיך דאָס אינטערפּרעטירן ביי פרויען־העלדינס?

די יידן ווערן סיי אין תנ״ך, סיי אין דער אגדה פאַרגעשטעלט, פּערזאָני־פיצירט, פעמיניסטיש: בת עמי, בת ציון, בתולת בת יהודה, כנסת ישראל, אַמאָל סימבאָליזירט די מוטער רחל די ליידנדיקע כנסת ישראל:

„קול ברמה נשמע,
„נהי בכי תמרורים,
„רחל מבכה על בניה...״
(ירמיה לא: יד)

אין די הויכקייטן הערט זיך אַ שטים,
אַ שלוכצן פון אַ ביטער געוויין, —
ס׳איז רחל די באַוויינערין פון איר שטאַם...

דער זוהר זעט אין רחלן די **שכינה תתאה**, די ערדישע געטלעכע מאַיעס־טעט... דאָס איז דער נאַציאָנאַלער געניוס אין מיסטישער אינטערפּרעטאַציע...

אין דעם זין צוריקגייענדיק צו אונדזערע העלדינס, רעפּרעזענטירט אסתּר דאָס גלות-יידנטום, וואָס אפילו אין העכסטן גלאַנץ, מיט א קרוין אויפן קאָפּ, איז זיין עקזיסטענץ אָפּהענגיק פון חסד...

רות סימבאָליזירט דעם שטרעבנדיקן און טאַט-קרעפטיקן, כאָטש טרוי־מערישן ישראל, וואָס פאַרווירקלעכט זיין גרויסע שליחות דורך ציון-בענקעניש און שטעלט זיך ניט אָפּ, ביז ער באזעצט זיך אין לאַנד, ווען אפילו ער מוז זיך באגניגן מיט געציילטע ביסנס, אבי צו זיין און לעבן אויף די פעלדער פון יהודה און צוגרייטן א דור פון כובשים און בונים.



עד. האָראָוויץ — ריאָ

# יידן אין בראַזיל — אַן אייגנאַרטיקער ישוב

יידן אין בראזיל, יידישע געשיכטע אין בראזיל אָדער אפילו יידישער ישוב אין בראזיל — זענען גאנץ געוויינלעכע באגריפן אין רעדן און שרייבן, אָבער גאָר נישט פשוטע זאכן צום באהאנדלען. איז עס ניט קיין וואונדער וואָס עס זענען נאָך ניט פאראן איבער די דאָזיקע ענינים קיין סובסטאנציעלע אָפּהאנדלונגען, ניט אין יידיש, ניט אין אנדערע שפראכן. די ווייניקע פרוּוון שוין געמאכטע אין דעם זין זענען ווייטער ניט געגאנגען ווי עס איז דערלויבט פאר אָנפאנגער און אמאטאָרן; עפּעס שלימותדיקס, עפּעס כוללדיקס — איז ערשט צו דערווארטן און, דאָס, ניט אין דער נאָענטער צוקונפט.

„יידן אין בראזיל” — איז אן ענין וואָס איז כולל עפּעס אזוינס וואָס האָט ניט זיין גלייכן אין דער געשיכטע פון יידן אין דער גאָרער וועלט, היסטאָריש גערעדט. דאָ האָבן מיר פאר זיך צו באטראכטן אן אמתן קאלעידאָסקאָפּ פון מענטשן און קאָלירן, א בבל פון שפראכן, אן אומאויפהערלעכן קומען און גיין, דערשיינען און פארשווינדן פון דער געשיכטלעכער סצענע. אָט דער מערקווירדיקער פענאָמען שיינט ניט צו זיין באהערשט פון וועלכער־ניט־איז באשטימטער אָרדענונג. אוודאי האָט עס תמיד געהאט צו טאָן מיט יידישער וואנדערונג, מיט יידישע גלגולים פון דרויסנדיקע, אויסערלעכע גורמים. אין דער זעלביקער צייט האָבן אויסערלעכע, מער ווי אינערלעכע סיבות, געבראכט צו דער אויסערגעוויינלעכער אומרעגלמעסיקייט אין דער עקזיסטענץ פון א יידישער באַפעלקערונג אויפן בראזיליאנער באָדן. ביז ניט לאנג, אמוועניקסטן, האָט מען איבער די טויערן פון בראזיל געמעגט מאכן אן איבערשריפט: „זייט געוואָרנט, עס איז א פארכישופטע לאנד אָן יידישן המשך!” ,

דעם צוקונפטיקן געשיכטע־שרייבער וועט נויטיק זיין צו אנטדעקן די אונטערעדישע שטראָמען וואָס לויפן געוויינלעך פארהיילן פונעם אויג פון געוויינלעכן באאבאכטער. ביז אהער איז דאָס שרייבן פון יידישער געשיכטע אין בראזיל נאָר מעגלעך געווען אין א פראגמענטארישער פאָרם, אין אָפּגעריסענע שטיקער און שטיקלעך, פונקט אזוי אומרעגלמעסיק ווי עס איז אויסגעפאלן.

און „יידישער ישוב אין בראזיל״? אויב רעדן וועגן א ישוב, איז עס — לאָמיר האָפן — א ישוב מיט א צוקונפט, אָבער אָן א פארגאנגענהייט. קיין יידישן ישוב, אין היסטאָריש־קולטורעלן זין, פארמאָגט נאָך ניט בראזיל.

ווי באקאנט האָט דאָס נאָרד־אמעריקאנער יידנטום געפייערט, פאַריקן יאָר, זיין 300־יאָריקן יובל. דאָס איז געשיכטע. האָט פאסירט, אז דער אָנהייב פון נאָרד־אמעריקאנער יידישן ישוב איז ענג פארבונדן מיט דער געשיכטע פון יידן אין בראזיל. 23 יידישע פליטים פון בראזיל האָבן מיט 300 יאָר צוריק, נאָכדעם ווי האָלאנד האָט פארלוירן די שלאכט צו די פּאָרטוגעזער ביי רעסיפע (פּער־נאמבוקאָ), זיך דערשלאָגן, מיט גרויסע שוועריקייטן, ביז דער האָלענדישער קאָלאָניע ניי־אמסטערדאם (היינט: ניו־יאָרק). זיי האָבן געלייגט דעם ווינקל־שטיין פון היינט־מיליאָניקן אמעריקאנער יידנטום, מיט זיי הויבט זיך אָן די 300־יאָריקע געשיכטע פונעם גרעסטן יידישן ישוב אין דער וועלט.

האָט דער באקאנטער „ראבאי״ און נאציאָנאלער עסקן דר. ישראל גאלד־שטיין, אין שייכות דערמיט, אונטערגענומען א רייזע איבער די עלטסטע קהילות אין צענטראל־און דרום־אמעריקע, כדי צוריקצושטעלן דעם וועג וואָס די ערשטע עמיגראנטן־פליטים פון נאָרד־בראזיל האָבן דורכגעמאכט בשעת זיי האָבן זיך געראטעוועט פון די פּאָרטוגעזישע טריומפאנטן. דער וועג „אויף צוריק״ האָט אים געבראכט קיין רעסיפע און קיין בעלעם. „אין בראזיל״ — האָט ער אנט־דעקט — איז דער איצטיקער ישוב א יונגער און האָט קיין שום גענעאלאָ־גישע פארבינדונג נישט מיט יענער קהילה וואָס איז דאָרט אמאָל אנטשטאנען״ ..

• •

און דאָך האָבן יידן געהאט א גרויסע שייכות צו דעם לאנד און צו דער גע־שיכטע פון לאנד אין אלע צייטן און אין אלע פאזן פון זיין אנטוויקלונג. עס איז, אמת, א מערקווירדיקע שייכות, אן אויסערגעוויינלעכע. עס האָט כמעט תמיד געהאט צו טאָן מיט יידן אָן דער געהעריקער פארבינדונג צווישן זיך און, אויב ריידן וועגן געשיכטע, איז די אָפטע, הגם ניט באשטענדיקע, אָנוועזנקייט פון יידן אין בראזיל, און זייער באטייליקונג אין דער אנטוויקלונג פונעם לאנד, — מער אן ענין פארן שטודיום פון דער געשיכטע פון בראזיל ווי פון דער אייגנט־לעכער געשיכטע פון יידן אין בראזיל. אין אנדערע ווערטער: א וויסנשאפט־לעך איפּריכטיקע פאָרשונג פון דער בראזיליאנער היסטאָריע, זינט דער אנטדע־קונג ביז היינטיקער צייט, וואָלט ארויסגעבראכט שטארק בולט די ראָלע וואָס יידן האָבן דאָ געשפּילט אין אלע צייטן און דעם חותם וואָס זיי האָבן אַרויפגע־לייגט אויף דעם דאָזיקן ריז פון דער צוקונפט.

אָנגעהויבן האָט זיך עס מיט די פּילמאָליקע אנטדעקונגען. ווי באקאנט, איז פּעדראָ אלוואַרעס קאבראל ניט געווען דער „איינציקער אנטדעקער״ פון דעם וואָס הייסט היינט בראזיל. זיין נאָמען איז מער א קאָנווענציאָנעלער. דער באקאנטער פּאָרטוגעזישער געלערנטער, אדמיראל גאגאָ קאָוטיניא, נעמט איצט אונטער א רייזע כדי אויסצופאָרשן דעם גאנג פון די אמאָליקע רייזנדיקע און

אנטדעקער פון בראזיל. אויב ער וועט נאָר זיין אויסגעהאלטן און אויפריכטיק אין זיין פאָרשונג, וועט ער פיל קענען אויפדעקן פון יידישן אינטערעס. צום באַדויערן, איז א גרויסער ספק צי ער וועט אָפּווייכן פונעם וועג פון די אנדערע פּאָרטוגעזישע פאָרשער, וועלכע האָבן געזוכט צו פארטושן די יידישע באַטייליקונג אין די אנטדעקונגען און אין דעם פּראָגרעס פון בראזיל.

א באקאנטער בראזיליאנער אנטיסעמיט האָט לעצטנס שטארק באדויערט וואָס די געשיכטע האָט גורם געווען דערצו אז דאָס לאנד זאָל אָנגערופן ווערן מיטן נאָמען „בראזיל", אנשטאט דעם אָריגינעלן עכט־פּאָרטוגעזישן נאָמען זיינעם „טעררא דא סאנטא קרוז" — און באשולדיקט אין דעם די יידן און זייער „שעדלעכע" ווירקונג... טאקע א שונא, אָבער ער אנערקענט דאָך דעם ווערט פון די יידן און זייער כח צו באווירקן די געשיכטע פון בראזיל אין אזא וויכטיקער אָנגעלעגנהייט ווי דער עצם נאָמען פון לאנד...

יעדנפאלס, איז עס קיין ספק ניט אז יידן האָבן פיל געהאט צו טאָן מיט דער אנטדעקונג פון בראזיל פאר־און בשעת־קאבראלס גוט־אויסגערעכנטער „אנטדעקונג"... און נאָכדעם?

די ערשטע האנדלס־פארבינדונגען מיטן קאָנטינענט זיינען געפירט געווען פון יידן. דאָס אמאָל־בארימטע האָלץ „פּאו בראזיל" איז באקענט געווען ווי „יידיש האָלץ". די ערשטע קולטורן פון צוקער־ראָר, אזוי גוט ווי די ערשטע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען אין לאנד זיינען געווען געמאכט אָדער אָנגעפירט, פון יידן. דער אמאָליקער „ארענדאטאָר" פון דער קרוין־קאָלאָניע, פערנאנדאָ דע נאָראָניא — זאָל אויך האָבן געווען א ייד.

גאנץ גלאט איז, נאטירלעך, דער פּראָגרעס פון די יידן אין בראזיל, ניט אָנגעגאנגען. מען האָט זיי געזוכט צו טרעפן און מען האָט היפּשלעך געשטערט...

שפּעטער זיינען געקומען די מלחמות, ווען אנדערע מאכטן פון יענער צייט האָבן געוואָלט אָפּנעמען ביי די פּאָרטוגעזער זייערע לייכט־דערוואָרבענע פּאָזיציעס. אין די דאָזיקע קאמפן האָבן יידן, נאטירלעך, געמוזט שפּילן אַ וויכטיקע ראָלע. די יידן האָט געלאָקט די מעגלעכקייט זיך צו באפרייען פון די ברוטאלע אינקוויזיטאָרן און זייערע באַשטענדיקע פארהוילענע אָדער אָפענע פארפאָלגונגען. עס איז זיי ניט געלונגען. זיי האָבן פארלוירן, און האָבן געמוזט אויסוואנדערן, אנטלויפן אָדער, אויף א שטילערן אופן, פארשווינדן פון דער היסטאָרישער ארענע פון בראזיל אלס ווירקענדיקער פאקטאָר, אלס יידן.

נייע עלעמענטן זיינען שפּעטער אָנגעקומען קיין בראזיל, אלס איינוואנדערער. זיי האָבן ניט געהאט קיין שייכות מיט די אויסגעוואנדערטע אָדער שטילגעבליבענע יידן. האָבן פאָרמירט קליינע גרופּן אלס יידן, אָדער האָבן געווירקט אין לאנד אלס יחידים — ניט אנערקענטע אלס יידן, זיך באטייליקנדיק אויף אן אינדיווידועלן אופן אין פּראָגרעס פון לאנד.

פון צייט-צו-צייט, פלעגט דאָך קומען צו דעם אויבערפלאַך דער שארית-הפליטה פון אַמאָליקן צאָלרייכן ווירקזאַמען יידנטום אין בראַזיל, דורך דער שנאה פון קאָנקורענטן אָדער סתם שונאי ישראל. דער לעצטער אויפברויז אין דעם דאָזיקן זין איז איינגעשטילט געוואָרן דורך דעם **מאַרקיז דע פּאָמבאַל**, דורך זיינעם א געלונגענעם דעקרעט (אין 1765, אויב מיר זיינען זיך ניט טועה), פאַרבאָטנדיק אויפצונעמען מסירות קעגן דער „שלעכטער אויפפירונג״ פון די אַזוי גערופענע „נייע קריסטן״, וועמענס צאָל איז נאָך געווען אַזוי גרויס און זייער איינפלוס אויף דער עקאָנאָמיע פון לאַנד אַזוי שטאַרק, ביז צום פּונקט ווען דאָס עקאָנאָמישע לעבן פון בראַזיל האָט געהאַלטן ביים אָפּשטעלן זיך צוליב דער אומרואיקייט וואָס די פאַרפאָלגונגען האָבן געשאַפן. נאָך דעם באַרימטן דעקרעט פון מאַרקיז דע פּאָמבאַל האָט די לאַגע זיך באַרואיקט. קענטיק אַז די מאַראַנען, אָדער זייערע אָפּשטאַמלינגע, שטאַרק מידע פון די פאַרפאָלגונגען, האָבן אויך גוט אויפגענומען דעם דאָזיקן דעקרעט און געלאָזט אויסגיין זייער ביסל יידישקייט, וואָס האָט זיי עפּעס אַנדערש ניט געבראַכט ווי „אומזיסטיקע״ יסורים...

אַזוי ראָט אויסגעזען די לאַגע אין בראַזיל ביים סוף פון 18-טן יאָרהונדערט און ווייטער. אויסגעלאָשענע יידישקייט. אַנאָנימע יידישע ווירקונג. אָנוועזנקייט פון יידן-יחידים און אָפּוועזנקייט פון געמיינדע-לעבן. אין 19-טן יאָרהונדערט, ספּעציעל אין זיין צווייטער העלפט. האָט די לאַגע גענומען זיך ענדערן.

צוערשט האָבן גענומען אָנקומען קיין בראַזיל, אין פאַרהעלטניסמעסיק גרעסערע צאָלן, מאַראָקאַנער יידן. זיי האָבן זיך באַזעצט הויפּטזעכלעך אין ווייטן צפון פון לאַנד, וווּ זיי האָבן אָנגעהויבן פירן, לויט זייער נוסח, א יידיש לעבן, האָבן געגרינדעט קליינע געמיינדעס מיט זייערע אַנטשפּרעכנדיקע פּרימיטיווע אינסטיטוציעס. זייער ווירקונג אין זייער סביבה, ספּעציעל אין די שטאַטן פון אַמאַזאָנאַס און פון פּאַראַ איז אָנערקענט געוואָרן אַלס פּאָזיטיווע אַפילו פון זייערע ניט-יידישע מיטבירגער. זיי האָבן אָבער גאָרנישט געהאַט צו טאָן מיט די יידישע עלעמענטן וואָס האָבן אין פריערדיקע צייטן באַזעצט די דאָזיקע געגנטן און זיינען לאַנג געווען פאַרשוווּנדן פון דעם אויבערפלאַך.

שפּעטער, שוין אָנפאַנג 20-סטן יאָרהונדערט, האָט דורך דער איניציאַטיוו פון באַראָן הירש זיך אָנגעהויבן די קאָלאָניזאַציע אויף באָדן פון מזרח-אייראָפּעאישע יידן אין דרום בראַזיל. אַלס רעזולטאַט פון דעם, האָבן אויך אָנגעהויבן זיך פאָרמירן קלענערע און גרעסערע יידישע שטאָטישע ישובים אין ריאָ גראַנדע דאָ סול.

אַזוי האָבן מיר געהאַט אַן אָנהייב פון צוריקשטעלן זיך פון קליינע יידישע באַפעלקערונגען אין בראַזיל, אין ביידע עקסטרעמען פון לאַנד, אין ווייטן צפון און אין ווייטן דרום, פון מאַראָקאַנער ספרדים פון איין זייט, און פון מזרח-אייראָפּעאישע יידן, פון דער אַנדערער זייט. סיי דאָ, סיי דאָרטן, אַזוי גוט ווי אין די צענטראַלע פּראָווינצן פון לאַנד זיינען געווען יידן-יחידים, פון פאַרשידענע אָפּשטאַמונגען, אָבער אָן א קענטיקן צוזאַמענבונד.

אזוי, צום ביישפיל, איז נאָך צום סוף פון פאַריקן יאָרהונדערט מעגלעך געווען צו טרעפן אין בראַזיל, הויפּטזעכלעך אין ריא דע זשאנייראָ און אין סאַן פּאולאָ, יידן פון דייטשלאַנד און פון ענגלאַנד, אלס פאַרטרעטער, אָדער פאַר־מיטלער פון אויסלענדישע אונטערנעמונגען אָדער געשעפטן, פון וועלכע א טייל, הויפּטזעכלעך פון עלזאַסט־לאָטארינגען, האָט זיך גענומען עטאַבלירן אויף איי־גענעם חשבון, האָט אָנגעהויבן דאָ זיך איינבירגערן.

כמעט אין דער זעלביקער צייט האָט גענומען פליסן אין די זעלביקע צענ־טראַלע פּונקטן פון לאַנד א מער קענטיקער עלעמענט פון ספרדים, אויסוואנדע־רער פון נאָענטן מזרח, פון סיריע און לבנון, טערקיי און גריכנלאַנד. נאָך זיי האָט נאָכגעפאָלגט א קלענערער עולם פון ארץ־ישראל־יידן, ספרדים און אשכנזים. און אחרון־אחרון, אין די ערשטע צענדליקער יאָרן פון איצטיקן יאָרהונדערט האָבן דאָ גענומען זיך באַווייזן, אין פעדעראַלן דיסטריקט און אומגעגנט, און אין די שטאַטן פון סאַן פּאולאָ און מינאַס־זשעראַיס, איינוואַנדערער פון בעסאַראַביע ליטע און פוילן.

אָט די פאַרשידנאַרטיקע און פאַרשידנשפּראַכיקע יידישע עלעמענטן, וואָס האָבן פון די אמאָליקע בראַזיליאַנער יידן גאָרנישט געוווּסט און פון זייער היס־טאָריע כמעט גאָרנישט געהערט — זיי איז באַשערט געווען צו פאַרנעמען פּאָ־זיציעס אין צענטער פון לאַנד, מיט קלענערע אויסשטראַלונגען אין נאָענטן צפון און נאָענטן דרום — און שליסן די קייט פון יידישע קליינע און צעשפּרייטע ישו־בים איבערן גאַנצן לאַנד, אין א פאָרם פון א כמעט סימבאָלישער באַזעצונג... צעשפּרייט, אין כאַאָטישן צושטאַנד, אָן א געמיינזאַמער שפּראַך, און אָן פּלאַני־רונג, האָט זיך געשאַפן אין אומגעהויער גרויסן בראַזיל — ביז צום סוף פון דער ערשטער וועלט מלחמה — אן אנטוואָרף פון א גרויסן, צוקונפטס־מעגלעכן יידי־שן ישוב, וואָס זאָל צוריקשטעלן די אַלטע שייכות פון יידן, אלס אנטדעקער, קאָלאָ־ניזאַטאָרן, אונטערנעמער און בויער, צום צוקונפטס־רייכן בראַזיל. אזוי איז גע־שאַפן געוואָרן די באַזע פון דער צוקונפטיקער גרעסערער יידישער איינוואַנדע־רונג אין לאַנד אין דער צווישנצייט פון ביידע וועלט־מלחמות.

היטלערס דערשיינען אלס ווירקנדיקע געפאַר פאַר דער וועלט און פאַר די יידן, איז געווען, ווי באַקאַנט, א דעציזירנדיקער פאַקטאָר אין יידישער אויס־וואַנדערונג פון אייראָפּע, און איינס פון די ווייניקע לענדער וווהין יידן פּליטים האָבן דעמאָלט געקענט לויפן איז געווען בראַזיל. לעגאַל אָדער ניט, יידן זיינען געפאָרן, ביסלעכווייז אָבער באַשטענדיק, פון דייטשלאַנד, פון עסטרייך און פון גאַנץ אייראָפּע.

די שוין אָרגאַניזירטע יידישע געזעלשאַפט אין לאַנד, מיט דער מיטהילף פון אויסלענדישע יידישע אָרגאַניזאַציעס, האָט פאַרשטאַנען זיך צו שטעלן אויף דער געהעריקער הויך פון דעם מאָמענט און האָט געמאַכט די מעגלעכע אָנ־שטרענגונגען דעם אימיגראַציע־שטראָם טיילווייז צו באַהערשן און קאָנטראָלירן. אין דער דאָזיקער הינזיכט, האָבן די יידן אין בראַזיל זיך אליין געפונען ווי א

שוין אנטשטאנענער ישוב וואָס פארמאָגט באַוווּסטזיין, איניציאַטיוו און אָרגאַניזאַציע. און דאָס איז אמת אויך אַזוי ווייט, אז דער שנעלער צופלוס פון אימיגראנטן האָט ניט באַוויזן צו צעשטערן די פון־פריער־געשאַפענע באַזע פאר א מער־אָדער ווייניקער יידישער געמיינשאַפט אין לאנד.

נאַטירלעך, אַזוי גלאַט איז עס ניט אָפּגעגאַנגען. קיין שוועריקייטן האָבן ניט געפעלט. ניט קיין אינערלעכע, ניט קיין אויסערלעכע. געווען אָבער מאָמענטן ווען די צענדליקער טויזנטער יידן פון אַלערליי אָפּשטאַמונגען, טראַדיציעס און שפּראַכן האָבן זיך געזען פאַראייניקט דורך געמיינזאַמער געפאַר. די האַנט פון נאַצי־פאַשיזם האָט דערגרייכט די ברעגעס פונעם ווייטן בראַזיל, און איר פויסט האָט אָפּטמאָל געדראָט די יידן וואָס האָבן זיך דאָ געפונען אָדער האָבן דאָ געפונען א מקום מקלט. עס זיינען געווען ערנסטע מאָמענטן, ווען היגע פּאָליטישע קרייזן און רעגירונגס־עלעמענטן זיינען באַווירקט געוואָרן פון אויסלענדישע יידישע שונאים. בפּעציעל אין די צייטן פון אָפענער אָדער פאַרדעקטער נאָכאַמונג פון נאַצי־פאַשיסטישער דיקטאַטור. גליקלעכערווייז, האָבן געוויסע גינסטיקע אומשטענדן, דירעקטע און אומדירעקטע פּאָליטישע אָנשטרענגונגען און דער פּערזענלעכער כאַראַקטער פונעם „דיקטאַטאָר" וואַרגאַס, אויסגעמיטן אָדער מבטל געמאַכט די דראָענדיקע גזירות...



ס'איז באמת ניט לייכט ארומצונעמען דעם כלל יידן אין בראַזיל און זיי צו דעפינירן ווי אַזעלכן. לאַ־די וואָס די לעצטע איינוואַנדערונגען אין לאַנד זיינען ניט געווען קיין פּלאַנמעסיקע, זיינען זיי אויך ניט געווען פון איינהייטלעכער נאַטור, לויט די אייסוואַנדערונגס־פּונקטן, שפּראַך און טראַדיציעס. עס האָבן אָבער ניט געפעלט קיין אָנשטרענגונגען און קיין איניציאַטיוון צו געפינען א צד־השוה וואָס זאָל פון דער דאָזיקער פארשידנאַרטיקייט שאַפן אן איינהייט.

א ביסל דער יידישער געפיל אליין, וואָס שטויסט צו סאָלידאַריטעט, א ביסל יידיש־רעליגיעזע טראַדיציעס און פאַרשידענע פרוון צו פאַראייניקונג און אָרגאַניזאַציע דורך יידיש־נאַציאָנאַלער טעטיקייט, האָבן אויסגעאַיבט א געוויסע ווירקונג פאַר דער פאַרבינדונג פון אַלעמען אין איין כלל, אין יידישן כלל פון בראַזיל.

מזרח־אייראָפּעאישע יידן אויף זייער שטייגער — נאָכפאָלגנדיק די קולטור־טראַדיציעס וואָס זיי האָבן מיט זיך געבראַכט פון די אַלטע היימען, אין נאַציאָנאַלן אָדער רעליגיעזן זין. צענטראַל־אייראָפּעאישע איינוואַנדערער האָבן זיך געפונען זייער יידישן וועג. מאַראָקאַנער, אַראַבישע און אָריענטאַלישע עלעמענטן, האָבן אויך יעדער פאַר זיך געזוכט זיין יידישן פאַראייניקונגס־פּונקט. די יידישע לאַגע אין דער וועלט, די אויסראָטונג פון מיליאָנען יידן אין אייראָפּע, האָט אויסגעאַיבט א גרויסן פאַראייניקונגס־דרוק אויף אַלעמען. גאָר א גרויסע

ווירקונג האָט געהאַט אויף דער פאראייניקונג פון אלע יידישע עלעמענטן אין לאנד די ציוניסטישע טעטיקייט און די שליחים וואָס האָבן פאר לאנגע יאָרן, פון באלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה אָן, באַרייזט דאָס גאנצע לאנד, פון ברעג־צו־ברעג, און געוועקט דעם יידישן באוווסטזיין, די יידישע נאַציאָנאַלע סאָלידאַריטעט.

אינצווישן, האָבן די פארשידענע אנדערע יידישע אָרגאניזאציעס געטאָן זייער ארבעט, די ארבעט פון פאראייניקן אלע פאראנענע גרופן אין איין קער־פּערשאַפט. פיל איז געטאָן געוואָרן אויף דעם געביט דורך דעם אמאָליקן צענ־טער פאר די מלחמה־געליטענע מיט דער מיטווירקונג פון דעם יידישן וועלט־קאָנגרעס, וואָס האָבן פאר א געוויסער צייט אויך ארומגענומען די ציוניסטישע טעטיקייט אין לאנד.

די גרעסטע ווירקונג האָט, נאַטירלעך, געהאַט די אנטשטייאונג פון מדינת ישראל. די דאָזיקע היסטאָרישע געשעעניש און די פּראָבלעמען וואָס זי האָט גע־בראכט מיט זיך, האָבן ווי עלעקטרישע אימפּולסן באַהערשט דעם גאנצן שטח פון ישוב, כמעט ניט אויסלאָזנדיק קיינעם פון די פאראנענע גרופן מער אָדער אפילו ווייניקער באוווסטזיניקע אין יידיש־נאַציאָנאַלן געדאַנק.

די באזונדערקייט פון די פארשידענע גרופּירונגען און אָפּטמאָל, די פּאסיווע רעזיסטענץ צו פאראייניקונגען און אָרגאניזאציע, האָבן דערוויל ניט דערמעג־לעכט די פארווירקלעכונג פונעם אחדות אידעאל. וויפיל פרווון עס זיינען ניט גע־מאכט געוואָרן אויף דעם געביט, זיינען זיי ניט פולשטענדיק געלונגען. אויך דער לעצטער פרווו. מיט אלע זיינע אָנשטרענגונגען צו שאפן ארטיקע פעדע־ראציעס, אָדער פעדעראציעס פון יידישע אינסטיטוציעס, און זייער דאך־אָרגאניזאציע, די קאָנפעדעראציע, זיינען נאָך ניט ארויס פון כלל פרווון. פיל מאָל איז די טוער און קעמפער פארן דאָזיקן געדאנק געקומען אין זכרון דער אלטער אויסדרוק „אם ה׳ לא יבנה בית שוא עמלו בוניו בו”...



די איצטיקע יידישע באפעלקערונג איז טאקע א נייע, אָבער יידן אין בראַ־זיל זיינען ניט קיין נייעס, זייער אָנוועזנהייט אין לאנד איז א באשטענדיקע דערשיינונג פון קדמונים אָן. עס פעלט נאָר דער צוזאמענהאנג וואָס כאראקטע־ריזירט היסטאָריש־קולטורעל יעדן אנערקענטן יידישן ישוב. עס איז אן אייגנ־ארטיקער ישוב.



נעלסאָן וויינער

# אַנטאָניאָ זשאָזע דאַ סילוואַ, דער ייד

1 ווען מיר באַרירן דאָס טראַגישע לעבן פון דעם בראַזיליאַנער פּאָעט אַנטאָ־ניאָ זשאָזע דאַ סילוואַ, וואָס האָט במשך פון זיינע 34 יאָר עקזיסטענץ געלעבט ווי א קריסט און איז דורך דער בלוטיקער אינקוויזיציע לעבעדיקערהייט פאַרברענט געוואָרן אלס ייד, אין פּאָרטוגאַל, שטעלט זיך פאר אונדז די פראַגע: איז טאַקע אַנטאָניאָ זשאָזע דאַ סילוואַ געווען א ייד?

די דאָזיקע פראַגע גייט פּאַראַלעל מיט אַנדערע צוויי, וואָס ווערן געשטעלט פון פּאָרטוגעזישע און בראַזיליאַנער היסטאָריקער אָדער שרייבער, בעת זיי שטודירן דאָס לעבן און שאַפן פון דעם אומגליקלעכן פּאָעט און טעאַטראָלאָג: איז אַנטאָניאָ זשאָזע דאַ סילוואַ געווען א בראַזיליאַנער דיכטער? צי דאַרף ער פאַררעכנט ווערן אלס פּאָרטוגעזישער שרייבער?

דער בראַזיליאַנער ליטעראַטור־קריטיקער סילוויאָ ראָמעראָ, אין זיין מאָ־נומענטאַל ווערק „געשיכטע פון דער בראַזיליאַנער ליטעראַטור", פרעגט: „דאַרף אַנטאָניאָ זשאָזע דאַ סילוואַ פיגורירן אין דער בראַזיליאַנער געשיכטע? איך גלויב אַז יאָ, צוליב דריי מאָטיוון: זיין געבורט, זיינע עלטערן וואָס אויך זיי זיינען שוין געבוירן געוואָרן אין ריאָ דע זשאַניירא, און דער תמצית פון זיין ליריק, וואָס איז א בראַזיליאַנער".

דער פּאָרטוגעזישער שרייבער מענדעס דאָס רעמעדיאָס, ווידער, אין זיין „געשיכטע פון דער פּאָרטוגעזישער ליטעראַטור", באַמערקט: „הגם אַנטאָניאָ זשאָזע דאַ סילוואַ איז געבוירן געוואָרן אין בראַזיל, איז ער דאָך איינער פון אונדזערע נאַציאָנאַלע פּאָעטן".

און היות מיר, יידן, האָבן ניט קיין פּאָזיטיווע דאָקומענטן אָדער ידיעות וועגן א דירעקטן שייכות פון אַנטאָניאָ זשאָזע דא סילוואַ מיטן יידנטום פון זיין תקופה, קומען מיר צו דער דילעמע: פאַר בראַזיל, איז ער געווען א בראַזיליאַנער, פאַר פּאָרטוגאַל א פּאָרטוגעזער; פאַר אונדז, יידן אָבער, איז ער א ייד געווען? פאַרן טריבונאַל פון דער „הייליקער" אינקוויזיציע איז אַנטאָניאָ זשאָזע דא סילוואַ געווען א ייד — אלס ייד האָט מען אים געמשפּט, אלס ייד האָט מען אים פאַראורטיילט, אלס ייד איז ער לעבעדיקערהייט פאַרברענט געוואָרן.

עס וואָלט אודאי כדאַי געווען צו געבן דאָ א רעזומע פון די דראַמאַטישע ווערק פון אנטאָניאָ זשאָזע דא סילוואַ, וועלכע האָבן אויסגעשפּילט אין זייער תקופה א וויכטיקע פונקציע אין פּאָרטוגאַל, אָדער אויפן איבערישן האַלב־אינדזל, בכלל און דאָ איז צו יענער צייט געווען א וויכטיקער פּונקט פון אייראָפּע, — כדי צו געבן א גענוי בילד פון זיין ליטעראַרישער, אָדער גייסטי־קער פּערזענלעכקייט. א רעזומע איז, אָבער, אין דעם פאַל ניט גענוג. זי וואָלט געדאַרפט באַגלייט ווערן פון מערערע ציטאַטן, און אפילו אָן אזעלכע, וואָלט דאָס געדאַרפט פאַרנעמען, לפּחות, א צענפאַכיק גרעסער פּלאַץ. אזא אַרבעט איז, אָן ספק, נויטיק, און ערגעץ קען זי ניט געמאַכט ווערן, סיידן דאָ, אין בראַזיל. זי דאַרף, אָבער, וואַרטן אויף א צווייטער געלעגנהייט, כדי צו זיין אַלץ־אַרומנעמענדיק און דערשעפּנדיק. דערווייל וועט זיין גענוג צו פאַרצייכענען דעם טראַגישן פּראָצעס פון זיין קורצן שעפערישן לעבן, פון וועלכן עס איז צו זען, אַז די אינקוויזיציע האָט אין זיין פּערזאָן פאַרצערט ניט בלויז אַן אויס־באַהאַלטענעם ייִד, ניט בלויז אירן א מוטיקן — הגם אַלעגאָריש־מאַסקירטן־באַקעמפער, נאָר אויך א גרויסן טאַלאַנט אין סאַמע אָנהייב פון זיין פונאַנדערבלי, א גרויס וואָרט פון יענער צייט, וואָס האָט ערשט געזאָלט געזאָגט ווערן.

הײַנט, ווידער, עס איז שווער צו געבן א באַלדיקע קאַטעגאָרישע תשובה אויף דער איבערגעבראַכטער פראַגע, וועלן מיר געבן פריער דאָס וואָרט די געשיכטלעכע פאַקטן, וועלכע צייכענען דעם עניגמאַטישן פּרצוף פון דעם מאַרטירער, פּונקט ווי עניגמאַטיש עס איז געווען און עס האָט געמוזט זיין דער פּרצוף פון אַלע אנוסים, וועלכע האָבן געלעבט א צווייאיק לעבן.

צום שבח פונעם מאַרטירער דאַרף, אָבער, געזאָגט ווערן, אַז ער איז געווען דיכטעריש־געוואַגט, ווי קיינער ניט אין זיין צייט, און אַז ער האָט „זיך געשפּילט מיטן פייער”, וואָס האָט אים פאַרברענט. זיין שליחות, ווי אַן „אנוס” איז געווען ניט בלויז צו אויסבאַהאַלטן זיין ייִדישקייט, נאָר אויך צו זוכן רעדוצירן, ווי ווייט מעגלעך, אָדער עלימינירן, די שוואַרצע מאַכט פון דער אינקוויזיציע, און אין דינסט פון דער דאָזיקער שליחות איז ער אומגעקומען. ווען ער זאָל געווען בייגן דעם קאָפּ פאַר דער הערשנדיקער מאַכט און ניט בלויז ניט פּראַקטיצירן ייִדישקייט בסתר, נאָר אויך חנפ'ענען די דאָזיקע מאַכט אין זיינע טעאַטער־שטיק, אָדער לפּחות זי אויסלאָזן פונעם אויג, ווי עס טוען עס די אָנהענגער פון „קונסט לשם קונסט”, וואָלט ער געווען אויסגעמיטן דעם טראַגישן אומקום. אָט דאָ באַשטייט די גרויסקייט פון זיין דראַמאַטורגישער אַרבעט, אומאָפּהענגיק פון איר קינסטלערישן פאַרנעם. א שליחותדיקע אַרבעט, אין וועלכער פאַרב עס זאָל ניט זיין, איז עפּעס מער ווי קונסט סתם.

2 אנטאָניאָ זשאָזע דאַ סילוואַ איז געבוירן געוואָרן דעם 8־טן מאַי 1705, אין ריאָ דע זשאַנײַראָ. זיינע עלטערן — אַדוואָקאַט מענדעס דא סילווא און דאָנאַ לאָורענסאָ קאָטיניאָ — האָבן געשטאַמט פון ייִדן, אָבער לעגאַל זיינען זיי געווען קריסטן.

אין 1713, האָט מען חושד געווען דאַנא לאָורענסאַ אין „יידישקייט” און זי גע׳מסרט צום טריבונאל פון דער אינקוויזיציע אין פּאָרטוגאל. אין יענער צייט, איז געווען קעניג אין פּאָרטוגאל דאָן זשאָן דער 6־טער, וועלכער האָט אין אַ ספּעציעלן באפעל פאר בראזיל געפאָדערט ארויסצושיקן קיין פּאָרטוגאל אלע „העבראיזאנטעס” און זיי איבערגעבן דעם טריבונאל פון דער אינקוויזיציע.

נאָך א שטרענגער אויספאָרשונג, ביי וועלכער דאָנא לאָורענסאָ איז שטארק געפייניקט געוואָרן, האָט מען זי ענדלעך באפרייט, ווייל ס׳זענען ניט געווען קיין פּאָזיטיווע באווייזן קעגן איר. די פאמיליע סילווא האָט זיך באזעצט אין ליסאבאָן, וווּ דר. מענדעס האָט געעפנט א ביוראָ פון אדוואָקאטור. הגם זי האָט געלעבט אין פרייהייט, האָט דאָך די אינקוויזיציע ניט אראָפּגענומען דאָס אויג פון איר.

**3** די ערשטע יאָרן אין ליסאבאָן, האָט דאָס ייִנגעלע אנטאָניאָ זשאָזע געלערנט אין דער היים, און זיין לערער און דערציער איז געווען דער גלח לאָורענסאָ פינטאָ. פון קינדערווייז אָן האָט ער ארויסגעוויזן גרויס קלוגשאפט און א פּאָעטישע נטיה. אויף דער עצה פון גלח פינטאָ, האָבן די עלטערן געשיקט דעם יונגן אנטאָניאָ קיין קאָאימבראַ, וווּ ער איז אריינגעטראָטן אין אוניווערסיטעט.

אין 1726 ווען אנטאָניאָ זשאָזע איז אלט געוואָרן 26 יאָר, האָט ער געענדיקט דעם יורידישן קורס און אלס אדוואָקאט זיך אומגעקערט קיין ליסאבאָן, וווּ ער האָט באלד אָנגעהויבן ארבעטן צוזאמען מיט זיין פאָטער. ער איז דאן שוין באקאנט געווען אלס טאלאנטפולער פּאָעט און געהאט גוטע אָנגעזעענע פריינט אין די הויכע ספערן פון דער ליסאבאָנער געזעלשאפט. ער האָט קיינמאָל ניט געקענט פארגעסן אז זיין מוטער איז געפייניקט געוואָרן אין קערקער פון דער אינקוויזיציע און, צווישן זיינע אינטימע פריינט, האָט ער זיך ניט געהיט ארויסצווייזן זיין שנאה קעגן דעם בלוטיקן טריבונאל. איז מען זיך משער אז דורך אן אומפארזיכטיקן אויסדרוק, וואָס איז דערגאנגען צו דער אינקוויזיציע, איז געפאלן אויף אים דער שאָטן פון דער גרויזאמער אינסטיטוציע.

דעם 8־טן אויגוסט פון זעלבן יאָר, איז אנטאָניאָ זשאָזע ארעסטירט געוואָרן צום ערשטן מאָל. באשולדיקט אין „זשודאיזם”, האָט ער קאטעגאָריש דערקלערט אז ער האָט ניט קיין שום רעליגיע. מ׳האָט אים אָבער אזוי שרעקלעך געפייניקט אז, כדי זיך צו ראטעווען פון זיינע הענקערס הענט, איז ער זיך מודה געווען אלס ייד. האָט אויסגעגעבן אייניקע פון זיינע פריינט אלס יידן און מסכים געווען זיך אָפּצוזאָגן פונעם יידישן גלויבן! ער האָט געדארפט אָפיציעל זיך „אָפּזאָגן” פונעם יידישן גלויבן. ס׳איז צוגעגרייט געוואָרן א ספּעציעלער אויטאָדא־פע, צו וועלכן ער איז געקומען באָרוועס, מיט אן אָפּגעראזירטן קאָפּ, אין גראָטעסקע קליידער פון א „כופר”. ער איז געגאנגען צווישן צוויי גלחים,

אונטער א גרויסן קרוציפיקס, וואָס צוויי לאַקייען פון דער אינקוויזיציע האָבן געטראָגן איבער זיין קאָפּ. און נאָך א לאַנגער און פיינלעכער צערעמאָניע, איז ער ענדלעך באַפרייט געוואָרן.

שטענדיק יאָר צייט האָט אַנטאָניאָ זשאָזע געלעבט אין רעלאַטיווער רו, אָבער שטענדיק אונטערן אויג פון דער אינקוויזיציע. אין 1731, האָט ער חתונה געהאַט מיט לעאָנאָר מאַריאַ דע קאַרוואַליאָ, וואָס האָט געשטאַמט פון יידן, און וואָס איז אַרויס פון אַן אויטאָ־דאַ־פע אין וואַלאַדאָליד (שפּאַניע), ווו זי האָט גע־בעטן מחילה פאַר איר „יידישע זינד" און געשוווירן צו זיין אַן ערלעכע קאַ־טויילישע פרוי ביזן טויט. פאַרשטייט זיך אַז די חתונה מיט דער „זשודיאַ" איז געווען נאָך איין דעמאָנסטראַציע פון אַנטאָניאָ זשאָזעס „יידישקייט" און זיינע שונאים האָבן דאָס גענומען אין אַכט...

4 אין יענער צייט, האָבן צוויי שטאַרקע בינע־קאָנקורענטן פאַרנומען דעם אויבנאָן אין פּאָרטוגאַל און געטריבן צו אונטערגאַנג דעם פּאָרטוגעזישן טעאַטער. די צוויי קאָנקורענטן זיינען געווען די איטאַליענישע אָפּערע און די שפּאַנישע קאָמעדיע.

פאַר דער אַריסטאָקראַטיע און פאַר די רייכע פּאָרטוגעזער, איז געווען אַלצ־איינס צי דער נאַציאָנאַלער טעאַטער זאָל פּראָגרעסירן אָדער אינגאַנצן אונ־טערגיין. זיי האָבן זיך געקענט פאַרגינען דעם לוקסוס צו זען די איטאַליענישע אָפּערע און דעם שפּאַנישן קליין־קונסט טעאַטער. ווער ס'איז אָבער יאָ שטאַרק געטראָפן געוואָרן פון די צוויי דערמאָנטע קאָנקורענטן, איז עס געווען דאָס פאָלק. אין דער צייט וואָס די אדל־לייט און די גבירים האָבן אָפּלאָדירט די אויס־לענדישע אַרטיסטן, זענען די פאָלקס־טעאַטערס געשטאַנען ליידיק.

און ווען דאָס פּאָרטוגעזישע פאָלק האָט שוין געהאַט פאַרלוירן כמעט זיין גאַנצע האָפענונג אין דער אויפלעבונג פון נאַציאָנאַלן טעאַטער, איז פּשוט גע־שען א נס, וואָס האָט ווי דורך א מאַגיש שטעקעלע געענדערט די גאַנצע לאַגע פון פּאָרטוגעזישן טעאַטער, וועלכעס איז אויפגעהויבן געוואָרן פון שפלות צו גרויסקייט און שטאַלץ. דאָס אַלין האָט מען געהאַט צו פאַרדאַנקען דעם יונגן פּאָעט אַנטאָניאָ זשאָזע דאַ סילוואַ, וואָס איז געווען באַקאַנט מיטן צונאָמען „דער ייד".

דעם 14־טן אָקטאָבער, 1733, האָט מען צום ערשטן מאָל פאָרגעשטעלט זיין פּיעסע „די געשיכטע פון גרויסן דאָן קיכאָט און פון דיקן סאַנשאָ פּאַנסאַ" — אַ גלענצנדע פּאַראָדיע, געשריבן פאַרן געשמאַק פונעם פאָלק, פול מיט פאָלקס־ווערטלעך און ווייצן פון יענער צייט. די דאָזיקע פּיעסע האָט דערגרייכט א קאָ־לאָסאַלן דערפאָלג. דאָס איז געווען א גליק פאַרן פּאָרטוגעזישן טעאַטער, וואָס האָט זיך אויפגעכאַפּט ווי פון א לעטאַרגישן שלאָף. דער גרויסער דערפאָלג איז, צום אומגליק פונעם אויטאָר, אויך געווען דער ערשטער שריט אויף זיין וועג צום שייטער־הויפן...

אין 4 יאָר צייט האָט אנטאָניאָ זשאָזע דאַ סילוואַ אָנגעשריבן 8 קאָמעדיעס און עטלעכע אָפּערעס, וואָס האָבן ארויסגערופן פרייד און באגייסטערונג ביים פאָלק. אין 1734 איז זיין צווייטער גרויסער דערפאָלג געווען די קאָמעדיע „עזאָ־פּייאידע" (דאָס לעבן פון בארימטן גריכישן פאבוליסט עזאָפּ), ווידער א וווּנ־דערבארע פּאראָדיע, אין וועלכער ער האָט אלס אויסגעצייכנטער סאטיריקער געטראָפן ביזן ריף אריין די עקלעזיאסטישע טעזעס. דערנאָך איז געקומען זיין ריזיקער דערפאָלג מיט דער פארשטעלונג פון „מעדעא'ס חן" און שפּעטער „דער לאבירינט פון קרעטאַ", „אלעקרינ'ס מלחמה" און זיין לעצטע פּיעסע „דער אמפיטריאָן".

ווי מיר זעען, האָט אנטאָניאָ זשאָזע דא סילוואַ אויסגענוצט מיטאָלאָגישע העלדן און טעמעס און זיי פארוואנדלט אין פּאראָדיעס, אין וועלכע ער האָט אויף א מייסטערהאפטן אופן רידיקולאריזירט די אריסטאָקראטן, די פוילע געזעל־שאפט פון יענער צייט, אינסטיטוציעס, גלויבנס, אבערגלויבנס א. א. וו. דאָס פאָלק האָט געגעסן זיין טעאטער מיט ברויט, האָט שטורמיש אפּלאָדירט די ווערק פונעם „ייד" און געקייכט פון געלעכטער, — דאָס געלעכטער פון פאָלק מיט זיין גאנצער גראָבקייט, אָבער אין דער זעלבער צייט מיט זיין גאנצער אויפ־ריכטיקייט.

דער זיג נאָך א זיג האָט פארכישופט דעם יונגן טעאטראָלאָג. ער האָט ניט באמערקט — אָדער אפשר זיך ניט געוואָלט ארומקוקן — ווי צוזאמען מיט זיין דערפאָלג איז אויך געוואקסן די שנאה קעגן אים. שנאה און קנאה פון אנדערע פּאָעטן, וואָס זענען פארטונקלט געוואָרן פון דעם „ייד'ס" גרויסן דערפאָלג.

5 אין 1737, איז אנטאָניאָ זשאָזע דאַ סילוואַ ווידער אריינגעפאלן אין די נעגל פון דער בלוטיקער אינקוויזיציע, פון וועלכע ער האָט זיך נאָר באפרייט אויפן שייטער־הויפן, צוויי יאָר שפּעטער...

אין זיין לעצטער פּיעסע „דער אמפיטריאָן" (די באליבטע טעמע פאר קאָ־מעדיעס אין דער וועלט־ליטעראטור) האָבן זיינע שונאים „אנטדעקט" בייזוויליקע פארשטעלטע אטאקעס קעגן דער קאטוילישער קירכע, קעגן יעזוסן, קעגן דער אינקוויזיציע, און זיי האָבן וועגן דעם מיטגעטיילט דעם „הייליקן" טריבונאל. פאר דער אינקוויזיציע איז דאָס געווען גענוג. דאָס מאָל האָט זי באשלאָסן ניט מער צו דולדן אז א שרייבער, וועמען דאָס גאנצע פאָלק האָט גערופן „דער ייד", זאָל פאר דעם זעלבן פאָלק, אין די פּאָרטוגעזישע טעאטערן, חוזק מאכן פון דער געזעלשאפט, גרינגשעצן די קאטוילישע רעליגיע און רידיקולאריזירן די טרא־דיציעס פון גוטע און געטרייע קאטאָליקן.

אין חודש אָקטאָבער 1737, איז ער פּלוצים ארעסטירט געוואָרן צוזאמען מיט זיין מוטער און זיין פרוי. די צוויי הויפּט עדות קעגן אים זיינען געווען: א גע־וויסער דוארטע ראבעלאָ, וועלכער האָט מיט יאָרן צוריק געליבט די יונגע לעאָ־נאָר מאריא דע קארוואליאָ, און א שווארצע שקלאפין, וועלכע איז אמאָל געווען

א דינסט ביי דאָנא לאַורענסאָ קאָטיניאָ. דער ערשטער האָט אויסגעטראכט א גאנצע מעשה וועגן דעם פּאָעט'ס „יידישקייט". די נעגערין האָט געשווירן אז אנטאָניאָ זשאָזע דא סילווא פלעגט פאסטן אזוי ווי די יידן און פלעגט חוזק מאכן פון יעזוסן. די נעגערין האָט טייער באצאָלט פאר איר מסירה. ווען ס'האָט זי אריינגעפירט אין קעלער פון דער אינקוויזיציע, ווו זי האָט געדארפט נאָכאַמאָל אויסגעפאָרשט ווערן, דערזעענדיק די אינקוויזיטאָרן און די פייניקונגס־אינסטרומענטן, איז זי באפאלן אזא פּאניק און שרעק, אז זי איז אוועקגעפאלן א טויטע!

לאנגע צוויי יאָר, האָט דער אומגליקלעכער „ייד" געשמאכט אין קערקער פון דער אינקוויזיציע, ביז ער איז ענדלעך פאראורטיילט געוואָרן צום טויט. דעם 16־טן אָקטאָבער 1739, דריי אזייגער בייטאָג, האָט דער פּראָקוראָר מיטגעטיילט דעם קרבן אז ער איז פארמשפּט געוואָרן פארברענט צו ווערן. „אין יענעם מאָמענט — שרייבט קאמילאָ קאסטעלאָ בראנקאָ — איז אנטאָניאָ זשאָזע דא סילווא געשטאָרבן. ער איז געשטאנען בעתן לעצטן אקט מיט אן אויפגעהויבענעם קאָפּ, האָט געאָטעמט, געהערט, געזען, אלין פארשטאנען. אָבער ער איז געווען טויט".

אין באגינען פון 18־טן אָקטאָבער האָט מען צוגעגרייט דעם אויטאָ־דא־פע. די קירכע סאן דאָמינגאָס איז ספּעציעל באפּוצט געוואָרן צום גרויסן ספּעקטאקל. אכט אזייגער אינדערפרי, איז זי שוין געווען איבערפולט מיט מענטשן פון אלע קלאסן, וואָס זענען געקומען זען די „גרויסע" געשעעניש.

נאָך אלע גאָטעס־דינסטן האָט מען אריינגעפירט די אָנגעקלאָגטע. צום ערשטן איז געגאנגען דער גרויס־אינקוויזיטאָר, פאר וועלכן דאָס פאָלק איז געפאלן אויף די קני. דערנאָך זענען געקומען די גלחים־אינקוויזיטאָרן און עטלעכע שריט נאָך זיי, דריי פרויען: דאָנא לאַורענסאָ קאָטיניאָ, לעאָנאָר מאריא דע קארוואליאָ, און נאָך איינע. אלע דריי האָבן געטראָגן גרויסע אין געלע אָנגעצונדענע ליכט. צווישן זיי האָט מען געטראָגן גרויסע קרוציפיקסן. צוזאמען מיט אנטאָניאָ זשאָזע דא סילווא, זענען אויך געמשפּט געוואָרן איניקע טויטע, און אנדערע וואָס זיינען אנטלאָפן קיין אויסלאנד. אָבער זיי זיינען אויך געווען אָנוועזנד: א קאסטן ביינער פון יידן וואָס זיינען פארפייניקט געוואָרן ביזן טויט אין די קערקערס פון דער אינקוויזיציע, און בילדער פון די וואָס זענען אנטלאָפן. די לעצטע פיגורן פון דער טראגישער סצענע זיינען געווען דריי מענער, די קעפּ באדעקט מיט פּאפּירענע הוטן מיט שפּיצן, אויף וועלכע מ'האָט געזען צייכנונגען פון פארשידענע רוחות און סתם גראָטעסקע פיגורן. זייערע קליידער זיינען געווען אָפּגעפארבט מיט שרייענדיקער רויטער פארב, וואָס האָט סימבאָליזירט דאָס פייער פונעם גהינום.

איינער פון די דריי אומגליקלעכע איז געווען אנטאָניאָ זשאָזע דא סילווא. מ'האָט געזאָגט אז דאָס איז ער עס געווען, אָבער נאָך צוויי יאָר און עלף טעג פון פינסטערניש און טרערן, איז זייער שווער געווען אים צו דערקענען. דאָס

פאָלק איז אים געקומען זען. דאָס זעלבע פאָלק וואָס האָט מיט אזוי פיל פרייד און באגייסטערונג אפּלאָדירט זיינע אָפּערעס און קאָמעדיעס, האָט געזען וואָס די מענער פון דער אינקוויזיציע האָבן פון אים געמאכט, און איין מענטש פונעם פאָלק האָט קיין איין טרער ניט פארגאָסן!

געענדיקט די צערעמאָניע, האָט דער פּראָקוראָר, מיט א דונערנדער שטימע, לאנגזאם, וואָרט נאָך וואָרט, איבערגעגעבן דעם שווידערלעכן אורטייל.

אנטאָניאָ זשאָזע דא סילווא האָט ניט געהערט די ענדע פונעם אורטייל. ער איז געפאלן אין חלשות ווען ער האָט דערזען ווי די לאקייען פון דער אינקוויזיציע האָבן ארויסגעטראָגן זיין מוטער אויף די הענט מער א טויטע ווי א לעבעדיקע, בעת זיין פרוי האָט זיך געראנגלט אין די אייזערנע הענט פון די הענקערס. אירע ווייטיקלעכע געשרייען זיינען געגאנגען ביזן הימל.

ווי אויבן געזאָגט, איז אנטאָניאָ זשאָזע דא סילווא געווען געוואגט, און ווען נאָר עס איז געווען מינימאל־מעגלעך, האָט ער פארזוכט צו באקעמפן די פינסטערניש פון זיין תקופה, און דאָס איז, אָן ספק, פונקט אזוי יידיש, ווי אלגעמיינמענטשלעך. אויב, בכן, בראזיל זוכט אים צו נעמען, דורך אירע בעסטע־גרעסטע וואָרט־זאָגער, אונטער אירע פליגל, בעת פּאָרטוגאל באשטייט אויף „אירע רעכט" איבער דעם קרבן, קענען מיר מאכן די טיף־רעכטלעכע פשרה, דערקלערנדיק דעם גרויסן מארטירער אלס קינד פון מארטירער־פאָלק, ניט געקוקט דערויף, וואָס אונטער די צוואנגען פון דער אינקוויזיציע האָט ער געלייקנט, ווי אלע אנוסים, זיין יידישע צוגעהעריקייט.

עס איז ניט איבעריק, צום סוף, צוצוגעבן, אז אנטאָניאָ זשאָזע, דער ייד, איז אן אומאויפהערלעכע און אומדערשעפּלעכע טעמע אין דער בראזיליאנער פעריאָדישער און טעגלעכער פרעסע, וואָס רעדט וועגן אים תמיד, ווי וועגן „אונדזער אומגליקלעכן (אָדער טראגיש־אומגעקומענעם) לאנדסמאן".

באזונדערס כדאי איז צוצוגעבן, אז שליסנדיק די דאָזיקע ארבעט, האָבן מיר זיך פונקט אָנגעשלאָגן אָן אן ארטיקל פון דעם באקאנטן בראזיליאנער פובליציסט, **בארבאָזא לימא סאָברינאָ**, פארעפנטלעכט אין „זשורנאל דאָ בראזיל" פון 1־טן יאנואר, ד. י., אונטערן קעפּל „אן אומבאקאנטער פאקט מכח אנטאָניאָ זשאָזע דא סילווא".

אין דעם דערמאָנטן ארטיקל דערציילט אונדז בארבאָזא לימא סאָברינאָ, אז לויט א מאנוסקריפּט, וואָס געפינט זיך אינעם ארכיוו פון מאנוסקריפּטן פון דער נאציאָנאלער ביבליאָטעק אין ריאָ דע זשאניירא, דער מחבר פון וועלכן איז **ראָדריגאָ דע סאָוזא דא סילווא פּאָנטעס** (א באיאנער), ווערט מען געוואָר, אז ניט די גאנצע משפחה סילווא איז אומגעקומען אויפן אינקוויזיציע־פייער. א טייל פון דער סילווא־משפחה איז געבליבן לעבן אין בראזיל. דער מחבר פונעם דערמאָנטן מאנוסקריפּט דערציילט וועגן א פּלימעניק פונעם דראמאטורג, מיטן נאָמען זשאָן טאָמאז ברון, וואָס האָט געלעבט אין **טערראָ פּריאָ**, ווו ער האָט זיך דערשלאָגן צו א קריסטלעכער אויסצייכנונג, און ווען די דאָזיקע איז ביי

אים צוגענומען געוואָרן צוליב זיין קרוב׳שאַפט מיט אנטאָניאָ זשאָזע, האָט ער אין געריכט געקעמפט פאר זיינע רעכט, באהויפטנדיק, אז זיין פעטער איז ניט הינגעריכטעט געוואָרן דורך דער אינקוויזיציע מחמת זיין יידישקייט, נאָר צוליב זיינע טעאטער-שטיק, וואָס האָבן אָנגעגריפן די קירכע.

באַרבאָזא לימא סאָבריניאָ, פון זיין זייט, גיט צו דערביי, אז דער פלימעניק האָט, במחילה, געמאכט א גרויסן טעות, ווייל אלע פאקטן, וואָס זיינען באקאנט וועגן אנטאָניאָ זשאָזע, שטעלן פעסט, אז ער איז אומגעקומען דוקא ווי א ייד.

עס איז, אגב, כדאי אייך צו דערמאָנען, אז דער דערמאָנטער מאנוסקריפט, וואָס איז אן אָנהייב פון אן ארבעט וועגן לעבן און שאַפן פון אנטאָניאָ זשאָזע דא סילווא, וועלכע איז איבערגעריסן געוואָרן צוליב דעם טויט פונעם מחבר, מאכט צו נישט די באהויפטונג פונעם פראנצויזישן טעאטער-פאָרשער, סיראנדי, אז די טעאטער-שטיק פון אנטאָניאָ זשאָזע דא סילווא, זיינען געווען וואולגאר, גראָב אין לשון, אָרעם אין אינהאלט, ווי אין סטיל, כאָטש פארזען מיט זאלץ און מיט א געוויסער אָריגינאליטעט. דער מחבר פונעם מאנוסקריפט, פון וועלכן עס איז דאָ א רייד, באווייזט, פארקערט, אז דא סילוואס פיעסן זיינען געווען אינס-פירירט פון פאָלק און געצילט צום איידעלן געניס און נוצן פון פאָלק.

באַרבאָזא לימא סאָבריניאָ, וואָס רעקאָמענדירט דער ליטעראַרישער אקא-דעמיע פון בראזיל צו פארעפנטלעכן דעם דערמאָנטן מאנוסקריפט ניט אזוי צוליב זיין אייגענעם ווערט, ווי אלס באַערונג צו די רעפערענצן, וואָס ער ברייענגט וועגן אנטאָניאָ זשאָזע דא סילווא, איז אודאי וויט פון שענקען וועלכע עס איז אויפ-מערקזאמקייט דעם פראנצויז סיאַראָנדי, וועלכער באגייט זיך גראָב מיט דעם מאר-טירער, שענקנדיק זיין סימפאטיע דעם יעניקן, וואָס פארשטייט צו ערן דעם אָנדענק פונעם גרויסן טראגישן אינקוויזיציע-קרבן.

**ביבליאָגראפיע:**


„פאָרטוגעזישער קאָמישער טעאטער" (אלע ווערק פון אנטאָניאָ זשאָזע דא סילווא) ליסאבאָן, פאָרטוגאל, 1744.

„דער ייד" (ראָמאן אין 2 בענדער) קאמילאָ קאסטעלאָ בראנקאָ, פאָרטאָ, פאָרטוגאל, 1866.

„טעאטער פון אנטאָניאָ זשאָזע" (2 בענדער) זשאָן ריביירא, ריאָ דע זשא-ניירא, בראזיל, 1910.

„געשיכטע פון דער פאָרטוגעזישער ליטעראטור" — מענדעס דאָס רעמע-דיאס, קאָימבּרא, פאָרטוגאל, 1930.

„געשיכטע פון דער פאָרטוגעזישער ליטעראטור" — זשאָאַקים פעריירא, פאָרטאָ, פאָרטוגאל.

„געשיכטע פון דער בראזיליאנער ליטעראטור" - סילוויאָ ראָמערא, ריאָ דע זשאניירא, בראזיל, 1943.

ל. שמעלצינגער

# די שטומע פאַרשווערונג

איצט ווייסט מען שוין...

מיר ווייסן שוין אויף זיכער אז צוזאמען מיטן אויסגעמעקטן פירקאנטיקן יידישן אות זענען אין ראטנפארבאנד אָפּגעמעקט געוואָרן „פון פנים פון דער ערד" כמעט אלע יידישע שרייבער און דיכטער. צוויי פון די ניט אומגעבראכטע, יחזקאל דאברושין און משה אלטמאן גוססן נאָך פארפייניקטע אין שקלאפנלאַגערן און נאָר צוויי „באפרייטע" ש. האלקין און מ. בראָדערזאָן (בראָדערזאָן איז אינצווישן נפטר געוואָרן אין ווארשע — רעד.) וואַגלען ארום חרוב'דיקע, צעבראָכענע מיט אויסגעלאָשענע האָפנונגען און געפייניקטע הערצער.

אכט לאנגע יאָרן האָט מען ניט געוווּסט ווו, און ווי אזוי ס'איז אהינגעקומען דאָס געביין פון די שרייבער, שעפער און בויער פון דער, אמאָל בקולי-קולות רעקלאמירטער, יידישער ליטעראטור אין סאָציאליסטישן פאָטערלאנד. פון שרייבער, וואָס אין זייער גרויסן רוב זענען זיי געגאנגען אין שפּאַן פון דער „געניאלער" סטאליניסטישער פאָרמולע: „נאציאָנאל לויט דער פאָרם און סאָציאליסטיש לויטן אינהאלט", און פון שרייבער וואָס האָבן זיך געראנגלט מיט אמת'דיקן נאציאָנאל-יידישן געמיט, און נאָר ביי א שעת הכושר, אין אַן עת רצון מצד דער אייזערנער דיקטאטור, האָבן זיי געקענט ארויסשרייען, און טאקי ארויסגעשריגן און ארויסגעזונגען, זייערע עכט נאציאָנאלע שפירונגען.

דערשטוינטע און פארציטערטע האָבן מיר געפרעגט:

ווו זענען זיי?

א פארביסענער שטילשווייגן האָט פארגרעסערט די פאניק...

געשטיגן איז דער אנגסטיקער אומרו:

— וואָס געשעט פאָרט מיט די יידישע שרייבער אין ראטנלאנד?

איבער וועלכע פינסטערע גאסן שלייכן זיי זיך דורך אין שרעק ניט דערקענט צו ווערן מיט זייער פארגאנגענהייט?

אין וואָסערע ארבעטסלאַגערן רינען אויס זייערע לעצטע כוחות?

אין וועלכע סיבירער טייגעס פרירן זיי?

אין וואָסערע תפיסה-קאמערן זענען זיי פאריגלט?

וווּ, אין וועלכער ערד געפינט זיך דאָס אַש פון זייער געביין?

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איצט ווייסט מען שוין... אפשר נאָך ניט אַלע פּרטים — וואָס איז דען די נפקא־מינא?... דעם טרויעריקן סך־הכל האָבן שוין איצט די פאַרדאַרבער גופא, און מיט זיי זייערע אָנהענגער, אַליין פאַר דער וועלט אַרויסגעבראַכט.

* *

מיר לעבן אין אַ תקופה פון ראַדיאָ און טעלעוויזיע. יעדע מינדסטע געשעעניש ווערט אין דער זעלבער רגע צעטראָגן און געוויזן איבער אַלע לענדער און קאָנטינענטן. ווי־זשע האָט געקענט געמאָלט זיין אַז דער גייסטיקער אומקום פון אַ דריטהאַלבן מיליאָניק פאָלק זאָל פאָרקומען אין דער פולקאָמסטער קאָנספּיראַציע? אָט טאַקי דאָס דאָזיקע עקשנות'דיקע שווייגן און באַהאַלטן איז דער קלאָרסטער באַווייז אַז יענע ממשלת זדון און אירע אָנהענגער זענען געווען גענוג באַוווּסטזיניק אויפן הימלשרייענדיקן, ריזיקן פאַרברעכן און דערפאַר האָבן זיי דאָס באַהאַלטן פון די אויגן און אויערן פון דער וועלט...

און דאָ האַנדלט זיך דאָך ניט וועגן עפּעס אַ פּרימיטיווער שבטים־קולטור, וואָס דווקא די סאָוועטן־מאַכט האָט זי אויפגעשטעלט כדי דערמיט מקיים צו זיין דעם לעניניסטיש־סטאַליניסטישן געבאָט פון כלומר'שטן „דערמוטיקן די קולטורן פון די ראַטנלענדישע נאַציאָנאַלע גרופּן". ניט וועגן קיין קולטור וועמען די רעוואָלוציע האָט געדאַרפט אַרויסנעמען פון אירע ווילד־פּרימיטיווע וויקעלעך און צוזאַמענשטעלן פאַר אירעטוועגן אַן אַלף־בית. דאָ האַנדלט זיך וועגן אַ קולטור פון אַ געשיכטע־מאַכנדיק פאָלק, וועגן וועלכער דער געניאַלסטער פון די סאָוועטישע דיכטער, פּרץ מאַרקיש, האָט אין זיינע גליענדיקע אויסגעהאַמערטע פערזן געזונגען:

„די האָסט אַמאָל פון בערג געבאָטן צען דערקלערט,
„אַז ס'זאָל מיט זיי דאָס האַרץ פון וועלט זיך פיטערן און פעסטן
„פאַרפאָלגטע טראָגן מיר זיי שטאַלן איבער דער ערד
„דורך אַלע אַרבע מיתות בית־דין!
„פון פאָלק צו פאָלק — מיט דערנער אויף די הענט,
„פון לאַנד צו לאַנד — מיט וואָגל־ווינט געפּאָרט דאָרטן.
„מיר מעלדן זיי אויך דאַן, ווען אונדזער מויל איז שוין פאַרברענט!
„מיר מעלדן זיי אויך דאַן, ווען אונדזער האַלדז איז שוין געשאָכטן!"

* *

ס'איז גאָרניט לאַנג, ווען אין אַ טייל יידישע קולטור־קרייזן האָט מען דיסקוטירט וועלכע מעטראָפּאָל פון יידישער קולטור־שאַפונג איז ראוי צו טראָגן די

קרוין פון דער יידישער וועלט-קולטור — ווארשע, ניו-יאָרק אָדער מאָסקווע?
(ירושלים איז ניט גענומען געוואָרן אין חשבון...)

פארשטייט זיך אז מאָסקווע האָט געפאָדערט פאר זיך דעם פרימאַט. מ'האָט אָנגעוויזן אויף דעם, וואָס די יידישע ליטעראטור אין ראטנלאנד גענייסט פון אלע רעכטן און פריווילעגיעס צוגלייך מיט די ליטעראטורן פון אנדערע פעלקער; מ'האָט גערעדט וועגן די ברייטע מעגלעכקייטן פאר די יידישע שרייבער צו וועמעס רשות ס'שטייען מלוכה'שע ביכער-פארלאגן און צייטונגען, און אז פאר דער יידישער וויסנשאפט זענען אויפגעשטעלט מלוכה'שע אקאדעמיעס אין וועלכע יידישע פאָרשער קענען ארבעטן אָן דאגות פרנסה.

דערביי האָט מען זיך, געוויינטלעך, צעשריבן וועגן דער דעקאדענץ פון דער יידישער קולטור אין די אנדערע צענטערן, וואָס האלטן זיך ביי די אוצרות פון „אָפגעלעבטן עבר".

איציק פעפער, א גרויסער טאלאנט, אָבער דער, וואָס האָט פארוואנדלט זיין פעדער אין ווולגארער סטאליניסטישער פראָקלאמאציע, דער, וואָס האָט זיינע וואונדערלעכע דיכטערישע פעאיקייטן רעדוצירט צו ביליקער הויף-פאָעזיע, לאכט אוים די שרייבער וועלכע זוכן אָן אהיזה אין דער קולטור-ירושה פון פריערדיקע דורות, וואָס גייען אין די וועגן פון די ערשטע שרייבער-קלאסיקער אין דער יידישער ליטעראטור:

די זאלן, די מיטן
איך וועל ניט באריידן,
די אלטקייט דאָ היטן
צוויי נאקעטע מיידן...

אויף ווענט און אין ווינקלען,
אין אלע פיר עקן
מצבה'לעך טונקעלע
און פּרץ'ס שטעקן...

אין אָוונטן קילע
האָט מען דאָ געכאָוועט
אי דינעזאָנס תפילין
אי פרוגס מגן-דוד...

מנורה'לעך הויכע
און אלעס און אלעס
דער עלטסטער פרוכת
און מענדעלעס טלית...

אונ ווידער דאָ פינקלט
דאָס זילבערנע רעמל,
דאָס הענגט אין א ווינקל
מיין זיידע אברהמ'ל...

א בעכערל ביאליקס
איז ליבער דאָ — כ'לאך נישט —
פון רייזיקע כוואליעס,
וואָס טראָגן די מחנות...

קאטעגאָריש און טראַציק רופט אוים פעפער:

„כ'וועל גאנג מיינעם העלן
ביי שטויב ניט פארשקלאפן
און זאָל נישט געפעלן
א פאָרשער מיין שאפן!...

(אין א מוזיי)

האָט איציק פעפער פאָרויסגעזען אז די, צו וועמען ער האָט זיך יאָ פאר־שקלאפט („ביזן הילך פון לעצטן שאָס, וועל איך בלייבן דיין מאטראָס") וועלן אים גופא אין שטויב פארוואנדלען?

— און צי האָט פעפער זיך פאָרגעשטעלט, אז ווען ניט די ניו־יאָרקער „דע־קאדענטן" וואָלט בכלל ניט מעגלעך געווען קיין פאָרשער פון זיין שאפן? אין זיין „הייליקן היימלאנד" איז זיין נאָמען און שאפן אויסגעמעקט...

אמת, ניט אלע יידישע שרייבער פון סאָוועטנלאנד האָבן אזוי לייכט און שנעל איבערגעריסן מיטן עבר און מיט די טראדיציעס. אין ערשטן פעריאָד פון יידיש סאָוועטישן שאפן פילט זיך טאקע דער טראגישער געראנגל צווישן נאַ־ציאָנאלער ירושה און דעם ארויפגעצוואונגענעם „גיין אין שפאן" פון דער נייער ליניע.

די דאָזיקע ליניע האָט באפוילן אויסצומעקן פון זייער שאפן אלין וואָס ס'האָט א שייכות מיט יידיש־פאָלקסטימלעכער און נאציאָנאלער טעמאטיק.

פון זיין באזוך אין רוסלאנד, שילדערט ה. לייוויק די טענדענצן פון דער נייער ליניע:

„פרצ'ן דארף מען ניט, שלום־עליכם'ען אויך ניט. שלום אשן אוודאי ניט. די ווארשעווער — אָפגעמעקט. די ניו־יאָרקער — אָפ־געשניטן. די יידישע ליטעראטור פון רוסלאנד דארף זיך אָנהייבן פון 1923. דעם פריערדיקן „כלאם" דארף מען מער ניט האָבן, אָפטרייסלען זיך פון אים. ירושה — שימל".

(זאמל־ביכער, 8)

די יעניקע, וואָס האָבן ניט געקענט אָדער ניט געוואָלט „גיין אין שפּאַן" זענען נאָך אין די דרייסיקער יאָרן ליקווידירט געוואָרן (משה קולבאַק, מאַקס עריק א. א.).

אַזוי אַרום איז די גאַנצע סאָוועטיש-יידישע ליטעראַטור געוואָרן אַ ליטע-ראַטור פון אנוסים. נאָר אַזוי האָבן די יידישע שרייבער געקענט האָבן די צייט-ווייליקע געלעגנהייט צו שרייבן אויף זייער אייגענער שפּראַך.

אַז מיר האָבן פאַר זיך אנוסים, ווערט קלאָר פון דעם, וואָס פון צייט צו צייט, ביי באַשטימטע געלעגנהייטן, רייסט זיך אַדורך דער וויי-געשריי קעגן דעם גייסטיקן קלעם אין וועלכן די יידישע שרייבער זענען אַריינגעשליידערט געוואָרן.

אין פּרץ מאַרקישעס בוך „פאָטערלעכע ערד", אַ מין אַנטאָלאָגיע פון זיין שאַפן זינט 1917, וואָס איז דערשינען אין 1938, געפינט זיך ניט קיין איינציק ליד פון מאַרקישס באַרימט בוך „די קופּע". דאָס דאָזיקע בוך ווערט דורך מלך ראַ-וויטשן טרעפלעך באַצייכנט ווי דער „טראַגישער קדיש פונעם דיכטער נאָך די קדושים אין די אוקראַינער פּאָגראָמען פון 1918-19".

אין „סאָציאַליסטישן פאָטערלאַנד" זענען שוין טריף געווען אַזעלכע שורות ווי:

„נאָך אייך הרוגים פון אוקראַינע
„ווו פול מיט אייך די ערד איז,
„און אויך נאָך אייך, געשאָכטענע אין קופּע,
„אין האָראָדישטש, דער שטאָט ביים דניעפּער, קדיש!"

**פּ. מאַרקיש, די קופּע.**

לויט דער דאַמאָלסדיקער גענעראַל-ליניע, האָט מען שוין ניט געטאָרט שטעלן קיין מאַרטירער-דענקמאָל די אומגעקומענע יידן אין אוקראַינע. דאָס וואָלט דאָך גלייכצייטיק געווען אַ שאַנד-דענקמאָל פאַר כמעלניצקים היידאַמאַקישע איי-ניקלעך...

אפנים, אַז שוין דאַמאָלס, ביים סוף פון די דרייסיקער יאָרן, האַרט פאַרן צווייטן וועלט-קריג, האָט מען שוין צוגעגרייט די גלאָריפיקאַציע פון רשע כמעלניצקי.

אין זיין הקדמה צום דערמאָנטן בוך, שרייט אויס דער טיף און איידל-פילנדי-קער מאַרקיש זיין נאַציאָנאַלן וויי פון טראַגישן, יידיש-סאָוועטישן גורל, וועמעס דיכטער ס'מוזן אויף זיך מקבל זיין און שלום מאַכן מיטן גאַנג „אין שפּאַן".

**ס'טוט אפשר וויי דעם שטיין,**
**ווען שטייפע פייל אים פיילט און פורעמט, —**
**אויף יעדן קנאַל פון אָפּגעהאַקטן טייל**
**קריצט אפשר אויף אין פיין דער אָנמעכטיקער אוראַלט...**

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

**אין אפשר שרייט די לייט**
**ווען האנט, ווען פורעמדיקע קנאָדערט דאָרט און קנעט זי,**
**ווען צו געשטאלט און צו געביין**
**פארקלאמערן זיך נעצן...**

מ'קאָן ראַוויטש ציטירנדיק א גרעסערן טייל פון דאָזיקן הקדמה-ליד גיט צו:

„איך וויל קיין וויטערדיקע אויספירן פון דעם ציטאט ניט מאכן, ער שרייט דיקטעריש זיין אייגענעם צער געגנג דייטלעך ארויס". (זאמל-ביכער 8, 145).

כאראקטעריסטיש פאר דער מאראנישקייט פון די יידישע שרייבער אין ראטנפארבאנד איז דער פאל מיט איזי כאריקן בעת לייוויקס באזוך אין רוסלאנד אין יאָר 1925.

לייוויק דערציילט, אז איינמאָל איז כאריק אריין אין זיין האָטעל-צימער אין מינסק און פאר אים פאַרגעלייענט לידער, וואָס לייוויק באצייכנט ווי רציחה צום שטעטל: לידער געווענדעט קעגן ערלעכע, אומשולדיקע ארעמע פאָלקס-מענטשן. „קעגן אייגענע ארעמע טאטע-מאמע וואָס האָבן געלעבט אין דלות און שווערער האָרעוואַניע אָבער גייסטיק זענען זיי געווען דערהויבענע מענטשן".

ס'האָט זיך צעיישן זיי אנטוויקלט א הייסער, שארפער וויכוח. תחילת איז כאריק געווען איינגעעקשנ'ט, אָבער מיטאמאָל איז כאריק צוגעפאלן מיטן קאָפּ צום טיש און זיך הייך פונאנדערגעוויינט. אין א ווײַלע ארום, איז כאריק אויפ-געשפרונגען און האָפערדיק א זאָג געטאָן:

„איר'ט נאָך זען וואָס פארא גרויס יידיש לעבן ס'וועט קומען אונדז אנט-קעגן, און וואָס פארא וואונדערלעכע יידיש-ליטעראטור מיר וועלן נאָך באשאפן אין אונדזער רוסלאנד, א **יידישע ליטעראטור פאר אונדזער גאנצן פאָלק**. איר'ט נאָך זען. איר'ט אלע, אלע קומען צו אונדז. מיר זענען א גרויסער אָנהייב. איר'ט נאָך זען ווהין מיר וועלן פארגיין!"

און לייוויק גיט צו:

„כ'האָב אים געגלויבט אז זיין האפערדיקייט איז אן אמת'דיקע. זיין פונאנדערוויינען זיך, אָבער, האָב איך ניט פארגעסן"... (זאמלביכער 8, 30).

אזוי האָבן די סאָוועטיש-יידישע שרייבער, ווער מער, ווער ווייניקער, זיך געראנגלט אין קלעם פון דער אייזערנער דיקטאטור צווישן נאציאָנאלע געמאַצענעם און זעלבסט-פארלייקענונג, ביז היטלערס אָנפאל אויף ראטנפארבאנד.

* *

אין קאמף קעגן נאציזם אָנפאלער האָט די ראטנמאכט זיך גענוציקט אין פארשטארקן די נאציאָנאלע געפילן פון אירע פעלקערשאפטן, זי איז געווען פאראינטערעסירט אין געווינען פארבינדעטע אין דער ברייטער וועלט און גאר ניט אין קיין קליינער מאָס, האָבן איר אינטערעסירט די סימפאטיעס פון וועלט-יידנטום.

עס איז געשאפן געוואָרן דער יידישער אנטי-פאשיסטישער קאָמיטעט, וואָס האָט געזאָלט זיין די בריק צווישן רוסישן און וועלט-יידנטום.

די יידישע שרייבער האָבן זיך דערפילט אויפגעבונדן פונעם צוואנג וואָס האָט זיי געדריקט במשך 20 יאָר. דער וואַרשיינלעכער קאָנטאקט מיטן וועלט־יידנטום האָט אויפגעברויזט אין זיי די נאציאָנאלע געפילן און אנונגען. ס'האָט א כוואַליע געטאָן ווי פון א נאָר וואָס אויפגעעפנטן קוואַל א שטראָם פון פאָלקס־טימלעך־שטייגערישער סטיכיע, וואָס האָט פארפלייצט די יידיש־סאָוועטישע ליטעראטור מיט נאציאָנאלער טעמאטיק.

די פּאָעזיע איז פול געוואָרן מיט הימנען צו יידן און יידישקייט; העלדן פון דער תנך־תקופה, גיבורים פון דער רוימישער עפּאָכע און קדושים פון מיטל־אלטער — אלערליי נביאים, קעמפער און משיחים לעבן אויף מיט וווּנדערלעכער קראפט אין דער נייער סאָוועטיש־יידישער דראמע.

די פּראָזע איז כמעט אינגאנצן באהערשט פון קידוש־השם־מאָטיוון. דער ביז איצט פארשוויגענער, גרינגגעשעצטער זיידע און טאטע באווייזט זיך אין דער נייער דערציילונג מיטן גאנצן יידישלעכן רעקוויזיט — מיט ספר, טלית און קיטל; זיי שיינען מיט עקזאַלטירטער שבת־יום־טוב'דיקער נשמה־יתירה'דיקייט, מיט פרום־הייליקער מענטשלעכקייט און מיט דערהויבנדיקער דורות'דיקער מאָראל. פון יעדן העלד שטראַלט ארוים דער אלטער יידישער בטחון אין זיין גאנצער פראכט.

די אלע יידישע אייגנשאפטן פארייניקן אין דער נייער סאָוועטישער שאַ־פונג, אלע דריי לעבעדיקע דורות — זיידע, זון און אייניקל. יעדער אויף זיין שטייגער, באנעמט און באגרייפט דעם נצח ישראל, די אייביקייט פון יידישער עקזיסטענץ ווי אן אור לגויים:

די וועלט איז א וואָגשאָל,
אויף איין עק — קראפט,
אויפן צווייטן עק — חסד;
קראפט איז עמלק!
קראפט איז אדום!
קראפט איז רוים!
קראפט איז די אינקוויזיציע,
חסד זענען די יידן.
אויף יידן ווערן אויפגעפרווט די פעלקער!
אויף יידן עס ווערט אויפגעפרווט די וועלט!

(ד. בערגעלסאָן, דוד ראובני)

דאָס איז בדרך כלל געוואָרן דער לייט־מאָטיוו פון דער סאָוועטיש־יידישער ליטעראטור בעת, און קורץ נאָך, דער צווייטער וועלט־מלחמה.

אויפגעבונדן איז אויף א קורצער ווײַלע געוואָרן דער צוואנג פון די אנו־סים. לויזער געוואָרן דער קלעם — האָבן אויפגעאָטעמט זייערע הערצער און זייערע נשמות האָבן אויפגעשטראַלט מיטן ליכט פון זיבן זונען!

דער, מיט געוואַלט פארדרענגטער, אָרקעסטער פון יידישן שאַפן, האָט פלוצים ווי ארויסגעדונערט זיינע סימפאָנישע אקאָרדן!

די יידישע ליטעראטור אין ראטנלאנד איז געוואָרן ניט נאָר נאַציאָנאל אין פאָרם, נאָר אויך אין אינהאלט. אין איר איז איצט געקומען צום אויסדרוק אוצרות פון טויזנט־יאָריקן עבר פון טראדיציעס און מנהגים, פון לעגענדע און פאָלקלאָר, פון נאַציאָנאלע גבורים און נאַציאָנאלער גבורה.

געוואָרן איז דאָס אלין א דאָרן אין אויג פון דער מאכט, וואָס „דערמוטיקט די נאַציאָנאלע גרופן צו אנטוויקלען זייערע קולטורן און אויפצוהאלטן זייער נאַציאָנאלע אייגנארט"...

און עס איז געשען... ווי עס געשעט אין יעדער גענוג־אויסגעשולטער פאַרברעכער־געזעלשאפט — א דיסקרעטער ווינק מיטן אויג, אָדער א באפעל, ארויסגעצישעט שטיל ווי פון א שלאנגנמויל, און אלין איז מיטאמאָל פארשטומט, אלין אָפגעמעקט!...

פארשוווּנדן געוואָרן פון ראטנלענדישן שטח די דורות'דיקע קולטור פון אן אלט פאָלק!...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

פון א רעזשים וואָס האָט די עקזאלטירט־פארהייליקטע לאָזונגען פון דער קעמפענדיקער מענטשהייט צביעות'דיק בארויבט פון זייער אמת'ן אינהאלט, פון א הערשאפט וואָס האָט פראָפאנירט און פארשוועכט די שענסטע וויזיעס און די דערהויבנסטע אספיראציעס פון רעוואָלוציאָנערע מארטירער, אָט פון אזא ממשלה האָט מען ניט געדארפט קיין בעסערס דערוואַרטן אויך בנוגע דער לאָזונג „דערמוטיקן די קולטורן פון קליינע פעלקער".

דאָ געשעט בלויז דאָס, וואָס איז אין דער געשיכטע · בפרט אין אונדזער יידישער געשיכטע · קיין נייעס ניט. יעדע בייזע מאכט אין איר אייפער צו באַהערשן און באַצווינגען די וועלט, הויבט אָן אירע בלוטיקע פלענער מיט יידן.

ווי זאָגט דוד בערגעלסאָן:

„אויף יידן ווערן אויסגעפרווט די פעלקער,
אויף יידן ווערט אויסגעפרווט די וועלט."

* *

וואָס איז יאָ ניי אין ביישפּיללאָז אין דער טראגעדיע פון גייסטיקן אומקום פון יידישן פאָלק אין ראטנלאנד איז דאָס, וואָס דאָס פארברעכן פון ליקווידאַציע איז געווען באגלייט מיט דער שטרענגסטער קאָנספּיראציע פון פארשווייגן.

אנטיוכוס, אדריאנוס, איגנאַסיא לאָיאָלא, טאָרקוועמאדאָ און אנדערע צוררים, האָבן, אייגנטלעך, פארלאנגט ניט מער ווי די ליקווידאציע פון יידישן גייסט. קיינער פון זיי האָט אָבער זיין ארבעט ניט באגלייט מיט אזא מוראַ'דיקן שטילשווייגן און געהיימניש ווי דאָס איז געמאכט געוואָרן אין „פראָגרעסיוון סאָציאַליסטישן" ראטנפארבאנד.

בעת׳ן פארשפארן אין תפיסה און ביים אומקום פון די עשרה הרוגי מלכות, אין דער צייט פון אלט-רוימישן אימפעראטאָר אדריאנוס, זענען בייגעווען זייע־רע תלמידים און פריינט.

אין תפיסה איז אפילו אָנגעהאלטן געווען מיט זיי אן אָפענער שטענדיקער קאָנטאקט. די עשרה הרוגי מלכות האָבן אפילו באוויזן פארן טויט צו לאָזן זייערע הייליקע צוואות פארן קולטור-המשך פון יידנטום.

ווער איז געווען ביים פארשפארן אין טורמע און ביים אומקום פון אונדזערע היינט-צייטיקע הרוגי-מלכות? ווער האָט אָנגעהאלטן עפּעס א קאָנטאקט מיט די געפאנגענע שרייבער און לערער מ. קולבאק און מ. עריק? ווער, אפילו פון די נאָענטסטע, האָט געוווסט ווען און ווו ס׳זענען אומגעקומען בערגעלסאָן, מארקיש, נסתר, כאריק און אנדערע?

ווער האָט פון געפאנגענשאפט געהערט דעם לעצטן ווונטש פון גייסטיקן ריז, און גרויסן געלערנטן ה. י. צינבערג? און ווער האָט געלינדערט די לעצטע פיזישע און גייסטיקע קאָנווולסיעס פון העברעאישן דיכטער-מארטירער חיים לענסקי?

ניט געווען במשך די אכט יאָר — און דערווייל איז נאָך ניטאָ — אזעלכער, וואָס זאָל אונדז קענען דערציילן וועגן עפּעס א מצב אין וועלכן ס׳האָבן זיך געפונען די, אין שווייגן פארפייניקטע און אומגעקומענע, יידישע דיכטער, שריי־בער און אינטעליגענץ אויפן ברייטן שטח פון סאָוועטישן לאנד.

בלויז זייערע לעצטע ווערק דערציילן אונדז וועגן זייער טיף-נאציאָנאלן געמיט:

„דער וויין פון דורות׳דיקן דויער
האָט מיך געשטארקט אין וואנדער־וועג,
— — — — — — — — — — — — — —
פון אלע שייטערס פלעג איך מעלדן: איך בין א ייד!״

(איציק פעפער).

דאָס איז דער קווינט-עסענץ פון זייער פילן און דאָס איז די צוואה.

און נאָכדעם —

אַן אימה׳דיקע שטילקייט... א שווייגן צווישן גוט קאָנספּירירטע פארשווע־רער וואָס דראָט מיט טויזנטער סכנות...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין דער פּיינלעכער שטילקייט האָט נאָך געטליעט א שוואכע האָפנונג אז אינדזערע אָפּטע דערמאנונגען זענען נאָכניט קיין מצבות אויף פארוואַרלאָזטע, עלנטע קברים פון יידישע דיכטער און שרייבער אין ראַטנלאַנד.

איצט ווייסט מען שוין... ניטאָ מער די האָפנונג!...

געטרייע הענט וואָלטן מסתמא א מצבה געשטעלט ווען מ'וואָלט געוווּסט ווו די קברים געפינען זיך...

און אפשר וואָלט איצט א ייד צוגעפאַלן צו קולבאַקס קבר, און ארויסגעוויינט דאָס בענקעניש און צעווייטיקטע געמיט פון אונטערגייענדיקן יידישן פאָלק אין ראַטנלאַנד מיט אָט די 4 שורות קולבאַקס:

**„דאָס קינד פון יבנה דאַרשט דאָס ליכט, וואָס גייט פאַרלאָרן.**
**„א ווייטער בת־קול רופט און רופט פון אלט צעשטערטן מויער.**
**„און גראָ און גראָער ווערט, ווייס שימערן די קיטלען און געזיכטער**
**און ס'דאכט — די ספרים גוטסן אין טונקלקייט פון ארון..."**

און אפשר וואָלט א נאָענטער ביים קבר פון גרויסן קדיש־זאָגער פּרץ מארקיש געזאָגט שטיל א קדיש מורמלען? אדער אפשר וואָלט אן ענטוזיאסטישער, פאַרעקשנטער ייד איצט צוגעגאנגען צו מארקישעס מצבה כדי טראַצ'יק, על אפּס יעל המתם פון אלע פאַרטיליקער פון יידישן ספר, אפּצורעציטירן מארקישעס הונדערלעכע האָפּערדיקע שורות וועגן דער אייביקייט פון יידישן גייסט:

**„צעשיידן וועט אונדז נישט מיט אונדזער ספר'דיק געווער,**
**„נישט מאָרד, נישט טויט, נישט שייטערדיקע שרפה!**
**„נאָר ס'וועט אין אונדזער ספר זיין די שווערד**
**„ווי אין א שווערד באדאַרף צו זיין א ספר!"**

זענען אָבער קיין קברים ניט פאַראַן... אזוי האָט געפּאָדערט די שטומע פאַרש־וועדונג...

איז קיין ברירה ניטאָ — מוז מען צורעכענען די מצבה'לאָזע קברים פון די אומגעבראכטע דורך דער סאָוועטן־מאכט צו די שפּורלאָזע קברים פון מיליאָנען אומגעקומענע פון אונדזער פאָלק דורכן נאַצי־רייך.

פאַר זייער געמיינזאַמען געדעכעניש האָבן מיר איין יזכור און אין צע־ווייטיקטן צאָרן פאַר זייער אומקום קענען מיר ארויסברענגען איין גערעכטע תפילה:

ה' ינקום דמם!

**בצלאל יוכט — ריאָ**

# רמב״ם

**אריינפיר־וואָרט**

**צו די אָנגעגעבענע אויסצוגן פון מיין איבערזעצונג פון „מורה נבוכים"**

שוין א לענגערע צייט האָט מיך געמאטערט דער געדאנק איבערצוזעצן דאָס ריזן־ווערק פון רמב״ם, דעם „מורה נבוכים"; נאָר דער גרויסער דרך ארין צו דעם געניאלן דענקער, צו זיין פערזאָן און צו זיינע הויכע און דערהויבענע אידייען האָט מיך טיילווייז אָפגעהאלטן. איך האָב יעדעס מאָל א טראכט געטאָן: אפשר וועט מיר ניט געלונגען ארויסצוברענגען קלאָר זיינע געדאנקען? איך האָב אָבער ניט געקענט רוען ביז די איבערזעצונג איז ניט פארענדיקט געוואָרן.

איך האָב זיך ניט געקענט פאָרשטעלן אז אזא קרוין־ווערק פון איינעם פון אונדזערע גרעסטע געלערנטע, מיטלאלטערלעכע דענקער זאָל אויף אייביק בלייבן פארשלאָסן פארן מאָדערנעם, אינטעליגענטן, יידישן לעזער. ס׳וואָלט געווען א גרויסער בלויז אין אונדזער מאָדערנער יידישער ליטעראטור אז אזא ווערק, ווי דער „מורה נבוכים", וואָס האָט אין יענער צייט ארויסגערופן אזוי פיל מחלוקתן, שפאלטונגען און מסירות ביז צום ברענען ספרים, זאָל בלייבן באקאנט פאר די קומענדיקע דורות בלויז מיט זיין נאָמען, וואָס קלינגט ווי א מיסטישער עכאָ פון פארצייטן.

כאָטש ס׳זיינען שוין דערשינען איניקע איבערזעצונגען אין יידיש פון דעם „מורה נבוכים", און די מחברים האָבן זיכער געהאט די זעלבע גוטע כונות ווי איך, האָבן זיי — לויט מיין מיינונג — ניט באוויזן דורכצוברעכן די אייזערנע וואנט פארן מאָדערנעם יידישן לעזער, ווייל סיי די איבערזעצונגען, סיי די תנכישע און תלמודישע ציטאטן זיינען אָנגעפראפט מיט שווערע, פארעלטערטע העברעאיזמען און מיט א למדניש יידישער שפראך, וועלכע קלינגט אזוי פרעמד פארן היינטיקן יידישן לייענער, אז ביים איבערלייענען די ערשטע קא־פיטלען פארלירט ער זיין ערנסטע באציונג צו דעם ווי צו א וויסנשאפטלעך ווערק.

אמת, געוויסע פילאזאפישע, נאטור־וויסנשאפטלעכע, פיזיקאלישע און סאָ־ציאלע שיטות האָבן שוין ביי היינט צו טאָג פארלוירן זייער ווערט, א דאנק דעם

קאַלאַסאַלן פאַרשריט וואָס די מענטשהייט האָט דורכגעמאַכט פון דעם רמב״מס צייט ביז היינט, איז אָבער דער אַדלער־שווונג פון רמב״ם פאַר יענער צייט אַזוי גרויס אַז ער דערגרייכט העכער פון די הימלען. זיין דאַמאָלסדיקער שטרענג־ראַציאָנעלער צוגאַנג צו רעליגיע פילאָזאָפיע און וויסנשאַפט; זיין קלאָר־זעעוו־דיקייט, זיין אָפּט געצוווּנגענע ניט־דערזאָגטקייט, זיינע כּסדריקע אָנדייטונ־גען: „און זע״, „און ווייס״, „און פאַרשטיי״ „און דרינג״ האָבן דאַן ממש געשאַפן אַ רעוואָלוציע אין די פינצטערע, אָפּגעשטאַנענע מוחות פון יענער צייט.

איך האָב דערפילט אַ ציטערדיקן רעספּעקט צו זיין גרוואַגטקייט און אומ־דערשראָקנקייט ווען איך האָב דאָס אַרויסזאָגן דעם אמת; און דאָס אייגנטלעך האָט מיך געשטויסן נאָכאַמאָל איבערצוזעצן דאָס ווערק אין אונדזער מאָדערנעם יידישן לשון. זאָל יעדער, וואָס קען נאָר לייענען אַ יידיש בוך, באַוווּנדערן און פאַרשטיין פאַרוואָס עס האָט זיך אויפגעהויבן אַזאַ שטורעם און קאַמף קעגן אים אין זיין צייט.

איך האָב זיך באַמיט צו זיין געטריי צום טעקסט, ניט צו ענדערן קיין וואָרט. די הוספות וואָס איך האָב צוגעגעבן אין טעקסט האָב איך איינגעשלאָסן אין קלאַמערן, כּדי צו פאַרבעסערן דעם סטיל פון זיין דעמאָלסדיקן העברעאישן איבערזעצער שמואל איבן תיבון (דער רמב״ם האָט דאָס ווערק געשריבן אין אַראַביש), הן צוליב רעספּעקט צום אָריגינאַל, הן צוליב קלאָרקייט פון טעקסט פאַרן היינטיקן לעזער.

בלויז אין איין פאַל האָב איך זיך דערלויבט אַן ענדערונג: אַראָפּנעמענדיק אַלע לויבגעזאַנגען און גלאָריפיקאַציעס וואָס דער רמב״ם גיט צו יעדעס מאָל צו גאָטס נאָמען, און זיך באַנוצט נאָר מיטן איין און איינציקן יידישן נאָמען „גאָט״, וואָס דריקט אויס די אַלמאַכטיקייט, ווארום דער רמב״ם אַליין זאָגט דאָך אַרויס קלאָר דעם פילאָזאָפישן געדאַנק: אַז דער גרעסטער פּאָזיטיוו־ער קוואַליפיקאַטיוו איז עלול צו פאַרשוועכן גאָטס נאָמען, און ס׳איז פיל ריכטי־קער אים צו שילדערן דורך נעגאַטיוון, האָב איך געצויגן ווייטער דעם פאָדים אַז גאָט נויטיקט זיך ניט אין קיין מענטשלעכע לויבגעזאַנגען, און קיין גלאָרי־פיקאַציעס קענען אים ניט צופרידן שטעלן. מערקווירדיק, אַז דווקא אין די ער־טער, וווּ ער שטורעמט קעגן די אָנגענומענע נאַרישע איינגלויבונגען און מיינונ־גען פון זיין צייט, קומט אַ מין געמיט באַרואיקונג פאַר די איראַציאָנעל פאַר־גלויבטע, צוגעבנדיק פאַרשיידענע פרום־רעליגיעזע לויב־געזאַנגען און הללויהס צו גאָטס נאָמען, ווי: „זיין נאָמען געלויבט זאָל ער זיין״, „ער דערהויבן זאָל ער זיין״ א. א. וו. כּדי צו געווינען דעם צוטרוי פון די פאַרגלויבטע און אויפוואַכן זייער שכל צו דענקען, דערקענען און פאַרשטיין די געטלעכקייט, די וועלט און די יידישע תורה ראַציאָנעל, מיטן קאָפּ און ניט בלויז מיטן האַרצן.

איך האָב אַרויסגענומען דריי אויסצוגן פון מיין איבערזעצונג, וועלכע וואַרפן אַ קלאָרע שיין אויף דעם רמבמ״ס אַרט דענקען אין באַצוג צו זיין באַרופנקייט אַלס פילאָזאָף, זיין ראַציאָנעלער קוק אויף די נביאים און נבואה און ענדלעך די

סאָציאל-נאַציאָנאַלע פילאָזאָפיע פון יידנטום לויט דער תורה, ווארום די זיינען פאַקטיש די ווינקלשטיינער וואָס קענען כאַראַקטעריזירן דעם רמב״ם, ווייל אין דעם זאַמלבוך קען דאָך ניט אריינגיין קיין גרעסערע ארבעט צו קענען אילוס־טרירן דעם רמב״ם אלזייטיק.

זאָל די ארבעט דינען אלס ביישטייער צו דער יובל־פייערונג וואָס די גאַנצע יידישע וועלט פייערט יעצט לכבוד איינעם פון די גרעסטע יידן וואָס אונדזער פאָלק האָט פארמאָגט.

„ממשה עד משה לא קם כמשה"
ערע זיין ליכטיקן אָנדענק!

# „מורה נבוכים"

## אַן אויסצוג פון רמב"מ'ס הקדמה צו זיין ווערק

### צוואת המאמר (אַ מין צוואה צו די לעזער פון דעם עסיי)

אז דו וועסט וועלן אויפפאַסן דאָס אַלץ וואָס עס אנטהאַלטן די טיילן פון דעם דאָזיקן עסיי, אַזוי אַז עס זאָל דיר גאָרניט פאַרלוירן גיין פון אים, לערן דורך די קאַפּיטלען איינס ביי איינס. זאָלסט ניט צילן צו פאַרשטיין בלויז דעם אַלגעמיינעם געדאַנק פון קאַפּיטל, נאָר דאַרפסט אויך אויפפאַסן דעם געדאַנק פון יעדעס וואָרט וואָס עס קומט אַריין אין קאָמפּלעקס ווערטער, כאָטש עס געהער ניט דירעקט צו דעם ענין פון קאַפּיטל, ווארום אין דעם דאָזיקן עסיי זיינען די ווערטער ניט אַריינגעפאַלן סתם צופעליק נאָר מיט גרויס פּינקטלעכקייט, פלייס און פאַרזיכטיקייט ניט דורכצולאָזן אַ דערקלערונג פון אַ ספקדיקן ענין.

קיין וואָרט ווערט אין אים ניט געבראַכט נישט אויף זיין ריכטיקן פּלאַץ, סיידן צו דערקלערן אַן אַנדער געדאַנק אויף זיין ריכטיקן פּלאַץ.

זאָלסט ניט נאָכפאָלגן עס (דאָס בוך) מיט דיינע בייזוויליקע געדאַנקען, וואָרום מיט דעם וועסטו מיר בלויז שאַדן ברענגען און דיר וועט עס ניט נוצן. דאַרפסט אָבער פון אים לערנען אַלץ וואָס מען דאַרף זיך לערנען. קוק אַפּטער אַריין אין דעם וועט עס דיר אויפקלערן די גרעסטע ספקות אין דער אמונה, אין וועלכן עס צווייפלט יעדער געבילדעטער מענטש.

איך באַשווער ביי גאָט יעדן איינעם, וועלכער וועט לייענען דעם דאָזיקן עסיי אַז ער זאָל אַפילו קיין איין וואָרט ניט קאָמענטירן און דערקלערן פאַר אַנדערע, סיידן דאָס וואָס איז דייטלעך דערקלערט פון מיינע פאָרגענגער, די באַוווּסטע חכמים פון דער תורה. ווען ער וועט אָבער אַרויסדרינגען פון אים (פון דעם עסיי) אַזוינס וואָס קיינער פון אונדזערע באַוווּסטע חכמים האָט עס ניט געזאָגט — חוץ מיר — זאָל ער עס קיינעם ניט דערקלערן! זאָל ער זיך ניט איילן און יאָגן אָפּצופרעגן מיינע מיינונגען, אפשר האָט ער גאָר פאַרשטאַנען פון מיינע רייד דאָס פאַרקערטע, וואָס איך האָב געוואָלט אַרויסברענגען, וועט ער דאָך מיר שאַדן ברענגען, דערפאַר וואָס איך האָב אים געוואָלט ברענגען אַ נוצן, וועט ער זיין ווי יענער וואָס „צאָלט אָפּ מיט שלעכטס פאַר גוטס".

זאָל אין דעם אַריינקוקן יעדער וועמען עס וועט קומען צו דער האַנט, און אויב ס'וועט דערפון געהיילט ווערן דער ווייטיק אין זיין האַרץ, אַפילו אין איינעם

פֿון די ספקדיקע געדאנקען, טאָ זאָל ער דאנקען גאָט און זיך באפרידיקן מיט דעם (ביסל) וואָס ער האָט פארשטאנען. און אויב ער וועט ניט געפינען קיין זאך וואָס קען אים נוצן אויף וועלכן ס׳איז אופן, טאָ זאָל ער אָננעמען אז דאָס ווערק איז גאָרניט געשאפן געוואָרן. און אויב ס׳וועט זיך ארויסווייזן אז לויט זיין מיינונג איז עס שעדליך, זאָל ער עס אויסטייטשן און מיך דן זיין לכף זכות — אפילו מיט א ווייט דרינגענדיקן טייטש — ווי מיר זיינען פארפליכטעט צו האנד־לען אין באצוג צו א מאסן מענטשן, בפרט אין באצוג צו אונדזערע באוווּסטע מענער און חכמים וועלכע באמיען זיך צו העלפן אונדז מיטן אמת, לויט זייער השגה.

איך ווייס אז יעדער אָנפאנגער, וועלכער באזיצט נאָך ניט קיין שום ידיעות וועגן פילאזאפיע וועט האָבן א נוץ פון אייניקע קאפיטלען אין דעם עסיי, דער פולקאמער מענטש, דער רעליגיעזער און בלאנדזשנדיקער -- ווי איך האָב, אויבן דערמאָנט -- וועט האָבן א נוצן פון אלע טיילן זיינע. ווי שטארק וועט ער זיך פרייען, און ווי אָנגענעם וועט עס אים זיין צו הערן! דאקעגן די צעטומלטע, וועמעס מוהות זיינען פאראומרייניקט מיט ניט קיין ריכטיקע געדאנקען און פאר־פירערישע וועגן, אָננעמענדיק זייערע מיינונגען פאר אמתע ווּיסנשאפטן — ווארום זיי האלטן זיך פאר גאנצע פילאָזאָפן, כאָטש זיי האָבן אבסאלוט קיין אנונג ניט וועגן וויסנשאפט (געבויט) אויף דעם מעטאָד פון אמת -- זיי וועלן אָפּווייכן פון א סך טיילן זיינע (פון עסיי) און ווי שווער וועט עס זיי זיין צו באנעמען! ווייל זיי באגרייפן ניט די פּראָבלעמען, ווי אויך צוליב דעם וואָס אין דעם עסיי ווערט אויפגעקלערט די ווערטלאָזיקייט פון זייערע פאלשע באהויפּטונגען, וועלכע זיי נעמען אָן פאר אן אוצר און פארמעג פארגעברייט צו זייער אייגענעם אומגליק.

גאָט ווייסט אז איך ביז ניט אווּעק (פון גלויבן) וואס צוליב דעם האָב איך אזוי מורא געהאט אָנצושרייבן די געדאנקען וואָס איך האָב געוואָלט ארויסזאָגן אין דעם ווערק, נאָר דערפאר וואָס אויף די געהיימניספולע טעמעס איז נאָך קיין שום ווערק ניט געשאפן געוואָרן ביי אונדזער פאָלק — אויסער מיינס — אין דער גאנצער צייט פון אונדזער גלות, ווי אזוי זשע זאָל איך אָנפאנגען שאפן אזא ווערק?

איך האָב זיך אָבער געשטיצט אויף צוויי פרינציפּן: איינער איז ווי זיי זאָגן אין ענלעכן פאל „עס איז צייט צו טאָן פאר גאָט, זיי האָבן צעשטערט דיין תורה", דער צווייטער — ווי זיי זאָגן: „און אלע דיינע מעשים זאָלן זיין פאר גאָטס וועגן".

אָט אויף די צוויי פרינציפּן האָב איך זיך געשטיצט ביים פארפאסן אייניקע קאפיטלען אין דעם עסיי.

קורץ, איך בין אזא מענטש וואָס אויב ס׳דריקט מיך א געוויסער געדאנק און ס׳פעלט מיר אויס דער מעטאָד און איך געפין ניט קיין מיטלען ארויסצו־

זאָגן דעם אמת (אין דער עפנטלעכקייט) ווייל ס׳איז אנטשפּרעכיק בלויז פאר איין דערהויבענעם מענטשן, און עס אנטשפּרעכט ניט פאר צענדליקער טויזנ־טער איגנאָראנטן, טייל איך ליבער אוים דעם יעניקן אליין, און איך וועל זיך ניט פילן געטראָפן מיט דער טאדלונג פון די גרויסע מאסן, איך וועל בעסער וועלן ארויסראטעווען דעם איינעם דערהויבענם פון זיין זינקן (אין שקר) און ארויספירן אים פון זיין בלאנדזשעניש, ביז ער וועט פארפולקאָמט און געהיילט ווערן.

# פרק מ׳

### פון צווייטן טייל „מורה נבוכים"

### וועגן נביאים און נבואה

פון איין אינדיווידום קען מען ארויסנעמען א באווייז אויף אלע אינדיווידומס פון דעם זעלבן מין און זיך באקענען מיט דער אייגנשאפט פון יעדן אינדיווידום באזונדער. וואָס איך בין אויסן מיט אָט דער דעפיניציע, איז צו דערווייזן אז פון איין כאראקטעריסטישער אייגנארטיקייט פון דער נביאישער רעטאָריק קען מען ארויסנעמען א באווייז אויף אלע דערציילונגען פון דעם זעלבן זשאנר.

נאָך דעם אריינפיר דארפסטו פארשטיין: אז (א נבואה) איז ענלעך צו א חלום וואָס א מענטש חלומט אמאָל אז ער איז אוועקגעפאָרן אין א געוויס לאנד און דאָרט חתונה געהאט, זיך באזעצט דאָרט א געוויסע צייט, געבוירן א קינד, אים א נאָמען געגעבן אזא און אזא נאָמען, און ס׳איז געשען מיט אים וואָס ס׳איז געשען.

אזוי זיינען די אלע אלעגאָריעס פון די נביאים, וועלכע ווערן געזען אָדער געטאָן פון זיי אין „נביאישער וויזיע", דאָרט ווו די אלעגאריע ווייזט אָן אויף איין אקט פון זיינע אקטן, אָדער אויף די רייד מיט וועלכע דער נביא באווירקט, ווי אויך דעם צייט־אָפּשניט וואָס ווערט דערמאָנט צווישן איין טאט און צווייטן זיינען אויף אן אלעגארישן אופן, צי די וואנדערונגען זיינע פון איין פלאץ צום אנדערן — אָט דאָס איז בלויז א נביאישע וויזיע און ניט קיין רעאלע טאטן געפילט מיט די מענטשלעכע חושים, כאָטש וואָס זיי ווערן דערמאָנט אין די נביאישע ספרים טיילווייז ווי עקזאקטע. נאָכדעם. ווי ס׳איז אונדז קלאָר אז אלץ געשעט אין א נביאישער וויזיע, איז שוין ניט נויטיק צו פארענטפערן יעדן טייל פון דער אלעגאריע וואָס ווערט געשילדערט אין דער (געגעבענער) וויזיע, אָט פונקט ווי דער נביא זאָגט דאָרטן: „און גאָט האָט צו מיר געזאָגט", איז שוין ניט נויטיק צו דערקלערן אז דאָס געשעט אין חלום. דער פּשוטער המון דענקט אָבער אז די אלע טאטן, וואנדערונגען, פראגעס (צו גאָט) און ענטפערס קומט פאָר מיטן חושימדיקן באגרייפן, און ניט וויזיאנעריש.

דעריבער וועל איך ציטירן אייניקע שטעלן פון דעם געביט אין וועלכן קיין מענטש קען ניט צווייפלען, צוגעבנדיק עטוואָס פון מיר וואָס ס׳האָט א שייכות צו דעם, און פון אָט דעם ביסל וועט דיר קלאָר ווערן דאָס איבעריקע וואָס איך

האָב ניט אויסגערעכנט. אמקלאָרסטן און אומצווייפלהאפטסטן איז (לאָזט זיך דאָס מערקן) אין דעם מאמר פון יחזקאל: „איך זיין אין מיין הויז און די זקנים פון יהודה זיצן אנטקעגן מיר א. א. וו. און עס האָט מיך א טראָג געטאָן א ווינט צווישן הימל און ערד און מיך געבראכט קיין ירושלים אין צושטאנד פון געטלעכער זעונג". דאָס זעלבע זאָגט ער אויך: „און איך בין אויפגעשטאנען און ארויסגעגאנגען אין טאל", קלאָר אז דאָס קומט אויך פאָר אין צושטאנד פון וויזיע, ווי עס ווערט דערמאָנט ביי אברהמען: „און ער האָט אים ארויסגעפירט אין דרויסן, און דאָס איז דאָך געווען (בפירוש) „במחזה", אין א זעונג; אזוי זאָגט ער אויך (יחזקאל): „און ער האָט מיך געלאָזן אין טאל" — און דאָס איז דאָך זיכער געווען אין א וויזיע, וואָרום יחזקאל זאָגט דאָך דאָס אליין: „במראות אלוהים", און ער דערמאָנט טאקע דאָרט אז אין דעם וויזיאנערישן צושטאנד איז ער געבראכט געוואָרן קיין ירושלים. ער גיט איבער די פראזע אין דעם לשון: „און איך האָב דערזען א לאך אין דער וואנט; און גאָט האָט געזאָגט צו מיר: בן אדם, גראָב זיך אונטער אונטער דער וואנט! האָב איך זיך אונטערגעגראָבן אונטער דער וואנט, און אָט איז א טיר קעגנאיבער מיר", אזוי, אז פונקט ווי ער האָט אין וויזיאנערישן צושטאנד באקומען דעם באפעל זיך אונטערצוגראָבן אונטער דער וואנט, ביז ער קומט אריין און זעט וואָס זיי טוען דאָרט; און זיין אונטערגראָבן איז דאָך געווען אין וויזיע, ווי עס ווערט דאָרט בפירוש דערמאָנט „במראות אלוהים", אזוי גייט ער אויך אדורך דעם לאך און זעט דאָרט וואָס ער זעט אין דעם זעלבן וויזיאנערישן צושטאנד. דאָס זעלבע איז אויך ווען ער זאָגט אים: „און דו נעם דיר א ציגל א. א. וו. און לייג זיך אויף דער לינקער זייט א. א. וו., און נעם דיר ווייץ און גערשטן" א. א. וו. אזוי איז אויך ווען ער זאָגט אים: „און פיר דורך א גאלמעסער איבער דיין קאָפּ און דיין באָרד". אזוי אז אָט די אלע זאכן וואָס ער זעט, און די טאטן וואָס ער ווערט באפוילן צו טאָן איז בלויז א וויזיע; וואָרום ס'איז דאָך חלילה (צו טראכטן) אז גאָט זאָל אָנגעמען זיינע נביאים פאר אידיאָטן אָדער שכורים באפעלנדיק זיי צו טאָן משוגעתן — אגב איז דער באפעל (פון גאָט) געבונדן מיט א זינד וואָס ער וואָלט באגאנגען אויף צוויי לאוון (פון תורה) אָפּצוגאָלן דעם עק פון זיין באָרד אָדער די האָרעקן פון זיין קאָפּ! הייסט עס אז דאָס אלין איז געווען בלויז אין צושטאנד פון נביאישער וויזיע.

דאָס זעלבע איז ווען ער זאָגט: „ווי עס גייט ארום מיין קנעכט ישעיהו נאַקעט און באָרוועס" — און דאָס ווערט טאקע דאָרט דערמאָנט מיטן אויסדרוק „במראות אלוהים". דאקעגן דענקען אָבער די קליינקעפּלדיקע מענטשן וועגן דעם אלעמען אז דאָס אלין וואָס דער נביא דערציילט, וואָס ער איז באפוילן געוואָרן צו טאָן, האָט ער עס טאקע געטאָן... אָט פונקט ווי ער דערציילט אז ער איז באפוילן געוואָרן אונטערצוגראָבן זיך אין דער וואנט וואָס געפינט זיך אין דעם הר הבית, בעת ער איז גאָר געווען אין בבל, און ער דערציילט אז ער האָט זיך אונטערגעגראָבן, ווי עס שטייט דאָרט געשריבן: „און איך האָב זיך אונטערגעגראָבן" — און דאביי האָט ער דאך אליין אויבן דערקלערט אז עס איז געווען

„במראות אלוהים" אין וויזיאנערישן צושטאנד; אַט פּונקט ווי עס ווערט געזאָגט ביי אברהמען: „און ס'איז געווען צו מיר גאטס וואָרט אין א געטלעכער זעונג" און אין דער זעלבער זעונג זאָגט ער ווייטער: „און ער האָט מיך ארויסגעפירט אינדרויסן און געזאָגט: קוק צום הימל און צייל איבער די שטערן" — און דאָ ווערט דאָך קלאָר דערקלערט אז ער איז ארויסגעפירט געוואָרן פון דעם אָרט ווו ער האָט זיך געפונען ביז ער האָט דערזען דעם הימל, אין צושטאנד פון געטלעכער וויזיע „במראות אלוהים", און אזוי ווערט ער אויך באפוילן: „און צייל איבער די שטערן" אָט אזוי קומט פאָר די גאנצע דערציילונג וועגן אברהמען, ווי דו זעסט.

אויף דעם זעלבן אופן דערקלער איך אויך דעם אקט וואָס ירמיהו ווערט באפוילן צו באהאלטן דעם גארטל אין טייך פרת, און ער באהאלט אים, און דערמאָנט זיך וועגן אים נאָך א געוויסער צייט און טרעפט אים א צעפוילטן און צעשטערטן. אָט די אלע אלעגאריעס קומען פאָר אין צושטאנד פון נביאישער וויזיע, ווארום ירמיהו איז ניט ארויסגעגאנגען פון ארץ ישראל קיין בבל, און קיינמאָל ניט געזען דעם טייך פרת.

דאָס זעלבע זאָגט ער אויך צו הושע: „נעם דיר א פרוי א זונה און פּראָס־טיטואירנדיקע קינדער", אזוי אז דער גאנצער געדאנק פון זיין געבוירן די קינ־דער און פאררופן זיי מיט די און די נעמען קומט אלץ פאָר אין נביאישער ווי־זיע. יעצט נאָך דעם ווי מיר נעמען זיי אן אלס אלעגאריעס, בלייבט שוין קיין שום צווייפל ניט וועגן דער אומרעאלקייט פון דעם געשעעניש, נאָר טאקע ווי עס ווערט געזאָגט ביי ישעיהון: „און די זעאונג פון אלצדינג איז פאר אייך אזוי ווי ווערטער פון א פארחתמטען געשריפט".

אזוי, שיינט מיר, איז די געשעעניש מיט דער וואל ביי גדעונען און די אנ־דערע זאכן אויך ניט מער ווי א וויזיע, און איך רוף עס ניט אָן קיין נביאישע וויזיע, ווייל גדעון איז נאָך ניט דערגאנגען צו דער מדרגה פון די נביאים, ווער שמועסט צו דער מדרגה פון מופתים! און דער צוועק פון דעם דערציילטן איז אז ער האָט דערגרייכט די גאט־דערקענטעניש צווישן אלע יידישע שופטים, דער־פאר האָט מען אים טאקע פאררעכנט צווישן די לייכטזיניקסטע אויף דער וועלט (צוליב זיין אויספּרווון די געטלעכקייט) — ווי מיר האָבן שוין איינמאָל דער־קלערט; אָבער דאָס אלץ איז פאָרגעקומען אין צושטאנד פון א חלום. אָט ווי מיט זכריהס וויזיעס ווען ער זאָגט: „און איך האָב געפּאשעט די אויסגעשאכ־טענע סטאדע, די ארעמינקע פון דער סטאדע, און איך האָב מיר גענומען צוויי שטעקנס, איינעם האָב איך גערופן „לייטזעליקייט", און דעם צווייטן האָב איך גערופן „בינדשטריק". דאָס פארלאנגען דעם לוין געמיטלעך, דאָס באקומען דעם לוין, דאָס איבערציילן דאָס געלט און דאָס אריינווארפן אים אין טעפּער־הויז — דאָס אלץ זעט ער אין א נביאישער וויזיע וועלכע ער ווערט באפוילן אויס־צופירן, און ער פירט אויס אין וויזיאנערישן צושטאנד אָדער אין נביאישן חלום

— א זאך וואָס איז גאָרניט פאראן וואָס צו רעדן צי ניט פארשטיין, סיידן דער
ביי וועמען עס מישט זיך צוזאמען דאָס מעגלעכע מיטן אוממעגלעכן.

אָט פון דעם אלעמען וואָס איך האָב דאָ אויסגערעכנט קענסטו ארויסנעמען
א באַווייז אויך אויף דעם וואָס איך האָב ניט דערמאָנט — אלין פאָלגט נאָך דעם
זעלבן אופן און דעם זעלבן מעטאָד, אלין איז בלויז נביאישע וויזיע; אזוי אז אלין
וואָס עס ווערט געזאָגט אין יענער זעאונג אז ער האָט געטאָן, צי געהערט, צי
ארויסגעגאנגען, צי ארייגעגאנגען, צי געזאָגט, צי באפוילן געוואָרן צי געשטאנען,
צי געזעסן, צי ארויפגעגאנגען, צי אראָפּגעגאנגען, צי געגאנגען אין וועג, צי
געפרעגט אָדער געפרעגט געוואָרן — אז דאָס אלין איז פאָרגעקומען אין נבי־
אישער וויזיע; ווען אפילו די דערציילטע אקטן זיינען דויערנדיקע, צו פארבונדן
מיט ציַיטן, פערזאָנען און ערטער וועלכע ווערן אָנגעדייט.

און אין די שטלן ווו ס'ווערט דיר קלאָר אז דאָס געשעענע איז בלויז אן
אלעגאָריע, ווייסטו דאָך פארשטיין דעם אמת אז דאָס איז א נביאישע וויזיע.

**זיבן און צוואנציקסטע קאַפּיטל, מורה נבוכים, דריטער טייל**

די טענדענץ פון דער תורה אין אלגעמיין (בארוט) אויף צוויי זאכן: די מאָ־
ראלישע אויסבעסערונג און די פיזישע אויסבעסערונג (פון דעם מענטשן).

די מאָראלישע אויסבעסערונג (איז מאָטיווירט) דורך איבערגעבן דעם המון
די אמתע אידייען, לויט זייער אויפנאמס־מעגלעכקייט, דעריבער זיינען איינקע
אידייען (דייטלעך) ארויסגעזאָגט, און איינקע אלעגאָריש, ווארום דער המון
איז פון דער נאטור אויס ניט פעיק אויפצונעמען דעם זין פון א געוויסער אי־
דייע ווי זי איז (אָנגעדייט אין דער תורה).

דאקעגן די פיזישע אויסבעסערונג באשטייט אין די צווישנאנאנדעריקע
לעבנס פארהעלטענישן, און די פארהעלטענישן קענען זיך נאָר לאָזן פארפולקאָ־
מען דורך צוויי זאכן: דורך עלימינירן די געוואלט־אקטן, ד. ה. אז קיין מענטש
זאָל ניט טאָן בלויז דאָס וואָס אים געפעלט, וואָס זיין ווילן און מעגלעכקייט
(דערלייבן אים); ער דארף נאָר טאָן דאָס וואָס קען ברענגען נוצן אלעמען (דעם
גאנצן מענטשלעכן מין).

און צווייטנס צו לערנען יעדן אינדיווידום פון דער מענטשהייט אזעלכע
זיטן וואָס קענען נוצן דער גאנצער געזעלשאפט, אזוי ארום קען זיך לאָזן אָרגאַ־
ניזירן א קאָלעקטיוו (לעבן).

דארפסט אָבער וויסן אז פון אָט די ביידע טענדענצן שטייט איינע אן שום
ספק אויף א העכערער מדרגה, דאָס איז די מאָראלישע אויסבעסערונג, כ'מיין
צו זאָגן דאָס איבערגעבן אים די אמתע אידייען (וועגן גאָט, וועלט און מענטש).

די צווייטע איז אפריארי אין דער נאטור און אין צייט, כ'מיין צו זאָגן
זיין מאטעריעלע פארבעסערונג, און דאָס איז (אָפּהענגיק) אין דעם שטאטלעכן
פיר, און אין דער ווייטער מעגלעכער פארבעסערונג פון די מענטשלעכע פאר־

העלטעניִשן, און זי איז פּרינציפּיעל די נייטיקסטע; דעריבער האָט מען זיך באַמיט אויסצוטיילן זי דעטאַל אין אַלע באַזונדערע טיילן, וואָרום ס'איז אוממעגלעך צו דערגרייכן דעם ערשטן ציל, אויב מען האָט דעם לעצטן ניט דערגרייכט (דעם מאַטעריעלן וווילזיין).

און דאָס איז שוין אַנאַליטיש דערוויזן געוואָרן אַז דער מענטש באַזיצט צווייערליי שלימותן: די ערשטע איז די קערפּערלעכע שלימות, און די צווייטע איז די גייסטיקע. די ערשטע שלימות קען געמאָלט זיין ווען ער (דער מענטש) איז געזונט, און געפינט זיך אין די בעסטע מאַטעריעלע אומשטענדן, און דאָס איז דאָך נאָר מעגלעך ווען ער באַפרידיקט זיינע באַדערפעניִשן אין יעדן מאָמענט ווען ער נויטיקט זיך, ד. ה. זיין דערנערונג, זיין קערפּערלעכע היגיענע, ווי אַ וווינונג, אַ באַד און א. וו., קיין מענטש קען דאָך אָבער ניט צוקומען צו דעם פּראָפּאָרציאָנעלן (וווילזיין) נאָר אין אַ שטאַטלעכן קאָלעקטיוו, ווי ס'איז שוין פון אויבן דערמאָנט, וואָרום דער מענטש איז פון דער נאַטור אויס אַ קאָלעקטיווער וועזן.

די אַנדערע שלימות ד. ה. אַז דער מענטש זאָל זיין אַן אַקטיוו דענקענדיקער, כ'מיין צו זאָגן אַז זיין שכל זאָל זיין אין אַקטואַציע — אַז ער זאָל קענען פאַרשטיין אַלץ וואָס ס'איז פּאָטענציעל מעגלעך צו באַנעמען פון אַלע עקזיסטירנדיקע וועזנס מיט דער הילף פון דער לעצטער שלימות. ס'איז קלאָר אַז אָט די שלימות באַשטייט ניט אין קיין מעשים אָדער זיטן נאָר אין דענקען אַליין, דאָס האָט שוין די פילאָזאָפיע דערוויזן און די פאָרשונג פעסטגעשטעלט. ס'איז אויך קלאָר אַז אָט די וויכטיקע שלימות קען אַנדערש ניט דערגרייכט ווערן סיידן מען דערגרייכט די צווייטע שלימות (ד. ה. די עקאָנאָמיש-סאָציאַלע). וואָרום דער מענטש קען זיך ניט פאָרשטעלן קיין אינטעלעקטועלן באַגריף, אַפילו ווען מען לערנט אים — ווער שמועסט פון זעלבסטשטענדיקער אינטואיציע, בעת ער שפּירט ווייטיק צי שטאַרקן הונגער, דורשט אָדער היץ, אָדער שטאַרקע קעלט. ערשט נאָך דעם ווי ער דערגרייכט די צווייטע שלימות קען ער דערגרייכן די שלימות, וועלכע איז אָן ספק די וויכטיקסטע, זייענדיק די סבה פון זיין פּערמאַנענטן לעבן, און נישט עפּעס אַנדערש.

און די אמתע תורה (די דאָקטרין) וועלכע מיר האָבן דערקלערט, אַז זי איז איינע, און ניט קיין אַנדערע, איז דאָך די תורה פון משה רבנו, וועלכע איז טאַקע געקומען אונדז באַשענקען מיט אָט די צוויי שלימותן צוזאַמען, דאָס הייסט די פאַרבעסערונג פון די מענטשלעכע באַציונגען צווישנאַנאַנדער, עלימינירנדיק דאָס פאַרברעכן און דערוועקן גוטע און דערהויבענע זיטן, וועלכע דערמעגלעכן די עקזיסטענץ פון דער מענטשהייט, און פאַרפעסטיקן אַ געוויסן סדר צווישן זיי, כדי יעדער איינער זאָל קענען דערגרייכן צו דער ערשטער שלימות (ד. ה. צו גייסטיקער שלימות). און די אויסבעסערונגען פון זיין גלויבן, דאָס איבערגעבן אים ריכטיקע מיינונגען וועט אים דערפירן צו דערגרייכן צו דער לעצטער שלימות.

אין די תורה האָט שוין באַשריבן די צוויי שלימותן, און געזאָגט דעם צוועק פון די אַלע האָקטרינערע געבאָטן, צו וועלכן מיר דאַרפן דערגרייכן. ווי ער זאָגט דאָרט אין דברים ו׳ - כ״ד „און גאָט האָט אונדז באַפוילן צו טאָן אָט די אַלע נאָרמען — אויס מירא פאַר יהוה אונדזער גאָט - בלויז צוליב אונדזער גוטס אין אַלע טעג פון אונדזער לעבן, אונדז לעבן צו לאָזן ווי (איר זעט עס) היינטיקן טאָג, און דאָ (זעט מען) אַז ער גיט פאַרשוים דער לעצטער מדרגה צוליב איר וויכטיקייט, ווי מיר האָבן שוין דערקלערט, אַז זי איז דער לעצטער צוועק; דערפאַר זאָגט ער: „אַז עס זאָל אונדז גוט זיין אַלע טעג פון אונדזער לעבן״. די קענסט דאָך די מימרא פון די חכמים, אויסטייטשנדיק דעם אויסדרוק פון װאָט: „כדי ס׳זאָל דיר גוט זיין און דו זאָלסט פאַרלענגערן דיין לעבן״, האָבן זיי געזאָגט: „עס זאָל דיר גוט זיין אין א וועלט פון אַלדאָס גוטס״, „און דו וועסט פאַרלענגערן דיינע יאָרן! אין א וועלט וואָס איז אינגאַנצן דויערהאַפטיק. און דערפאַר זאָגט ער אויך דאָ: „עס זאָל אונדז גוט זיין אַלע טעג״, איז דער ציל טאַקע דאָס אַליין, ד. ה. צו דערגרייכן צו א וועלט פון גוטס און דויערהאַפטיקייט, און דאָס איז דאָך די פּערמאַנענטע עקזיסטענץ, און דאָס וואָס ער זאָגט „אונדז לעבן לאָזן ווי היינטיקן טאָג״ דאָס איז די קערפּערלעכע עקזיסטענץ (פון יעדן אינדיווידום) וועלכע איז פון קורצן צייט-דויער, און וואָס קען נאָר זיין פולקאָם אָרגאַניזירט אין א שטאַטלעכן קאָלעקטיוו — ווי מיר האָבן שוין פריער דערקלערט.



ש. קאראקושאנסקי

# אויפן ראנד פון דער צייט

עס זיינען נאָך, אפשר, היינט פאראן קינסטלער, וואָס רעדן זיך איין, אז זיי טוען זייער עבודה פאר זיך אליין, אז זיי מאָלן, שרייבן לידער, פּאָעמעס, ראָמאנען, שאפן מוזיק נאָר און אויסשליסלעך צוליב אן אינערלעכן רוף, דרוק, אָדער נויטווענדיקייט, ניט האָבנדיק אין זין דעם קאָנסומענט, דעם אָפּרוף פונעם פובליקום און דעם פשוטן ווולגארן לוין, רחמנא לצלן. דער רוב מענטשן פון דער דערמאָנטער קאטעגאָריע, אָבער, פארשטייט שוין און גיט שוין צו כּיי אינטים ביי זיך און סיי עפנטלעך, אז קונסט, אין אלע אירע פאָרמען, איז ניט מער און ניט ווייניקער ווי איינער פון די אויסדרוק־געביטן, וואָס זיינען דער אינהאלט פון מענטשלעכן לעבן.

אויב עס זיינען נאָך פאראן „פיינשמעקער”, וואָס מיינען, אז קונסט איז מער אפילו פון דער וויסנשאפט און אז דער פּאָעט, למשל, צי דער סקולפּטאָר, דער בינע־מענטש, צי דער לידער איז פון א העכערער מדרגה איידער דער מאטעמאטיקער, איז, אָבער, די אלגעמיינע מיינונג, די דאָמינירנדיקע אין דער ברייטער מאָדערנער געזעלשאפט, אז הרי זה כהרי זה, אז יעדע פונקציע, ווען נאָר באהויכט פונעם שעפערישן דראנג, איז פון דער זעלבער קאטעגאָריע (איןביידע פאלן אקטואירן בעיקר דער אינטעלעגקט און די אינטואיציע). אויב אייראָפּע, די אלטע וועלט, איז נאָך פארעקשנט צו לייגן אלץ צו די פיס פון דער קונסט, די „בת השמים”, קומט דער דרוק פון דער אמעריקאנער דעמאָקראטיזירנדיקער קולטור און רייסט ארונטער אביסל די „בת השמים”, אויפהויבנדיק אביסל די „בת הארץ”, כדי זיי צו שטעלן אויפן ריכטיקן ניוואָ.

אויב עס זיינען נאָך פאראן עלעמענטן, וואָס ווילן ניט זיין קאָנסעקווענט, און זייט ביי זייט מיט דעם פרייען געדאנק, וואָס לאָזט זיך ניט פארפירן פון מיסטיפיקאציעס, נערן זיי ווייטער דעם גלויבן אין דער אייגנאייגנציקער ווערט פון דער קונסט, פירט, אָבער, אלעמען דער ברייטער שליאך פון דער מאָדערנער קולטור צו דער לאָגישער און נויטווענדיקער מסקנה, אז יעדע מענטשלעכע שעפערישע טעטיקייט איז ווערטיק און ווירדיק, ווייל די קונסט — אויף אלע אירע צווייגן — און יעדע אנדערע מי פון דעם מענטש איז געריכ־

טעט צו דעשיפרירן אַלע נאַטור-סודות און פארשענערן און פארבעסערן דעם מענטשלעכן קיום אין דער קעגנוואַרט און אין לויף פון די צייטן.

וואָס וואָלט געווען דער מענטש און וואָס וואָלט באַטראָפן זיין לעבן אָן דער קונסט? — פונקט אַזוי ווי אָן דער מאַטעמאַטיק, פונקט אַזוי ווי אָן דער טעכניק. אויב די קונסט האָט געפלעגט אין דעם מענטשן די בענקשאַפט צו די הייכן, דאָס לעבן נאָך די פליגלען, איז געקומען די טעכניק און דאָס צוגעשטעלט, איז געקומען די וויסנשאַפט און געצייכנט די פאַרקער-ליניעס צווישן לענדער און קאָנטינענטן (און אפשר בקרוב צווישן די פּלאַנעטן).

די דאָזיקע מסקנה, צו וועלכער עס פירט, ווי אויבן געזאָגט, דער ברייטער שליאַך פון דער מאָדערנער קולטור, איז אויך נויטווענדיק, ווייל יעדע מענטש-לעכע טעטיקייט האָט נויטיק אַ תיקון, האָט נויטיק באַוווּסט צו ווערן איבער איר ווערט, ווייל אַנדערש איז זי אַ לאַסט, אַ צוואַנג (אַ. גאָרדאָן). דאָס לעבן פון די מענטשן, אָדער פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט איז ניט און קען ניט זיין אַ „סטאַר"-שפּיל, נאָר אַן אַנסאַמבל-שפּיל. אויף ווי ווייט דאָס שטאַרקע ליכט וועט פאַלן אויפן „סטאַר", לאָזנדיק דעם אַנסאַמבל אין טיפן שאָטן, אַזוי לאַנג וועלן די אַראָפּגעדריקטע וואַסערן זיך הויבן צייטנווייז איז מעכטיקע כוואַליעס פון צאָרן און דראָונג.

איז דען דאָס פאַראַקערן און פאַרזייען און באַדעקן אַ פעלד מיט זאַנגען ניט קיין ווערק, וואָס פאַרדינט אונדזער דרך ארץ, אָדער אונדזער הייליקן ציטער? ביאַליק האָט געגעבן אויסדרוק צו דעם ציטער אין זיין „בשדה". קיין מאַניפעסטאַציע פון מענטשן קען ניט געמאָלט זיין אָן ריטם, אָן געזאַנג. און איז דען די מעטאַל-גיסעריי, מיט איר גאַנצער קאָמפּליצירטער מאַשינעריע, ניט קיין ווערק, וואָס פאַרדינט אונדזער אַכטונג, אָדער באַוווּנדערונג, אפילו? ווען עס זאָל זיך ניט זינגען אינעם מענטשן, וואָלט ער קיין ווערק — פון וועלכן מין עס זאָל ניט זיין — ניט געקענט דורכפירן. און אַ שיף ווערט דען אויפגע-שטעלט אָן דעם עס זאָלן מיט איר וואַקסן אויך וואַקסן די טענער אין דער נשמה פון אירע בויער? אויב די בויער גופא קענען עס ניט באַווייזן, און די קונסט קומט זיי צו הילף און ברענגט צום אויסדרוק דאָס שטומע געזאַנג פונעם שיף-בויער, פון דעם גאָרטן-פלאַנצער און פעלד-אַקערער — צי מיינט עס דען, אַז די קונסט אַליין איז די איינציקע אייביקע ווערט? מיינט עס ניט, אַז די איי-ביקע ווערט איז אויך דאָס שטומע געזאַנג פון דעם שיף-בויער פון דעם גאָרטן-פלאַנצער און דעם פעלד-אַקערער?

די דאָזיקע מסקנה דאַרף ערשט רעכט אַריינדרינגען אין דער יידישער געזעלשאַפט, ווי די „עם-הספר'דיקייט" (אין מדרש'דיקן, מוסר'דיקן, פּלפּול'דיקן און בעלעטריסטישן זין פון וואָרט) האָט גורם געווען דערצו, אַז דאָס ספר אַליין זאָל אויסשליסלעך דאָמינירן. אפילו דער חסידיזם, וואָס האָט געזאָלט זיין די רעאַליזציע אין דעם דאָזיקן פרט, האָט ניט באַוויזן זיך צו באַפרייען אינגאַנצן פון דער „עם-הספרדיקייט", און זייט ביי זייט מיט זיין פרעדיקן, אַז

דער עיקר איז דאָס האַרץ, האָט ער דערהאַלטן דעם עס־הספּדיקן „סטאַר"־שפּיל אויף דער יידישער גאַס, ווו דער אַנסאַמבל האָט זיך ניט באַוויזן אָנצוּוואַרעמען.

וואָלט דעם חסידיזם געווען באמת געלונגען אָנצוּוואַרעמען דעם „אַנסאַמבל", די יידישע מאַסע, וואָלט דאָס יידישע לעבן היינט געהאַט אפשר אַן אַנדער פּנים, ניט געקוקט אויפן חורבן־אייראָפּע, און עס וואָלט ניט געווען, אפשר, קיין פּלאַץ, אין אונדזער לעבן, אין אונדזער וואָרט און שריפט, פאַר דער האַמלעטישער פראַגע אין תפוצות־מאַסשטאַב: זיין אָדער ניט זיין?

כדי ניט פאַרשטאַנען ווערן שלעכט אין מיטן דעם קריזיס אויפן מאַרק פון יידישן ספר, וועט כדאי זיין צוצוגעבן, אַז אפשר איז דער גאַנצער קריזיס אויפן דאָזיקן מאַרק א פּועל יוצא פון דער איינזייטיקייט פון יידישער שאַפונג. מיר האָבן אַזוי פיל ליכט קאָנצענטרירט אויף דער אגדה, און אַזוי ווייניק אויף דער הלכה, ווי ביאַליק האָט אָנגעוויזן, אַז מיר האָבן ניט נאָר פאַרלוירן דעם יידישן לייענער, נאָר מיר האָבן אים אויך גורם געווען גרויסן פאַרלוסט מיטן אָפּשליסן אים אין דעם דאָזיקן טויבן ווינקל, ווו ער האָט שווער דערהערט דאָס וואָרט, אָדער די שטים פון דער צייט, וועלכע האָט גיגאַנטיש פון אים אַוועקגעשפּאַנט. איצט, ספּעציעל, ווען מיר זיינען געבענטשט געוואָרן מיט א יידישער מדינה, איז צייט אָפּצוּלענקען דעם יידישן מענטש פון דעם דאָזיקן טויבן ווינקל, הויבנדיק דעם ווערט פון יעדער שעפערישער טעטיקייט און געבנדיק א תיקון צו יעדן יידישן טראָפּן שווייס, וואָס מאַכט פּראָדוקטיק אפילו בלויז א שטח פון דלת על דלת.

אויב עס זיינען נאָך פאַראַן קריזן, וואָס צווישן דעם קינסטלער און בירגער סתם, געבן זיי דעם ערשטן דעם אומקאָנדיציאָנעלן אויבנאָן, ווערן מיר, אָבער, אָן שום ספק, וואָס ווייטער אַלץ ניכטערער אין דעם פּרט און מיר דערנענטערן זיך מיט זיכערע טריט צו דעם מאָמענט, ווען די קונסט אַליין וועט ניט זיין קיין איבערוואָג, ווייל דער קינסטלער וועט אויפהערן צו זיין א פּריי־שיסער, ווי ער איז עס לפנים געווען אין משך פון דורות, איבערגייענדיק צו דער ראָל פון א מיטגייער, רעכטלעך און פאַקטיש, אויפן ברייטן שליאַך פון דער אַלגעמיינער מענטשלעכער שעפערישקייט. דער אויסנאַם־מענטש דאַרף ניט אויפגעשרויפט ווערן, בעת דער געוויינלעכער מענטש טאָר ניט אַראָפּגעשרויפט ווערן. ביידע דאַרפן גלייך פאַרמענטשלעכט ווערן פאַר דער טובה פון דעם מין מענטש.

אויף דער איבערפלאַך זעען מיר נאָך, אמת, די הערשאַפט פון דער מיטלאַלטערלעכער ריטערלעכקייט. די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט פון דער געזעלשאַפט ווערט נאָך קאָנצענטרירט, דורך פאַרשידענע אָרגאַנען און אַפּאַראַטן, אַרום די ריטערס פון דער געזעלשאַפט, אין דער פאָרם פון פּאָליטיקער, לידער, דענקער און קינסטלער. עס באַקומט זיך נאָך דער איינדרוק, אַז די גאַנצע מענטשהייט לעבט אַך ורק א דאַנק און אין זכות פון אָט דעם דינגעם ריטער־

לעבן שיכט. אין די געדערים, אָבער, פון דער געזעלשאפט ווערט דאָס מער ניט פארדייעט. מען עסט נאָך דאָס דאָזיקע מאכל. מען מאכט נאָך א פנים גלייך עס האָט דעם זיבעטן טעם, ווייל יעדער איינער האָט מורא ארויסצורופן קעגן זיך דעם צאָרן פונעם שכן, אָדער פון אים באטראכט צו ווערן ווי אָפגעשטאנען. אינטים, אָבער, ביי זיך וואקסט דער ווידערווילן צו דער מליצה, וואָס שטעלט פאָר די עטלעכע טויזנט ריטערם אין א געטלעכן לבוש.

אין דער צייט ווען די געטלעכקייט אליין האָט באקומען אן אנדער פנים — ווי קען מען זיך טאקע איינשמועסן, אז עס איז מעגלעך צו האלטן געשפאנט דעם בירגער מיט געטלעכקייט-מליצה?

היינט זיינען דאָך פאראן קראנקע מחות, וואָס נעמען ערנסט די דאָזיקע מליצה, און ווען עס פעלט זיי מיט וואָס זיך אויסצוצייכנען, כדי פארדינען דעם גאָט-טיטל, ווארפן זיי זיך צו מאסן-מאָרד, כדי אויף דעם אופן דעם דאָזיקן טיטל צו דערווערבן. עס איז א בלוטיקע שפיל מיט די „דורשטיקע געטער”. אָט די פריי-שיסערישע קולטור, וואָס האָט דערפירט צו גאז-קאמערן, מוז סאנירט ווערן דורך דער אנטקרוינונג פון דעם יחיד-גאָט, ווייל נאָר אזוי קען די מענטשלעכע געשיכטע געהיילט און אויסגעלייזט ווערן פון דער צעזארישער מהלה, פון דער אלטער גאנגרענישער וואונד, וואָס ברענט אין די ביינער פון דער מענטשלעכער געזעלשאפט.

יידן האָבן גרינטלעך פארשטאנען דעם כח הציבור, און ווען זיי זיינען ניט זיכער געווען, אז דאָס זיין אונטער איין דאך, צווישן די פיר ווענט פונעם זעלבן בית התפילה, פארוואנדלט זיי אין א ציבור מיט א ציבורדיקן כח ממש, האָבן זיי פארווארפן א טלית איבער א טלית, און דורך פאראייניקן די טליתים איבער זייערע צונויפגעגאָסענע קעפ, געזוכט דעם כח הציבור, וואָס קען ווירקן אפילו סאמע אויפן כסא הכבוד.

אָבער ביי דעם דאָזיקן טיפן גלויבן אין כח הציבור, האָט די יידן קיינמאָל ניט געפעלט די פארשטענדניש פאר די רעכט פונעם יחיד, וויבאלד דער דאָזיקער האָט פארשטאנען צו רעספעקטירן דעם ציבור.

עס דארף קיינעם ניט שרעקן, אז די דאָזיקע ציבורדיקע נטיה קען, חלילה, פארגליכן ווערן צו דער נטיה פון די קאָראלן צו לעבן צונויפגעגאָסן און ניט האָבן קיין אנונג פון אינדיווידועלן שוווּנג. צי מיר ווילן, צי מיר ווילן ניט, מוזן מיר אנערקענען, אז ווי דער מענטשלעכער יחיד זאָל ניט זיין מעכטיק, א דאנק מער גרייסע באדינגונגען, איידער א דאנק זיין מאגנעטישער קראפט, זיין גענאלער תפיסה, זיין כשופדיקן בליק און ענלעכע קוואליטעטן, וואָלט זיין המשך מיט אים זיך געענדיקט ווען ניט דער המשך פונעם פאָלק, צי פונעם מין, דורך וועלבן איינציק אליין עס איז פאראן א המשך אין דער פאָרם פון אומענדלעכער מענטשלעכער געשיכטע.

עס וועלן מסתמא אויפקומען קאָלעקטיווע מאָנומענטן אויפן אָרט פון די, וואָס טיילן אוים יהידים (גלייך זיי זאָלן עס זיין די אויבערשטע גורמים פון די

געשיכטלעכע נסים), כדי צו מאכן א סוף צו דעם אומשטערבלעכקייט־און מאכט־געיעג, וואָס הגם ער איז געווען דאָס זאַלץ וואָס האָט גערייצט דעם מענטש צו גיין פאָרויס, צו דראַפּען זיך אין די הייכן, איז ער, אָבער, פון דער אַנדער'ער זייט, געווען אויך דער שטרויכל־שטיין פון דורות, דער מקור פון קאַלעקטיוון צער און צאָרן.

אויב דאָס מאָדערנע טעאַטער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט פון דער ראַמפּע, כדי אַריינצוּוואַקסן אין דעם עולם צוקוקער, כדי ניוועלירן די בינע מיטן זאַל, מיינט עס אפשר, אויבנאויפיק, אַז דאָס טעאַטער האָט פאַרזוכט ניטמער ווי א נייעם עפעקט, וואָס זאָל בעסער בינדן דעם עולם צום טעאַטער, ווען דער פילם פאַרקאָנקורירט אים אין געפערלעכע פּראָפּאָרצן. עס קען, אָבער, געמאָלט זיין, אַז אונטערבאַוווסטזיניק, אָדער אומבאַוווסטזיניק פּיקט זיך אויס דער געדאַנק, אַז אויב דאָס לעבן זאָל שוין אייביק בלייבן א טעאַטער, קען עס ווייטער ניט אָנגיין מיט דער שייד־ליניע, וואָס טיילט פונאַנדער בינע און פּאַרטער, אַקטיאָר און צוקוקער.

אויב אַמאָל איז די פּרעפערענץ געווען צווישן **שיינעם שקר** און **ניט־שיי־נעם אמת** אויף דער זייט פונעם **ערשטן**, איז היינט די לאַגע א פאַרקערטע. דער מענטש גאַרט נאָכן אמת, ווען אפילו ער זאָל ניט האָבן די קאָלירן, וועלכע זיינען **קאַנאָניזירט** געוואָרן ווי די גופי־עיקרים פון שיינקייט.

די קונסט האָט פאַרגעפילט, די קונסט האָט פאָראויסגעזען? — אַוודאי. ווער קען מסופק זיין? דאָס איז, אָבער, ניט דער זכות פון דעם און יענעם, נאָר דער אַלגעמיינער זכות. די מענטשלעכע געזעלשאַפט, וואָס איז די מוטער פון אַלע עקסטאַזן, האָט אויך געבוירן די קונסט. היינט איז דאָך איבעריק אפילו צוצוגעבן, אַז שפּינאָזא, צי גאַליליי, פרויד, צי אַדלער האָבן געפילט אַסך טיפער און געזען פיל ווייטער איידער די העכסטע קונסט, צייכענענדיק פאַר דער לעצטער שפּאַגל־נייע וועגן, אָן צו געהערן צו דער קונסט משפחה. איז דער פאַראַן אַ גרעסערע קונסט איידער די פונעם מענטשלעכן וואָרט סתם? ווער איז גע־ווען דער קינסטלער, וואָס האָט אויסגעטראַכט דאָס וואָרט און וואָס האָט עס בהדרגה פאַרוואַנדלט אין א גערעדטן, געשריבענעם און אויסגעזונגענעם לשון?

עס זיינען געווען די זעלבע, וואָס האָבן געזוכט דורכן ים קאָנטאַקט מיט אַנדערע עקן וועלט, דערפינדנדיק צוערשט די לייוונט־שיפן. עס זיינען געווען די זעלבע, וואָס האָבן סטרונעס איבער האַלץ געצויגן, כדי צו געבוירן טענער, די זעלבע וואָס האָבן פון מעש געגאָסן בלאָז־אינסטרומענטן, כדי צו געבן אויס־דרוק דעם שטורעם פון די בלוטן; די זעלבע וואָס האָבן צום פייער זיך דערשלאָגן, כדי צו באַזיגן די קעלט און כדי זיך באַפרייען ביסלעכווייז פון דער נאַכט־פינצטערניש, אין וועלכער דער מענטשלעכער קיום איז געווען באַדראָט.

וועלכער כח האָט דעם מענטשן געשטויסן צו דער דערפינדונג פונעם וואָרט, צו דער אַנטוויקלונג פון לשון און צו אַלע אַנדערע אויפטוען? — געוויס

אויך דער דראנג צו דערקענטעניש. קודם כל, אָבער, דער דראנג צו מאכן פיל־פארביק און באוואָרענען זיין קיום, וואָס איז געווען אומזיכער צווישן די פיל־שטארקערע פון אים ברואים.

אָבער ווער זיינען עס געווען די אלע, וואָס האָבן געלייגט דעם יסוד פון אונדזער קיום, אזוי גוט ווי פון אונדזער קולטור? — אונדזערע אנאָנימע אור־עלטערן. און דאָס אלין איז מעגלעך געווען נאָר דערפאר וואָס די „נפילים", די קינדער פונעם הימל, וועלכע זיינען אראָפּגעקומען אויף דער ערד צו העלפן דעם מענטשן ארויסצוקריכן פון זיין פינצטערער נאכט, האָבן פארשטאנען, אז ווען אפילו פונעם־הימל־אראָפּגעקומענע, האָבן זיי ניט מער ווי צוגעלייגט אַ האנט צו דעם אלגעמיין־מענטשלעכן ווערק.

דער אייביקער קאמף צווישן יחיד און כלל פאר העגעמאָניע קומט וואָס ווייטער אלץ נעענטער צו קלאָרקייט. פונקט ווי דער כלל איז ניט געווען גע־רעכט ווען ער האָט דעם יחיד געטרעטן מיט די פיס, ווען ער האָט דעם יחיד געבראכט פאר א קרבן צו אלערליי געצן, ווען דאָס האָט אים אויסגעזען אינטערעסאנט, אָדער נויטיק, פארהייליגנדיק, אָדער כפרהדיק, אזוי איז דער יחיד אומגערעכט געווען, ווען ער האָט אָנגעשטעלט א ביטול־בליק אויף דעם כלל, זעענדיק אין אים א פינצטערע מאסע, וועמענס עקזיסטענץ וואָלט ניט געהאט קיין שום זין ווען ער, דער באגאבטער יחיד, זאָל זי ניט האָבן נויטיק צו באוווּנדערן זיין ווערק, צו אפּלאָדירן זיינע מעשים, צו שאפן די נויטיקע באדינגונגען פאר זיין מאיעסטעטישער אויסלעבונג. דער בלינדער עגאָיזם האָט גורם געווען דערצו, אז דער מענטש זאָל ביי זיך אנטוויקלען דעם גלויבן, אז אלין, וואָס גאָט האָט באשאפן אויף דער וועלט, איז ניט מער ווי פאר זיין הנאה וועגן. דער זעלבער עגאָיזם האָט גורם געווען דערצו, אז צווישן די מענט־שן גופא זאָלן זיך שאפן גרופּעס פון ווילגעבוירענע, וואָס זיינען בארעכטיקט צו נוצן אנדערע מענטשן־גרופּן, קלאסיפיקירטע ווי געמיין־געבוירענע, פאר זייער הנאה וועגן. דער גרויסער פלאטאָן, אפילו, האָט זיך ניט געקענט בא־פרייען פון אָט דער פרימיטיווער איינשטעלונג צווישן די מענטשן. און אונדזער גרויסער רמב״ם איז אויך אויף די אריסטאָטעלישע וועגן, פארגעסנדיק דעם טיף־מענטשלעכן יידישן „כל ישראל יש להם חלק לעולם הבא" און איינגייענ־דיק אויף דעם „השארית הנפש" פאר בלויז יחידי־סגולה (שפינאָזא האָט דאָס זעלבע ארויסגעבראכט אויף זיין שטייגער).

ווער האָט מער געווירקט פאר דער פאָרמירונג פון דער היינטיקער געזעל־שאפט — דער פלאטאָנישער איינשטעל פון דריי מינים מענטשן, דעם רמב״מס צוטיילן עולם הבא פאר בלויז יחידי־סגולה, אָדער דער פאָלקסטימלעכער פרק? דער ענטפער רעדט פאר זיך אליין. די אלץ־ווייטער און ברייטער שפאנענדיקע דעמאָקראטיזירונג צווישן די מענטשן און פעלקער איז אין סתירה מיט דעם פאגאניזם, וואָס האָט אָדער פארגעטערט די מזלות, אָדער די פרעה'ס, די צע־זארס פון אלע מינים, און אין פולן הסכם דערמיט, וואָס דאָס אלטע אייביקע הומשל און זיינע מפרשים־מלמשיכים האָבן פארפאָלגט.

ניט אומזיסט האָט יעדע קרוינונג געוועקט דעם צאָרן פון די נביאים און זייערע מפרשים. זיי האָבן פארשטאנען, אז די קרוינונג, וואָס הויבט אויף אַ מענטשן איבער אלעמען, קען ניט ניט שעדיקן די ווערדע פונעם ציבור. ניט אומזיסט ציט זיך איבער דער לענג און ברייט פון אונדזער טויזנטיעריקער קולטור דער קאמף אויף ביידע פראָנטן: סיי קעגן דער העגעמאָניע פונעם כלל און סיי קעגן דער אליינהערשאפט פונעם יחיד. אין ביידע פאלן קומט דער זעלבער רעזולטאט: געוואלד. אין ביידע פאלן ווערט געשעדיקט דער גלייכגע־וויכט, ווערט צושטערט די הארמאניע. יחיד און כלל דארפן זיך קעגנזייטיק פארשטיין און רעספעקטירן, ווייל אויף ביידע גרונדפעסטיקט דער קיום פונעם מענטשלעכן מין. די אנערקענונג, וואָס דער כלל טראָגט אונטער דעם באגאבטן מיטגליד, דארף געמאכט ווערן אזוי, אז זי זאָל אים ניט מעביר דעת זיין, בעת די אנערקענונג, וואָס דער יחיד לייסטעט דעם כלל, טאָר ניט זיין קיין שקלאַ־פישע, קיין חניפהדיקע, אָבער אויך ניט א פון־אויבן־אראָפּיקע. דער קלימאקס פון ביטול־קוק פונעם יחיד קעגנאיבער דעם כלל, וואָס איז געקומען צום אויסדרוק אין ניטשעס ווערק, האָט געמוזט זיך ענדיקן מיט דער קאטאסטראָ־פע פונעם יחיד. אין דעם פאל האָט דער יחיד ארויפגעקלעטערט ביז צום אייז־שפיץ, נאָך וועלכן עס איז ניט מעגלעך געווען ווייטער צו קלעטערן (געאָרג בראנ־דעס) און אויף וועלכן עס איז געווען קאלט און פוסט. ווען מאקסים גאָרקי איז געלאָפן זיך „באָדן אין פאָלק", האָט ער עס שוין געטאָן אודאי דערפאר וואָס דער יחיד האָט מורא באקומען פארן אייז־שפיץ, דערפאר וואָס דער יחיד האָט איינגע־זען, אז די ברענענדיקסטע זון־שטראלן קענען ניט דערווארעמען איינעם, וואָס גייט אוועק צו זיך אליין. דער נאָך־ניטשעאנישער דור, כאָטש ער האָט פאראדירט א צייט מיט די **אויבערמענטשלעכע** טערמינען, איז שוין געווען גענוג סענסי־טיוו, כדי צו פארשטיין די באדייטונג פונעם הויך פון פאָלק און געזעלשאפט, אין דער אָפּוועזנהייט פון וועלכן דער געדאנק, ווי די קונסט, די דיכטונג, ווי די מוזיק, פרירן, גליווערן. דאָס בלוט גופא, דאָס יונגסטע בלוט צירקולירט ריט־מיש נאָר דאן, ווען בשכנות איז אויך פאראן ענלעך בלוט. אז מיר באזינגען די שיינקייט פון די בערג, איז ניט גענוג אז די בערג זאָלן עס הערן און וויסן. מיר האָבן נויטיק אן אויער, א מענטשלעכן אויער, וואָס זאָל דאָס אויפנעמען, כדי אונדז צו געבן כח און סטימול צו ווייטערן געזאנג. אָן דעם דאָזיקן אויער זינגט זיך ניט, אָן דעם אויג פונעם שכן מאָלט זיך ניט, גיפּסעוועט זיך ניט. מער ווי עס ווירקט אין אונדז די אינערלעכע נטיה צו געזאנג, מאָלעריי, סקולפטור, ווירקן די וויבראציעס, וואָס גרייכן צו אונדז פון די דערמאָנטע אויפנאם־אפּאַ־ראטן. די געניאלסטע פינגער פונעם פיאניסט, צי פידלער, וואָלטן גאָר ניט גע־קענט אויפטאָן, ווען די קלאַווישן, צי סטרונעס וואָלטן ניט געטראָגן אין זיך דעם געוווּנטשענעם אָפּרוף. דאָס געניאלסטע ליד וואָלט געבליבן ניט מער ווי א צונויפשטעל פון שטומע אותיות, ווען דער מענטש־לייענער וואָלט ניט גע־

טראָגן אין זיך אַלע שטאַפן, פון וועלכע דאָס ליד ווערט צונויפגעשטעלט. דיכטער און לייענער, זינגער און הערער, מאָלער און זעער בלייבן ניט שולדיק גאָר ניט איינער דעם צווייטן, אָדער בלייבן זיך שולדיק קעגנזייטיק די טיפסטע אנערקענונג. ביידע זיינען זיי געבענטשט מיט דער מענטשלעכער גאָב צו פילן די דינסטע־טיפסטע טענער פון וועלט און לעבן, בשעת איינער פון די צדדים גיט דעם דאָזיקן געפיל אויסדרוק אין א שיינער אָרגאניזירט פאָרם.

פאר זיך אליין וואָלט דער מענטש ניט געווען געשאפן דאָס אלטע אייביקע הומשל, געבנדיק אין אים דאָס בילד פונעם אויפקום פון דער וועלט און פון דער פאָרמירונג פון דער מענטשלעכער געזעלשאפט.

פאר זיך אליין וואָלט ער ניט געווען געבוירן די אידעע פון אויפשטעלן שטעט, בויען שיפן, דערפינדן דעם אַוויאָן, ראַדאַר און אלע אנדערע אלטער-מיטלעכע און אולטרא־מאָדערנע ווונדער.

די גאנצע מענטשלעכע געשיכטע איז אין סתירה מיט דעם עגאָיסטישן צוגאנג צום מענטשלעכן לעבן. זי וואָלט גאָר ניט, די געשיכטע, געקענט געמאָלט זיין אונטער דער ממשלה פונעם עגאָיזם. איין דור לעבט צוליב דעם אנדערן, כדי דערגענצן וואָס דער פריערדיקער האָט אָנגעהויבן און געבן אן אדערויף דעם שפּעטערדיקן, בשעת אלע דורות לעבן צוליב א ווייטן ציל, וואָס גיט א זין און א תיקון דער פארגייִלעכקייט פון דורות. איין מינוט לעבט צוליב דער צווייטער, בשעת דער היינט, דער גליקלעכסטער אפילו, דער היינט פון גרעסטן עקסטאַז, לעבט צוליב דעם מאָרגן, און דער מאָרגן — צוליב דער ווייטער צוקונפט. פאר זיך אליין לעבט זיך ניט. זיך אליין ליבט מען ניט.

פאר זיך אליין לעבט זיך ניט. פאר זיך אליין שאפט זיך ניט. וואָס ווייניקער אַוועק מיר וועלן האָבן פארן יידישן וואָרט, פארן יידישן געדאנק, אלץ ווייניקער חשק וועט זיין דאָס וואָרט און דעם געדאנק ארויסצוברענגען. עס זיינען אַוועק די צייטן, ווען מענטש האָט געקענט רעדן צו זיך אליין, ווען מענטש האָט געקענט פאר זיך אליין אויסטראָגן א געדאנק. דער שכר אויף יענער וועלט, אָדער אפילו דער שכר פון דער נאָענטער, צי ווייטער צוקונפט, וואַרעמט ניט מער. דער קלאנג וואקסט היינט אויסשליסלעך מיטן אָפּקלאנג, אָן וועלכן ער הערט אויף קלינגען. אזוי פיל קראפט און זכות האָט א וואָרט, וויפל עס ווירקט אין סאמע לעבן פון די מענטשן. דאָס וואָרט לשם וואָרט איז א קיילכדיקע פארגאנגענהייט.

וואָס איז אן איינס אין דער אומצאָליקייט? וואָס באטרעפן ד׳ אמות אינעם אין־סוף? ערשט אין דער אטאָמישער צייט, ווען אין איין אויגנבליק סטייעט ניט א האלבער מיליאָן מענטשן, איז די מענטשלעכע איינס מוראדיק רעדוצירט געוואָרן. דער איבערמענטש געפינט דאָ ניט קיין הענט און פיס, טוליענדיק זיך צו דער פאָלקס־איינס, וואָס איז איינציק אליין בכח צו ראטעווען אים פון פארגייִלעכקייט.

אָבער ווי ווייט מיר זאָלן ניט פריידיק ציטערן איבער דער אמעריקאַנער. דעמאָקראטיזירנדיקער קולטור, וואָס איז בלי ספק דורכגעדרונגען מיט

יידישן איינפלוס און וואָס אימפּאָנירט זיך אלץ מער און מער, שרעקט אונדז די מורא, אז אין דער ניוועלירונג זאָל ניט זיין באהאלטן די געפאר פון אראָפּ־ברייגגען דעם מענטשן צוריק צו זיין שפלדיקן מצב פון טיפן אוראלט, ווען אויף דער ארענע פונעם היינטיקן אָקסן־קאמף איז אויפגעטראָטן ער אליין, בכבודו ובעצמו, דער צלם־אלקימניק, דער מענטש.

אויב די גאווה, דאָס פארררייסן די נאָז פונעם יחיד איז סאָציאל אומגערעכט און שעדלעך, איז ניט ווייניקער שעדלעך דאָס נאָכגיין בלינד דעם ווילן פון דער גרויסער מערהייט, וואָס איז ניט אלע מאָל זעעוודיק, ווייל ניט אלע מאָל איז „קול המון כקול שדי”. אויב מיר געבן היינט א מילדן, פארצייילעכן שמייכל איבער די תמימותדיקע רייד פון די אינדיווידואליסטן אין דער קונסט און אין געדאנק, וואָס פלעגן מאכן דעם אנשטעל פון געטער, זיינען זיי, אָבער, געווען בארעכטיקט אין א געוויסער מאָס, ווייל באוווסטזיניק, אָדער אומבאוווסטזיניק איז אזוי ארום אויפגעטורעמט געוואָרן די הייך פון דער מענטשלעכער פערזענלעכקייט, די פעסטונג פון דער אומבארירלעכקייט פון דעם מענטשלעכן קיום. עס איז, אָבער, מער ווי קלאָר, אז דער עקסטרעמער אינדיווידואליזם און דער עקסטרעמער קאָלעקטיוויזים זיינען ביידע גלייך סאָציאל־שעדלעך און עטיש־געפערלעך אן און פאר זיך און אויך צוליב דעם, וואָס די עקסטרעמען באגעגענען זיך, אידענטיפיצירן זיך.

סאָציאל געזונט, סאָציאל ריין און ציכטיק, סאָציאל גערעכט און פארנונפטיק איז אָן ספק דער צוגאנג פון תמימותדיקן פרק, וואָס אין די פשוטע ווערטער „כל ישראל יש להם חלק לעולם הבא” ברייגגט ער צום אויסדרוק דעם הארמאָנישן איינשטעל צווישן יחיד און כלל, ווייל **כל ישראל** מיינט סיי דעם איינצלנעם ישראל, כיי דאָס פאָלק ישראל. דער איינצלנער ישראל, הייסט עס, איז נאָר דאן בארעכטיקט אויף א הלק לעולם הבא, ווען ער איז א חלק פון כל ישראל. ניט אליין פאר זיך איז ער דערויף בארעכטיקט. איינער איז קיינער, לויט דעם יידישן קוק אויפן מענטשלעכן לעבן, כאָטש ער באטרעפט איינער אליין אן „עולם קטן”, ווען עס ווערט אָנגעגריפן זיין עקזיסטענץ. אין פרידנסצייטן, אין נאָרמאלע באדינגונגען איז ער א טייל פון גאנצן, א גליד פון א גרויסן אייביקן כלל, דורך וועלכן ער ווערט פאראייביקט.

וואָס קען זיין גרעסער פון א צלם־אלקימניק? דאכט זיך, אז דער אויבערמענטש איז א המשך דערפון. ווער עס זאָל זיך באקענען אויסשליסלעך מיט אָט דער יידישער הנהה, וואָלט טאקע געמאכט דעם דאָזיקן טעות. לייענט מען, אָבער, ווייטער דאָס חומשל, באמערקט מען באלד אז די הארמאָניע צווישן יחיד און כלל זינגט ארויס פון יעדן פון די יידישע אותיות.

אָט די הארמאָניע איז נויטיק כדי די אטאָמישע דערגרייכונג פון אונדזער צייט זאָל ניט זיין די לעצטע. אָט די הארמאָניע דארף זיין די אינספיראציע פון דעם מענטשלעכן געדאנק און וואָרט, קלאנג און געמעל, כדי מיר זאָלן ניט פון נאכט אויף טאָג מאכן דעם טויטן־שפרונג אין תהום אריין, אין דער נאכט אריין פון פרימיטיוון עלנט.

מען דאַרף נאָך נעמען אין באַטראַכט דעם יידישן שבת, די קדושה פון וועלכן כאַפּט אַרום אַלין און אַלעמען, איינשליסנדיק די בהמה און הויז־חיה, כדי צו פאַרשטיין ווי ווייט דער יידישער קוק אויף וועלט און לעבן האָט אָפּגע־שאַפט די מחיצה, דעם תהום צווישן פּערזענלעכקייט און בירגער, ווי ווייט דאָס יידנטום, אין זיין סאַמע פּרימיטיוון אויפגאַנג, האָט דערשפּירט די נויטווענדי־קייט פון פאַרנייען דעם ריס צווישן יחיד און כלל. גאָט אַליין רוט דאָך אום שבת, דער גאַנצער קאָסמאָס ווערט איינגעהילט אין קדושה־רו. קיין סתירה ניט צווישן די עלעמענטן פון דער יצירה, פון מעשי בראשית. אַלע ווערן איינ־געגלידערט אין איין גאַנצקייט און אַלע טיילן די גרויסקייט פון דעם **גאַנצן**, פּונקט ווי דאָס **גאַנצע** אין ניט מבטל, האָט פאַרשטענדעניש פאַר יעדן קלענסטן טייל זיינעם. גאָט אַליין הערט אויף צו זיין דער הערשער פונעם באַשאַף, ווע־רנדיק איינגעגלידערט אין דער גרויסער משפּחה פון מענטש און וועלט, טיילנ־דיק מיט זיי אינאיינעם די רו און די קדושה. ס'איז ניט קיין קדושה־טאָג פון יחידי־סגולה, ווייל אַלע זיינען גלייכע יחידי־סגולה, וויבאַלד זיי אָטעמען מיט לעבן, וויבאַלד זיי טוען דורך דער וואָך יעדער זיינע מעשי־בראשית, וויבאַלד זיי זיינען קינדער פון דער וועלט.

וואָס באַטרעפט אָן איינס אין אַן אומצאָל? — דער מענטש איז, אָבער, אַמאָל אַ געפּערלעכע איינס. ווען איין היטלער שטעקט זיך אָן מיט דעם שנאה־באַציל, ברענגט ער אום אַ גאַנצן דור, שפּרייטנדיק חושך אויף ווייטערדיקע דורות.

אויפן אינדיווידואַליסטישן מיכט קען אַלע מאָל אויסוואַקסן אַזאַ און ענ־לעכע פּאַרזענעניש, וואָס איז געפּערלעך. אָט די פריי־שיסעריי פון יעדן איינעם, וואָס קוועטשט פון זיך אַ פּערזענלעכקייט, איז אַנטי־סאָציאַל. די פריי־שיסעריי, וואָס איז נאָך דער ליבלינג אין געוויסע קרייזן פון געדאַנק און וואָרט, קלאַנג און געמעל, ספּעציעל אין די מאַכט־קרייזן, דאַרף אָפּגעשאַצט ווערן אינעם ליכט פון דער לעצטער קאַטאַסטראָפע, כדי איר אָנצווייזן איר געהעריק פּלאַץ. פּונקט ווי עס וואַקסט אונדזער פּראָטעסט קעגן קאָלעקטיוון געוואַלד, אַזוי ניט ווייניקער דאַרף זיך מאַניפעסטירן אונדזער ווידערווילן צו דער פריי־שיסעריי, אָנגעשטעקט פון אַנטי־סאָציאַלן באַציל, מעג עס זיין אין געדאַנק, אין וואָרט, אין קלאַנג, צי אין געמעל.

פּערזענלעכקייט און בירגער — ביידע זיינען זיי אייביקע דערשיינונגען אין דער מענטשלעכער געשיכטע, פּונקט ווי אייביק זיינען דאָס שטילע פלאַכע וואַסער און די אין־דער־הויך־זיך־רייסנדיקע כוואַליעס. פּונקט, אָבער, ווי די כוואַליעס גיסן זיך שפּעטער צוריק און טיילן זיך קיינמאָל ניט אָפּ פונעם וואַ־סער, וואָס איז זייער שטאַם, אַזוי דאַרפן פּערזענלעכקייט און בירגער זיך אי־דענטיפיצירן, כדי דער מענטשלעכער שטאַם זאָל ניט געשטערט ווערן אין זיין ריטמישן גאַנג אין היסטאָרישן אין־סוף.

- שמואל ניגער, ז״ל
- הונדערטסטער געבוירנטאָג פון זיגמונד פרויד
- היינריך היינע
- דר. יעקב שאצקי ז״ל
- ה. רויזענבלאַט ז״ל

# שמואל ניגער, ז״ל

ס׳איז זעלטן, דאכט זיך, אז א ליטעראַטור-קריטיקער זאָל ביי וועלכן-עס-איז פאָלק דערגרייכן אזא פּאָפּולאַריטעט, ווי דאָס איז געווען דער פאַל ביי אונדז יידן, מיט שמואל ניגער (טשאַרנע). דאָס האָט, אפשר, צו דאַנקען אין א געוויסער מאָס דעם פאַקט, וואָס יידן זיינען מער „להוט" צו דער קריטיק, איידער צו די ווערק און זייערע שאַפער, אויף וועלכע די קריטיק רעפערירט זיך. דער עיקר איז דאָס פאַרבונדן דערמיט, וואָס ניגער האָט אויך סאָציאַל באַגלייט דאָס יידישע לעבן, אָפּרופנדיק זיך סיי אויף דערשיינונגען פונעם געזעלשאַפטלעכן שטח, סיי אויף אַזעלכע אויפן שטח פון יידישן חינוך און אַלע אַנדערע שטחים פונעם יידישן לעבן, אין קעגנוואַרטיקן און היסטאָרישן זין פון וואָרט.

צי האָט ער מצליח געווען אין זיינע אַלע אַנדערע אָפּרופן אויפן יידישן לעבן, ווי אין זיין ליטעראַטור-קריטיק, איז דאָ ניט דאָס פּלאַץ צו פאַרטראַכטן זיך. דאָס האָבן שוין, אגב, געטאָן, ווי עס וועלן עס טאָן מענטשן, וואָס זיינען געשטאַנען נענטער צו זיין פּילזייטיקער טעטיקייט. פאַר אונדז דאָ וועט זיין גענוג צו דערמאָנען, אין כבוד פון זיין אָנדענק, די פּילזייטיקייט פון זיין לע-בנס-ווערק, וואָס נעמט אַרום די תקופה פון דער מאָדערניזירונג פונעם יידישן לעבן און פון דער יידישער ליטעראַטור.

זיין טעטיקייט, סיי אַלס קריטיקער און סיי אַלס געזעלשאַפטלעכער און קולטור-עסקן, האָט ניגער אָנגעהויבן נאָך אין דער אַלטער היים. ער האָט, אָבער, לאַנג ניט אַקטואירט אין דער אַלטער היים. ער איז פרי אַוועק אין די פאַראיי-ניקטע שטאַטן פון צפון-אַמעריקע, ווו ער איז אויסגעוואַקסן צו א פאָלקס-פי-גור. מיר זאָגן פאָלקס-פיגור, ווייל נאָר אַלס אַזאַ האָט ער געקענט פאַרנעמען די דערוואָרבענע פּאָזיציע. אַן אויסשליסלעכער ליטעראַטור-קריטיקער וואָלט אויך ביי יידן ניט געקענט דערגרייכן די פּאָפּולאַריטעט, צו וועלכער ניגער האָט זוכה געווען.

און עס איז טאַקי אויך א זכיה, ווייל ווען אפילו מען באַזיצט אַלע מכשירים פאַר א ווערק, ווי דאָס וואָס ניגער האָט געלאָזט בירושה, קען זיך אַמאָל דער שטן שטעלן אין וועג. אָט טאַקע ווען ניגערן זאָל געווען אויסקומען צו בלייבן אין „פאָרווערטס", אונטער דער השגחה פון אב. קאַהן, ווו ער האָט אָנגעהויבן

זיין ליטעראַרישע טעטיקייט אין צפון-אמעריקע, ווער ווייסט וואָס זיין גורל וואָלט געווען און וועלכע פירות זיין פען וואָלט געווען פּראָדוצירט. די השגחה האָט זיך דאָ אריינגעמישט און געבראכט ניגערן אין „טאָג“, ווו ער האָט געהאט די נויטיקע פרייע ליפט צו אָטעמען און אויסאָטעמען, פול און גאנץ, זיין לעבנס-ווערק. עס איז ניט גענוג האָט געזאָגט געטהע — צו געבוירן ווערן א גאון — מען דארף נאָך האָבן דערצו די גינסטיקע סביבה, גינסטיקע צייט און גינסטיקע אומשטענדן. ניגער האָט דאָס אלין געטראָפן אין דער יידישער ניו-יאָרק, און ער האָט עס ברכה׳דיק אויסגענוצט פאר דער אייגענער טובה און פאר דער טובה פון די יידיש-לייענענדיקע דורות.

ווער עס האָט אים געקענט פערזענלעך, ווייסט אגב, אז ניגער האָט ניט בלויז געהאט אין זיין באגאזש די קולטור-שפע, וועלכע האָט באקומען אויסדרוק אין זיינע ווערק, נאָר אויך די יידיש-ליטווישע פיקחות, א דאנק וועלכער ער האָט באוויזן צו בלייבן ביים עמוד ביזן סוף. עס איז ניט גענוג צו זיין באוואָרנט מיט אלע מעלות פונעם בעל-שם, כדי צו בלייבן דער דאָזיקער א גאנין לעבן. עס איז נייטיק צו וויסן ווי צו דערהאלטן די ליבע בצירוף מיט דרך ארץ פון די טויזנטער חסידים. ניגער האָט געוווסט דורכצומאכן אלע סאָציאל-פּאָליטישע און קולטורעלע קריזיסן ביי יידן פאר די לעצטע פערציק יאָר ספּעציעל אָן דעם ער זאָל נכשל ווערן. ער האָט געוווסט אריבערצוגיין די „עידנא דריתחא“, בלייבנדיק ביזן סוף טריי זיין געלאסענעם צוגאנג צו די ברענענדיקסטע פראגן. עס האָט אים ניט געאַרט און ער איז ניט ארויס פון די כלים, ווען ער האָט געמאכט א טעות איבער שטה פון די סאָציאל-פּאָליטישע פּראָבלעמען ביי יידן, פונקט ווי ער האָט ניט געלאָזט אין גאנג קיינמאָל קיין בייסיקייט אין א ליטעראַרישער פּאָלעמיק. בלייבנדיק אלע מאָל אויף דער אקאדעמישער הייך, אזוי צו זאָגן איז ער געבליבן, לפחות, איבער שטה פון יידישער ליטעראַטור-קריטיק דער אומדיסקוטירלעכער רבי און מורה דרך.

אין אויב מען האָט געקענט אויסזעצן קעגן ניגערס שטעלונגען אין פאר-שידענע יידישע פראגן, איז, אָבער, געווען צו זען זיין לכל-הדעות׳דיקע מייס-טערשאפט אלס ליטעראַטור-קריטיקער. צי האָט מען מסכים געווען, צי ניט מיט זיינע פּסקי-דין וועגן דעם און יענעם יידישן דיכטער, איז, אָבער, געווען צו זען, אז ער איז א היימישער אין דעם „בית היוצר“ פונעם שרייבער און דיכטער, אז פאר אים זיינען אָפן אלע אינטימע קעמערלעך פון דעם דיכטערס נשמה, ווי ער איז א בקי אינעם פּראָצעס פון דעם קינסטלערישן געבוירט, אָנהויבנדיק פונעם סאמע עמבריאָן. די יידישע ליטעראַטור און דער יידישער לייענער פאר די לעצטע פערציק יאָר די פערציק יאָר פון ניגערס טעטיקייט -- האָבן גאָר ניט געקענט געמאָלט זיין אָן ניגערן. משפטנדיק לויט דער צואה פון אונדזער גרייסן שלום עליכם, אין וועלכער ער הייסט זיין פאָלק לאכן, קענען מיר זאָגן, אז שלום עליכם גופא האָט זיך ייינקער פארשטאנען און וויניקער געשעצט אידער זיין מאָדערנער לייענער, וואָס האָט אים געזען דורך ניגערס פּריזמע.

הגם די יידישע ליטעראטור איז אין איר גרעסטן רוב א פאָלקס-ליטעראטור און מען האָט ניט נויטיק קיין טויכער-מכשירים, כדי זי צו דערגרונטעווען, איז דער פירוש רש״י, וועלכן ניגער שטעלט מיט זיך פאָר אין איר, געווען און בלייבט א געבענטשטע דערשיינונג. ווי קלאָר עס זאָל ניט זיין אונדזער יידישע ליטעראטור, אין פּראָזע און אין פּערזן, ווערט זי קלאָרער, רייכער, פארביקער אונטער דער שיין, וואָס ניגער וואַרפט אויף איר. ספּעציעל איז דאָס געזאָגט געוואָרן וועגן א לייוויק, וועלכער ווערט, אגב, מיט ניגערס פירוש אין בוך-פאָרם ניט דערשעפּט. אָבער שוין דאָס בוך, וואָס ניגער האָט געווידמעט זיין לעבנס-פריינד, ה. לייוויק, גיט אים א גאָר־בכבודיק פּלאַץ אין דער יידישער ליטעראטור, בלייבנדיק פאַרזיכערט, שוין א דאנק זיין דערמאָנטן ווערק, מיטן זעלבן אריכות ימים, וואָס איז באַשערט דער יידישער ליטעראטור.

ש. ק.



# הונדערטסטער געבוירנטאָג פון זיגמונד פרויד

וואָס קען געשריבן ווערן צום הונדערטסטן געבוירנטאָג פון זיגמונד פרויד, וואָס איז נאָך ניט געשריבן געוואָרן?

א גאנצע ליטעראטור איז אויפגעשטעלט געוואָרן אין די פארשידנסטע לשונות ארום אָט דעם מאגישן נאָמען, וואָס איז פארבונדן מיט איינער פון די גרעסטע איבערקערענישן אין דער מענטשלעכער קולטור-געשיכטע.

אמת, ניט אלע, וואָס האָבן געזאָגט זייער וואָרט וועגן זיגמונד פרויד, זיינען געווען זיינע אומקאָנדיציאָנעלע אָנהענגער. אויב הייניקע האָבן זיין לערע פארוואָרפן, זיינען אָבער פאראן פיל קריטיקער פון זיין ווערק, וואָס באגרינדן זייער קריטיק אויפן יסוד פון ערנסטע שטודיומס. זיינע אייגענע תלמידים האָבן אים איינציקווייז פארלאָזט, כדי איפצושטעלן אייגענע שיטות. אין דער פּסיכאָלאָגיע פון מענטשן און פעלקער. זיין תלמיד **אדלער** גייט גאָר אהועק אזוי הייט, אז ער גיסט אָפּ מיט הייסן יעדן איינעם, וואָס וואגט אים צו באטראכטן אלס פרוידס א תלמיד. אָפּגעזען, אָבער, פון דעם אלעמען, איז פרויד געווען און בלייבט דער פאָטער פון דער איבערקערעניש, וועלכער עס האָבן שפּעטער געדינט סיי **אדלער**, סיי **יאנג** און סיי **שטעקל**, און פיל אנדערע, וועמענס נעמען ציילן זיך אין אלע לענדער און פעלקער אין די טוצן.

פרויד האָט באאיינפלוסט ניט בלויז די מעדיצינישע וויסנשאפט און קליני-שע פּראקטיק, נאָר דעם גאנצן מאָדערנעם געדאנקען-גאנג, און גאָר באזונדערס די קונסט, אויף אלע אירע צווייגן. דאָס איז שוין אפילו אלגעמיין-באקאנט, אָבער די איבערהזרונג דערפון וועט מסתמא געמאכט ווערן אויך צום 200-סטן געבוירנטאָג פון זיגמונד פרויד, ווייל וואָס ווייטער אלץ מער וועט באגריפן ווערן די באדייטונג פונעם דאָזיקן אומפארגעסלעכן פאקט.

אנדערש — קען מען, אָדער דארף מען זאָגן — איז געווען דער געדאנקען-גאנג ביז פרוידן, און אנדערש איז ער אָנהויבנדיק פון דעם טאָג, ווען עס האָט זיך געלאָזט הערן די געוואגטע שטים פון אָט דעם ווינער ייד.

ס'לאָזט זיך אפילו אָנווײַזן בנוגע פרויידן דעם פּאַראַדאָקס, לויט וועלכן זיין לערע האָט מיט זיך געבראַכט דאָ און דאָרט קרבנות. ניט נאָר וואָס עס זיינען אויפגעקומען ביי נאָרמאַלע מענטשן די פאַרשידענע קאָמפּלעקסן, וועגן וועלכע עס איז אַ רייד אין פרויידס ווערק, נאָר עס זיינען אויך געקומען ראָמאַניסטן, וואָס האָבן זייערע העלדן געפירט אויף דעם וואָס-מער-געפערלעכן פרוידישן שטריק, עס זיינען אויך אויפגעקומען פסיכאָאַנאַליטיקער, וואָס האָבן ניט ווייניק שאָדן געבראַכט אין זייערע קלינישע אַפּליקאַציעס פון דעם נייעם הייל-מעטאָד. אין תוך אָבער, איז פרויידס לערע געווען אַ ברכה סיי אין דער קלינישער פּראַקטיק, סיי אין וואָס איז שייך דער זעלבסטבאַהערשונג פון נעוורואַטיקער, וועלכע האָבן זיך אַליין דערשלאָגן צו דער סיבה פון זייער איינגערעדטער חולאת, און זיך באַפרייט פון איר, און סיי אין וואָס איז שייך דער קונסט, וועלכע האָט אויפגעהערט אַרויסצושטעלן דעם נעוורואַטיקער ווי אַ **זעער**, אָדער אַ „געטראָפענער פון גאָטס האַנט" צו גאָטס שליחות. ווי דער ייד **מאַרקס** (אָן צו מאַכן מיט אים דעם גאַנצן וועג) האָט אַראָפּגעריסן די קרוין פון די ווילהאָבנדיקע און מאַכט-האָבנדיקע עלעמענטן פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט, באַווייזנדיק זיי איז זייער אייגנטלעכן ליכט, אַזוי האָט פרויד אַראָפּגעריסן דעם שלייער פון די פאַרשידענע חולאתן, וואָס האָבן געגאָלטן אַלס הימלישע, צי געטלעכע אינספּיראַציעס.

ווען אפילו מיר זאָלן אינאיינעם מיט **אַדלערן** איינזען, אַז די „ליבידאָ" (דער סעקסועלער טריב), וועלכע פרויד האָט גענומען אַלס שליסל צו דער מענטשלעכער פסיכיק, איז ווייט ניט די איינציקע טרייב-קראַפט, קענען מיר זי, אָבער, ניט מבטל זיין אַלס אַזעלכע. סוף כל סוף איז דאָך די וויכטיקסטע מענטשלעכע פונקציע, אין הסכם מיט די מין-באַדערפעענישן, דער „פּרו ורבו", און ווען אפילו די ציבורדיקע נטיה זאָל אויך זיין אַ וויכטיקער גורם אינעם מענטשלעכן לעבן, איז דאָך (ציבורדיק געקוקט אויפן מענטשן) די „ליבידאָ" אויך דער מקור (ווען אפילו אַ בלינדער) פונעם ציבור.

פרויד איז בייגעשטאַנען אַלע אַנטיסעמיטישע רדיפות, אַלע קנאה-מאַניפעסטאַציעס פון פאַך-קאָלעגן און סתם ניט-פאַרגינערישע עלעמענטן פון אַלע וויסנשאַפטן און קונסטן. ער האָט דערפאַר געהאַט צו דאַנקען אין ערשטער ריי דער יידישער האַרטנעקיקייט, ווי עס זאָגן עס איצט אַלע זיינע באַווונדערער אין אַלע שבעים לשונות; אויך, אָבער, ניט אין דער לעצטער ריי זיין געבענטשטן אָרגאַניזם, וואָס האָט אים ווי על פי יידישער השגחה, געדינט פאָטערלעך געטריי, ווי דאָס שטעלט פעסט זיין אינטימער פריינד, **סטעפאַן צווייג**. ער האָט געגאָסן פון דעם בעסטן געזונט — זאָגט צווייג עדות אין זיין פרויד-ביאָגראַפיע. ער האָט געקענט, ווען פאַרמאַטערט, זיך צולייגן אויף צען מינוט, כדי אויפצושטיין אַ באַנייטער, און אויפגעפרישטער. צווייג דערמאָנט עס מיט אַ קוים-פאַרבאַהאַלטענער קנאה, ווייל ער האָט, קענטיק, ניט גענאָסן פון אָט דער גאָב. ווייניק מענטשן שטייען אויף פון שלאָף, ווי עס איז געווען דער פאַל מיט פרוידן, באַנייטע, אויפגעפרישטע. דאָס מיינט, אָבער, אַז פרויד האָט זיך ניט גענומען

שטארק צום הארץ די בלוט-אָנפאלן פון זיינע פארלוימדער. ער האָט זיי, לפחות, איינגעשלאָסן אינעם ענגן פראָפעסיאָנעלן שטח, באפרייענדיק זיך פון זיי מיטן אוועקלייגן די טאָג-ארבעט.

פונדעסטוועגן איז פרויד ניט ארוים אינגאנצן אומבאשעדיקט פון די אָנגריפן, וואָס זיינען אויף אים געמאכט געוואָרן. עס האָט זיך ביי אים געבילדעט, ווי ער איז זיך אליין מודה, א געוויסער אינפעריאָריטעט-קאָמפּלעקס, פון וועלכן ער האָט זיך לויז געמאכט בעת זיין ווײַלן א צייט אין לאָנדאָן, ווו די פרייהייט-לעבע אטמאָספער האָט אים פאַרהיילט די דאָזיקע ווונד. עס הייסט, אז עס זיינען פאראן קאָמפּלעקסן, וועלכע ווערן ניט באזייטיקט בלויז מיטן וויסן געוויסער סיבה, נאָר מען מוז אוועק פונעם אמביענט, ווו זיי האָבן דעם נויטיקן שפייז זיך צו נערן.

און אויב פרויד איז אפילו נכשל געוואָרן אין סוף פון זיין לעבן מיט א ווערק, וואָס האָט אים ווייניק כבוד פארשאפט און ווייניק נחת רוח געבראכט זיין פאָלק אין סאמע מיט פון זיין גרעסטער טראגעדיע, איז דאָס געווען א פּראָדוקט פון זקנה. זיין געבענטשטער אָרגאניזם, וואָס האָט אים באהיט פון אלדאָס בייז, האָט אים צום סוף אָפּגעטאָן א שפיצל. וועלן מיר שוינען זיין ליכטיקן אָנדענק צום הונדערטסטן געבוירנטאָג, פארגעסנדיק דעם פּראָדוקט פון זיין זקנה.

אין מזל לישראל, און פונקט ווי דער ייד בערגסאָן האָט צום סוף פון זיין לעבן זיך באקערט אויף א ווייל צום קריסטנטום, כדי ווידער אויסצוקומען אונטער היטלערס ממשלה אין פאריז, אזוי האָט דער לעבנסלענגלעך-דעקלארירטער ייד, פרויד, צום סוף פון זיין לעבן אונדז דערלאנגט א ביטערע „פיל״ אראָפּצושלינגען מיט זיין ווערק „משה״. ווי געזאָגט, אָבער, איז דאָס ניט בכח צו פארטונקלען די ליכטיקייט פון זיין געדאנק, פון זיין שאפן, פון זיין סטיל. זעלטן ווען עס פאלן צונויף ביי איין און דעם זעלבן מענטשן אָט די מעלות. זעלטן ווען אן איבערקערעניש פון דעם פארנעם האָט אזא ליכטיקן געבורט. געוווינט ווי מען איז צו איבערקערענישן פון פארנעפלטן געבורט, האָט מען אפילו ניט געקענט משיג זיין, אז אן אנטדעקונג פון דעם פארנעם זאָל באגלייט זיין פון אזא פשטות. מען האָט פשוט ניט געוווּסט, אז פרויד איז דערביי געטריי געבליבן דעם אלט-יידישן איינשטעל, וואָס זאָגט: דברה בלשון בני אדם. פרויד איז ניט מער — כאָטש אויך ניט ווייניקער — ווי רש״ים אן איניקל, וואָס האָט ניט אין אויג די יחידי-סגולה, נאָר דעם מין מענטש, וואָס דאַרף אויפגעקלערט ווערן פאר זיין טובה און הנאה וועגן.

וואָס ווייטער א דור, אלץ העכער וועט שטייגן פרוידס-מאָנומענט צוליב טאקע דער דאָזיקער פשטות, א דאנק וועלכער זיין לערע איז געוואָרן אן אלגעמיינער קנין.

ש. ק.



# היינריך היינע

(צו די הונדערט יאָר נאָך זיין טויט)

די פרילינג-ווינטן וואָס האָבן זיך דעמאָלט געטראָגן איבער צענטראל און מערב-אייראָפּע האָבן גענומען רייסן די טויערן און מויערן פונעם געטאָ. און ווען די פרישע לופט האָט גענומען אריינשטראָמען אינעם איזאָלירטן יידישן לעבן האָט דאָס וואונדער-קינד פונעם געטאָ, היינריך היינע, א פארכלינעטער פונעם ליבעראליסטישן גייסט וואָס האָט באהערשט די נאָך-נאפּאָלעאָנישע תקופה, זיך געוואָרפן א דורשטיקער צו אייראָפּעס קולטור-קוואלן. און כדי זיך דערשלאָגן צו די טויערן פון הויך-בילדונג האָט דער יונגער היינע זיך ניט אָפּגעזאָגט אפילו פון שמד — אן אקט וואָס ער האָט דאָס גאנצע לעבן זיינס באדויערט.

צווישן אדוואָקאטור און קאָמערציעלער טעטיקייט וואָס זיין פעטער סאלאָמאָן היינע, דעמאָלט-בארימטער יידישער באנקיר, האָט אים צודרינגלעך געראָטן, האָט דער יונגער אקאדעמיקער אויסגעקליבן א דריטן „פאך" — דאָס איז פּאָעזיע, ווייל אים איז באשערט געווען צו ווערן איינער פון די גרעסטע פּאָעטן אינעם 19-טן יאָרהונדערט.

דער סובטעלער ליריזם און אינאָוואטארישער סטיל פון זיינע „יוגנט-לידער" ציט די אויפמערקזאמקייט פון דער ליטעראטור-קריטיק. ער וואקסט און מיט אים וואקסט דער כח פון באאָבאכטן מענטשן און פאכן, וואָס דריקט זיך אויס אין זיין איבערראשנדיקער שארפער סאטירע.

ער דערזעט דעם דייטשישן פיליסטער אין זיין גאנצער נאקעטקייט. און פון זיינע צארטע לירישע געזאנגען גייט דער פּאָעט איבער צו פּאָלעמישע ארטיקלען און פעליעטאָנען, ווו ער שניידט שטיקער, דורך זיין בייסיקן הומאָר, פון דייטשישן באַלעבעסל. דער אינטעליגענטער דייטשון שטעלט א ווידערשטאנד, דערגייט אים די יאָרן. דער דיכטער דערזעט — לויט פארשידענע אילוזיעס אין זיינע שריפטן — אין דערדאָזיקער מיטלמעסיקייט דעם פּאָרגייער פון די נאצי־יונגען פון אונדזערע טעג. געצוווּנגען צו פארלאָזן דייטשלאנד באזעצט זיך דער פּאָעט אין פאריז.

די פראנצויזן פון זיינע טעג רופן אים אָן דער „דייטשישער ראבעלעי", אבער ניט קיין ראָבעלעאישער געלעכטער, אויך ניט די וואָלטערישע איראָניע

קלינגט אין זיין שניידיקער סאטירע. די פראנצויזן האָבן ניט פארשטאנען אז ער איז דאָס קינד פון א פארפאָלגטער אומה, האָבן ניט געוווּסט אז אין היינריך היינע האָט ארויסגעלאכט דער אין הורות־אָנגעזאמלטער צער־און־צאָרן פון דער יידישער נשמה. דורך אים האָט זיין אומה געשפּאָט און געלאכט פון אירע פארפאָלגער, באפרייט, דורך זיין און געלעכטער, דעם פראָטעסט־אויסגעשריי פון די אינהיביטיווע כוחות.

אין פאריז שרייבט ער זיין גאליקע „אטא־טראָל", ווו ער רעכנט זיך אָפּ מיט זיינע דייטשישע שונאים. א שפּילעוודיק מעשה'לע אין פערזן וואָס ער ווארפט די דייטשישע פּאָליטיקער. א מעשהלע ווו דער בער רייסט זיך אָפּ פון זיין דרעסירערס קייט, אנטלויפט אין די בערג און לאכט: „העי, איר מענטשעלעך, וואָס פארדרייסט איר אזוי הויך די קעפּ, בעת אין זיי ווארצלען די נידעריקסטע מחשבות".

ער ווערט דער „אנפאן טעריבל" פון איראָפּע און זיין שפּיציקע פעדער שאָנעוועט ניט אפילו דעם יופיטער פון ליטעראַרישן פארנאס, וויקטאָר הוגאָ אליין.

יאָרנלאנג האָט א שווערער פאראליז געהאַלטן דעם גרויסן דיכטער צוגעשמידט צום בעט. און פונדאָזיקן בארימטן „מאטראצן־קבר", אין א פאריזער מאנסארדע, האָט מעכטיק ארויסגעדונערט זיין געלעכטער, וואָס זיין עכאָ איז פארבליבן אויף הורות, א געלעכטער וואָס האָט אזש דעם שלאָף פון די געבעלסעס געשטערט.

באגלייט מיט זיין אָנגרייפערישער סאטירע, שרייבט ער, אינדאָזיקן טראגישן פעריאָד פון זיין לעבן, זיין „ראָמאנצעראָ" ווו זיין לירע שפּילט אויס די באצויבערנדיקסטע טענער פון שטילן געמיט. דאָס איז די „אפעקטיווע אמביוואלענץ" א באַקאַנטע דערשיינונג אינעם קינסטלערישן שאפן; דער ראשיקער איבערגאנג פון איין עקסטרעם צום צווייטן, פון געוויין צו געלעכטער, האָס צו ליבע, פון עלעגיע צו סאטירע א. א. וו.

צום דאָזיקן פעריאָד פון זיין שאפן געהערן אויך זיינע בארימטע „יידישע מעלאָדיעס" ווי „בת־מלכה־שבת", „דער רבי פון באכראך" — „יהודה בן הלוי", ווו דער דיכטער פארהערלעכט די גרויסקייט און שיינקייט פון יידישער התנהגות, מאָראל און עטיק.

**„העי, איר גלאַטע זאלן, גלאטע זין און גלאטע טעכטער**
**פון דעם בארג ארונטער הערן זאָלט איר מיין געלעכטער**

אזוי הונערט דער דיכטער. דערמאָנט עס אונדז אין זיין בארימטער סענטענץ איבער משה רבינו אז „דער בארג סיני איז געווען צו קליין פאר משהן" — א סענטענץ וואָס קאָן פאראפראזירט ווערן, אז דער פאריזער מאָנמארטר, פון וואנעט ס'האָט זיך געקייקלט זיין געלעכטער, איז געווען צו קליין פאר דעם גרויסן היינריך היינע.

פ. פ.

# דר. יעקב שאצקי ז״ל

א שווערע אבדה האָט געליטן די יידישע וויסנשאפטלעכע ליטעראטור מיט דער פטירה פון דר. יעקב שאצקי ז״ל. צווישן די גרויסע נעמען פון דער יידיש־וויסנשאפטלעכער אקטואליטעט האָט געגלאַנצט דער דאָזיקער נאָמען, און עס וועט ניט זיין קיין מליצה, ווען מיר וועלן זאָגן, אז ער האָט געלאָזט נאָך זיך אן אומדערזעצלעכן בלויז. וועגן זיין פלאץ אין דער היסטאָרישער וויסנשאפט, אין וועלכער דר. יעקב שאצקי איז געווען טעטיק אין משך פון זיין לעבן, האָבן שוין און עס וועלן נאָך אנדערע שרייבן באריכות. אויב פונדעסטוועגן מיר קומען ווידמען זיין אָנדענק די דאָזיקע שורות, איז עס כדי צו פארצייכענען דעם רו־שם, וואָס דער נפטר האָט געלאָזט אין בראזיל אין משך פון די איינציקע באזוכן זיינע אין נאָמען פון ייוו״אָ.

עס האָט זיך קודם כל געוואָרפן אין די אויגן זיין אויסערגעוויינלעכע בקי־אות, וועלכע האָט ניט פארפעלט זיך ארויסצושטעלן אויך בעת זיינע קאָנפע־רענצן, אָדער שמועסן פה אל פה סתם. און הגם עס פאסירט זעלטן אז בקיאות זאָל זיך פאָרן מיט חריפות, דארף געזאָגט ווערן, אז אין פאל פון דר. שאצקי האָט דער חריף שלום געמאכט מיטן בקי.

כבוד זיין אָנדענק.

# ה. רויזענבלאט ז״ל

עס דארף נאָך צוגעגעבן ווערן, אז די יידישע וועלט טרויערט דאָס יאָר אויך אויף דער פטירה פונעם דיכטער ה. רויזענבלאט, וועמענס ליבן אָנדענק מיר ערן מיט צער אויפן היימישן יידישן שטייגער: חבל על דאבדין!

